דר. ח. זשיטלאָווסקי

# געזאמלטע שריפטן

זעקסטער באַנד

# דער עקאָנאָמישער מאַטעריאַליזם
# און די נאַציאָנאַלע פראַגע

פאַרלאַג ה. בזשאָזאַ

וואַרשע 1932

# א י נ ה א ל ט:

# פאָרוואָרט

די אַרטיקלען, וואָס גייען אַריין אין דעם באַנד, זענען לאָגיש אויסגעבונדען איינער מיט דעם אַנדערן און בעהאַנדלען איינציגע וויכטיגע פּראָבלעמען פון דעם אידישען סאָציאַליזם.

אַז עס איז דאָ אַן אייגענער אידישער סאָציאַליזם מיט זיינע אייגענע פּראָבלעמען האָב איך צום ערשטען מאָל אַרויסגעזאָגט אין מיין רוסישער בראָשור „אַ איד צו אידען", וואָס מיט דער אידישער איבערזעצונג איהרער עפען איך דעם באַנד.

די רוסישע בראָשור אונטער דעם נאָמען „יעווריי ק' יעווריאַם" איז ערשיענען אין דעם יאָהר 1892 אין דעם „פאָנד פון דער פרייער רוסישער פּרעסע" („פאָנד וואָלנאָי רוסקאָי פּרעססי"), אין לאָנדאָן אונטער דעם פּסעוודאָנים י. האָפין.

אויף דער שפּיץ פון דעם פאָנד זענען יעמאָלט געשטאַנען: פ. וואָלכאָווסקי, ד. קעלטשעווסקי, ס. סטעפּניאַק, נ. טשאַיקאָווסקי, און ל. שישקאָ.

די אַרויסגעבער האָבען מיין בראָשור אַרויסגעלאָזען מיט זייער אַ פאָרוואָרט, וועלכען איך גיב דאָ איבער אין אַ בכמעט וואָרט־ליכער אידישער איבערזעצונג:

„די פאָרליעגענדע בראָשור שטעלט מיט זיך ניט פאָר די בליקען פון די אַרויסגעבער אויף דער אידישער פראַגע, ווענען וועל־כער עס ווערט געפּלאַנט אַרויסצולאָזען, אויב די אומשטענדען וועט לאָזען ערלויבען, אַ בעזונדער בראָשור. אונז דוכט, אַז דער פערעהר־טער מחבר איז צו זעהר פאַרדערליך צו זיינע קאָמפּאַטריאָטען און איז צו זעהר גוטה, צוליעב דעם געוואונשענעם, אַרויסצולאָזען פון אויג דאָס מעגליכע ביי די געגעבענע סאָציאַלע און פּאָליטישע בע־דינגונגען. מיר דענקען ניט, אַז זיין בליק אויף דער ראָליע פון דער אידענשאַפט אין מעריב־אייראָפּע און רוסלאַנד שטימט צונויף מיט דעם היסטאָרישען אמת. אָבער עס איז בלעבען ניט נויטיג צו

צונעבען, אז סיי זיין היצינע קריטיק, סיי די שטרענגקייט פון זיינע פאָרדערונגען, וואָס זיינען אַ רעזולטאַט פון זיין הייסער ליעבע צו זיין שטאַם, שמעלען, נאָך אונזער מיינונג נאָך, מיט זיך פאַר ניט די לעצטע מעלה פון אַט דער רעכטשאַפענער („דאָבראָסאָוויעסט־נאַוואַ") ארביים".

פון דעם פאָרוואָרט זעהט דער לעזער, ווי פרעמד עס האָבען יעמאָלט געקלונגען די געדאַנקען און פאָרדערונגען, וואָס זענען ארויסגעזאָגט געוואָרען אין יענער בראָשור, אפילו אין די אויערן פון די ראַדיקאַלסטע רוסישע רעוואָלוציאָנערען.

ערשט נאָך אַ לאַנגען קאַמף זענען זיי געוואָרען היימיש אין דער אידישער און דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער וועלט, און ערשט די איצטיגע גרויסע און גלענצענדע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד וועט שאַפען די מעגליכקייט צו פערווירקליכען זיי אין לעבען.

איך וויל דאָ אויסמערקזאַם מאַכען אויף אייניגע גרונד־געדאַנקען, וואָס דער „אַ איד צו אידען" האָט צום ערשטען מאָל ארויסגעזאָגט אין דער אידישער רעוואָלוציאָנערער פובליציסטיק:

1) די פראָקלאַמירונג פון דער זעלבסטשטענדיגקייט פון דעם אידישען פאָלק („מיר זענען ניט קיין 4% פון וועמען עס איז אַן אנדערן, נאָר 100% פון זיך אליין").

2) סאָציאַליזם און נאַציאָנאַליזם זענען ניט קיין היפוכים.

3) די אינטערעסען פון די ארבייטער און די פויערים זענען סאָלידאַריש און אַ סאָציאַליסטישע פאַרטיי דאַרף פערטיידיגען ביידע: דער ערשטער ארויסטריט פון די רוסישע סאָציאַליסטען־רעוואָלוציאָנערען.

4) די פראָקלאַמירונג, אז עס איז דאָ אַן אידישער ארבייטער קלאַס אין רוסלאַנד, ממילא אַ פלאַץ פאַר אַ אידישער ארבייטער־פראַגע, אַ אידישער ארבייטער בעוועגונג און אַ אידישען סאָציאַליזם.

5) דער אונטערשייד פון דעם מעריב־אייראָפעאישען און דעם רוסישען יודענטום, און די קריטיק פון דער מעריב־אייראָפעאישער עמאַנציפּאַציע.

6) דער צונויפבונד פון רוסישע רעוואָלוציע און אידישע בע־פרייאונג; די נויטיגקייט זיך צו בעטייליגען אין דעם רוסישען רע־

וואָלוציאָנערען קאַמף, ווי אַ אידישע נאַציע, און אין דער סאָציאַ־ליסטישער בעוועגונג, ווי אַ אידישער ארבייטער־קלאַס.

7) די סאָציאַליסטישע קריטיק פון דעם אידישען עקאָנאָמי־שען לעבען און זיין פּאַראַזיטישען כאַראַקטער. די נויטיגקייט פון אַ אידישען אַ ג ר אַ ר ־ סאָציאַליזם.

8) די נויטיגקייט אַוועק צו שטעלען דאָס אידישע לעבען אויף די יסודות פון ארבייט און וויסענשאַפט.

9) די אידישע אינטעליגענץ דאַרף געהערען דעם אידישען פאָלק. קאַמף אַנטגעגען אַסימילאַציע.

10) מיר דאַרפען קעמפּפען פאַר ג אַ צ י אָ נ אַ ל ע גלייכ־בערעכטיגונג, ניט נאָר פאַר בירגערליכע.

צו די גרונד־פּרינציפּען בין איך געבליבען טריי אין דער גאַנ־צער צייט פון מיין טהעטיגקייט. די ענדערונגען וואָס זענען אין דעם משך פון פינף און צוואַנציג יאָהר פאָרגעקומען אין מיינע אַנשויאונגען, האָבען געבראַכט מיט זיך ניט קיין אָבלייקענונג, נאָר אַ פערשטאַרקונג, בערייכערונג און פערטיעפונג פון יענע גרונד־פּרינציפּען, וואָס איך האָב ארויסגעזאָגט אין דעם „אַ איד צו אידען“.

איך רעכען, אַז דער גאַנצער באַנד מעג טראָגען דעם נאָמען פון מיין ערשטער רעוואָלוציאָנערער ארבייט, וואָס פייערט אין דעם ערשטען יאָהר פון דער רוסישער פרייהייט איהר פינף און צוואַנציג־יעהריגען יוביליאָום.

ניו־יאָרק, אַפּריל 1917. אין דעם צווייטען חודש

פון דער רוסישער רעוואָלוציע.

# 1.

דאָס גאַנצע לעבען פון דעם אידישען פאָלק שטימט ניט צע־נויף מיט דעם אידעאַל פון פיזישער, גייסטיגער און מאָראַלישער געזונטקייט. די געזעצגעבונג וועגען אידען אין רוסלאַנד שטימט ניט צענויף מיט די אידעאַלען פון געזעלשאַפטליכען יושר. אויס־געפינען די מיטלען און וועגען, ווי אַזוי ראַדיקאַל איבערצובויען דאָס אידישע לעבען, עס זאָל ווערן ווידער געזונט, און ווי צו רעפאָרמירען די געזעצגעבונג וועגען אידען זי זאָל ווידער צע־נויפקלינגען מיט די פאָדערונגען פון יושר, — אט דאָס הייסט פערענטפערן די אידישע פראַגע אין רוסלאַנד.

צום אומגליק און צו דער שאַנדע פאַר אונזער צייט הענגען זיך פערשיידענאַרטיגע רעאַקציאָנערע עלעמענטען פון דעם סוף געיענצעהנטען יאָהרהונדערט דער׳שכל׳ט צו אַזא שטאַנדפונקט אין אונזער פראַגע, וואָס רוקט זיי אוועק שיער ניט אויף א יאָהר פינף הונדערט צוריק. אין דעם אידישען פאָלק זעהען זיי ניט מעהר ווי א מחנה ווילדע פאַראַזיטען, מיט וועמען מען מוז פיהרען א קאַמפף אויף לעבען און טויט, און די גאַנצע אידישע פראַגע ווערט ביי זיי פערוואַנדעלט אין א פּראָבלעם, ווי אַזוי אויסצוגעפינען די בעסטע קאַמף־מיטלען אנטקעגען די דאָזיגע ווילדע ברואים.

אויסטערליש געראָטענע עקזעמפּלאַרען פון יענעם מין רע־אַקציאָנערען געפינען זיך איצטער ביי אונז אין רוסלאַנד. פאַר זיי, ווי אויך פאַר זייערע אָנהענגער, וועמען זיי פיהרען פאַר׳ן נאָז, בעד שטעהט דער תמצית פון דער אידישער פראַגע נאָר אין דעם אליין, ווי אַזוי צו פערטיידיגען די פעלדער פון דעם רוסישען דאָרפסמאַן פון יענע אָנפאַלען, וועלכע די פרעס־גיריגע פאַראַזיטען מאַכען אויף זיי.

אַזא מין בעהאַנדלען די אידישע פראַגע האָט, פערשטעהט

זיך, זעהר שעדליך זיך אָבגערופען אויף אונזער לאגע אין רוסלאנד. מיט א שטילען הסכם ווערט אָנגענומען פון אלע צדדים, אז די וויכטיגסטע פּאָזיציעס אין אונזער פּראָבלעם זענען פערנומען דורך די שטרייט־קרעפטען פון די יודאָפּאָבען און אז די הויפּט־אויפגאבע פון די פריינד פון דעם אידישען פּאָלק איז: צו זעהן מיט אלע כחות צו צערשמעטערן און איינצונעהמען די דאָזיגע פּאָזיציעס.

ניט קוקענדיג דערויף, וועלען מיר אין אונזער היינטיגער ארבייט זיך כמעט א ברעקעל ניט בעשעפטיגען מיט די טענות פון די אנטיסעמיטען. מיר וועלען זיך אביסעל אָבשטעלען נאָר אויף איין איינציגען פונקט, — אויף איינער פון די שטאַרקסטע פּאָזיציעס, וואָס די יודאָפּאָבען האָבען בעפעסטיגט, ווייל דער דאָזיגער פונקט איז זייער א וויכטיגער פאַר דער אידישער פראַגע אויך אין דעם זין אויפהער׳ן, וואָס מיר האָבען אָנגענומען אויבען. דאָס איז די פראַגע וועגען דעם, וואָס אזוינס שטעלט מיט זיך פאָר די אידישע אומה אין רוסלאנד: איז דאָס אן ארביטאַרישע מאַסע, ווי אלע פעלקער פון אונזער פאָטערלאנד, אָדער ניט מעהר ווי א סוחריש־אינדוסטריעלער שטאנד, וואָס די אידעאלען און די פאָדערונגען פון דער ארבייט קאָנען קיין מאָל ניט אריינדרינגען אין איהם?

די פראַגע איז נאָך עד היום ניט אָבגעקלעהרט, סכסוך׳דיג און אפּט־מאָל פאלש פערענטפערט, און שולדיג אין דעם זענען ניט נאָר די יודאָפּאָבען. אויך די יודאָפילען האָבען א היבשען חלק אין דער שולד.ביידע צדדים האָבען כלל ניט אָבגעלייקענט דעם סוחריש־אינדוסטריעלען כאראקטער פון דאָס רוב אידישע בעפעלקערונג. מעהר נישט, די יודאָפּאָבען טענה׳ן אָהן אן אויפהער, אז די הענדלערישע ווירקונג פון די אידען איז אן אומגליק פאַר׳ן לאנד, בעת די יודאָפילען ווערן ניט איינגעמאטערט צו בעווייזען, אז אזא בליק איז לגמרי פאלש, אז, אדרבה! א גאנצער שטראָם פון גליקען וועט זיך אויסגיעסען אויף אונזער לאנד, וואו נאָר מען וועט אָבשאפען אלע גרעניצען, וואָס ענגען־איין די סוחריש־מעקלערישע טהעטיגקייט פון די אידען.

די יודאָפּאָבען זענען די פערטרעטער פון דער רוסישער קלייר־

נער און מיטעלער בורזשואַזיע, וועמען עס איז אַזוי שווער צו פיהרען דעם עקאָנאָמישען קאַמף אַנטגעגען דעם אידישען סוחר, דעם מעהר ענערגישען, מעהר אויפטהוערישען. און דערפון נעהמען זיך זייערע געשרייען וועגען „דעם אַנפאַל פון די זשידעס“. די יודאָפילען וויעדער האָבען אין זינען כמעט ניט מעהר ווי די אינטערעסען פון די אידישע סוחרים און בעל־מלאכה׳ס, — אַ קלאַס פון מענשען, וואָס מוז, אונטער דעם קאָנקורענץ־דרוק אין דער אייגענער סביבה, זיך בענוגענען מיט אַ קלענערען ריוח, איידער דאָס טהוען די ניט אידישע סוחרים און בעל־מלאכה׳ס, — און דערפון שטאַמען די געשמוסערייען אַהן אַ סוף וועגען דער רעטונג פון דעם פאָטערלאַנד דורך די אידען.

דאָס אידישע פאָלק, — דער פשוט׳ער האַנד־אַרבייטער, דער ערד־גראָבער, דער טרעגער, דער שטיין־האַקער און אַזוי ווייטער, און וואו עס איז נאָר מעגליך, דער ערד־אַרבייטער, — אָט דער גאַנצער אידישער פּראָלעטאַריאַט איז ערגיץ וואו אין גאַנצען פערשוואונדען פון דעם האָריזאָנט פון דער אידישער פראַגע און האָט געמוזט ערשט נאָר אין דער לעצטער צייט „ענטדעקט“ ווערן פון אַ רוסישען פאָרשער, דעם בעקאַנטען עקאָנאָמיסט, סובבאָטין.

ערשט נאָך אָט דער ענטדעקונג איז לסוף געוואָרען מעגליך צו געבען אַ קלאָרען, קאַטעגאָרישען ענטפער, אויף דער אויבען אויפגעשטעלטער פראַגע: יע, דער אידישער פאָלק אין רוסלאַנד איז אַן אַרבייטערישער פאָלק, ווייל אַ ריעזיגע מאַיאָריטעט פון איהם איז בעשעפטיגט כמעט אין אַלע צווייגען פון דער פיזישער אַרבייט.

אָט וואָס הערר מ. ל. פּעסקאָווסקי שרייבט וועגען דער דאָזיגער „ענטדעקונג“. אין הערר סובבאָטין׳ס בוך („אינ׳ם תחום המושב“) „געפינען מיר אַזאַ גרעלען בילד פון דער ריעזיגער פיזישער אַרבייט פון די אידען, אַז עס קומט אויס צו חדוש׳ן זיך, ווי אַזוי אָט די ערשיינונג האָט געקאָנט עד היום בלייבען כמעט אין גאַנצען אומבעקאַנט פאַר דעם לעזענדען פובליקום“.*)

אין דעם ליכט פון יענעם בילד, וואָס אונז גיט די אידישע

*) מ. ל. פעסקאָווסקי, ראַקאָוואַיא ניעדאָראָזומעניע. סט. פעטערבורג, 1891, ז. 335.

ארבייט, ווערט אין גאַנצען פערבלאַסט אונזער געוועהנליכע פטָר־ישטעלונג וועגען דער ראָליע, וואָס די אידען שפּיעלען אין זייער תחום המושב. הערר פעסקאָווסקי נעהמט אַזוי ווייט, אַז ער גע־פינט אפילו פאַר מעגליך צו מאַכען אויף דעם גרונד פון די עקאָ־נאָמישע פאָרשונגען אַזאַ קאַטעגאָרישע בעהויפּטונג: „אויב עס איז־יע דאָ עקספּלואַטאַציע אין דעם תחום המושב, איז דאָס די עקס־פּלואַטאַציע פון דער אין־לשער וואָלוועלער אידישער ארבייט. אין פערגלייך מיט די מאָסען פון אָט דער עקספּלואַטאַציע ווערט אין גאַנצען פערבלאַסט און פ ע ר ש ו ו א ו נ ד ע ן די אזוי אָנ־גערופענע „אידישע עקספּלאָאַטאַציע".*)

מען קאָן ניט זאָגען, אַז דער פאַקט, וואָס מיר האָבען אַ פּראָ־לעטאַריאַט, איז געווען אומבעקאַנט דער רוסיש־אידישער פּובליציס־טיק. דער מורא'דיגער עלענד פון דעם אידישען עולם האָט ניט געקאָנט ניט צושמיעדען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון איטליכען אויספאָרשער פון דעם אידישען לעבען, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ פונק יושר אין הארצען. אָבער אונזערע יודאָפילען קומען ארויס דאָס רוב פון דער אידישער בורזשואַזיע; מיט איהרע אינטערע־סען זיינען זיי דורכגעזאַפּט ביז צו דעם מארך פון די ביינער. און דעריבער האָבען זיי אין אַלע קרעבצען פון דעם פאָלק'ס צער געקאָנט קלאָר ארויסהערען נאָר די קלאָגען פון די סוחרים, וואָס שלינגען איינער דעם אנדערן איין אין דעם „תחום", און אויך די קלאָגען פון יענע פּראָקוראָרען און אָפיציערען, פּראָפעסאָרען און „טיטולאַרע בעל־עצה'ס" (אַזאַ רוסישער „טשין") אין פּאָטענ־ציא, וואָס זיי איז נעבעך ניט בעשערט צו זיין קיין פּראָקוראָרען, אָפיציערען, פּראָפעסאָרען און טיטולאַרע בעל־עצה'ס, מחמת זייער אומגליקליכער אידישער אָבשטאַמונג.

די „אין־לשער וואָלוועלע אידישע ארבייט", מיט וועלכער עס בענוטצען זיך, מעג מען מיינען, ניט דוקא קריסטען — און קריס־טען נאָך וועניגער פאַר אַלעמען, — נאָר אויך אידען, האָט ניט אריינגעטראָגען קיין ספּעציפישע נאָטע אין דעם הארמאָנישען כאָר פון די, אגב, זעהר גערעכטע פאָדערונגען, וואָס די רוסיש־

*) דאָרטען גופא, ז. 347.

אידישע פובליציסטיק האָט ארויסגעשטעלט. פאַר אַלע פּלאָנען פון דעם אידישען לעבען, — דלות און עם־הארצות, בעליידיגונגען און פערפאָלגונגען, דאָס, וואָס אייגענע און פרעמדע אונטערנעהמער זויגען די לעצטע ליחות ארויס, — פאַר דאָס אַלץ האָט זי נאָר איין רעצעפּט און איין האָפנונג: די פולע בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג פון די אידען מיט דער גאַנצער איבעריגער בעפעלקערונג.

אָבער אויף וועלכען אופן וועט דער פולבערעכטיגטער אידישער פּראָלעטאַריער, וואָס האָט זיין אייגענס ניט מעהר ווי די „אין־לשער וואָלוועלע" ארבייטסקראַפט, זיין ביכולת אויפהויבען זיך אויף אַ העכערער פיזישער און גייסטיגער מדרגה? ווער וועט איהם העלפען אין דעם? און וועט אפשר דער פולבערעכטיגטער אידישער אונטערנעהמער ווערן פאַר איהם אַקוראַט אזא ווילדע חיה, ווי יעדער אונטערנעהמער איז דאָס פאַר יעדען פּראָלעטאַריער? — מיט אַזעלכע פראַגען האָט די אידישע פובליציסטיק זיך ניט אָבגעגעבען און קלעהרט נאָך גאָר ניט צו פערטראַכטען זיך אויף זיי.*)

„דאָס איז דאָך נאָר די ארבייטער־פראַגע און ניט די אידען־פראַגע!" — וועט מען אונז ענטפערן. „ניט די אידען־פראַגע", וואָס וועגען איהר קאָנען שוין, ווי הערר פעסקאָווסקי פערזיכערט, ניט זיין קיין צוויי מיינונגען, וויל די וועגען און אופנים פון איהר פערענטפערונג „זענען שוין פעסטגעשטעלט זיכער און קלאָר סיי דורך די וויסענשאַפטליכע טעאָריע און סיי דורך די שטאַאטליכע פּראַקטיקע".*) עס פערשטעהט זיך, אז דאָ מיינט מען די וויסענשאַפטליכע טעאָריע און די שטאַאטליכע פּראַקטיקע פון די מעריב־אייראָפּעאישע לענדער; און וואו איז דאָס באמת געהערט געוועזען אז די אידישע פראַגע זאָל אין די מערב־אייראָפּעאישער לענדער זיין די אידישע ארבייטער־פראַגע?

— אָט דאָס איז די צרה, — ענטפערן מיר, — וואָס אונזערע יודאָפילען טאַנצען נאָך צו שקלאַוויש נאָך דעם „מעריב" אין זיין שטעלען די אידישע פראַגע. אָט דאָס איז די צרה, וואָס די

*) ביז צו דעם „יעוורייִ ק'יעוורעיאַם" איז דאָס פאַר רוסלאַנד געוועזען אות באות אמת. (1913.)

*) ד. ג. ז. 9.

גלענצענדע דרויסען־זייט פון דעם אידישען לעבען אין מערב האָט אזוי פערבלענדט זייערע אויגען, אז זיי גיבען זיך גאָר קיין ברעקעל טרחה ניט א טראַכט צו טהאָן וועגען דער שאלה: איז באמת די פולבערעכטיגונג געווען א גליק פאַר די אידישע מאַסען? וואָלטען די אינטערעסען פון דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט אויף־אַן־אמת'ן געשטאַנען אויף דעם ערשטען פּלאַן אין דעם יודאָפילישען פּראָגראַם, וואָלטען זיי, די יודאָפילען מיין איך, ניט גענומען אזוי אָהן א ברעקעל קריטיק נאָכטאַנצען נאָך דעם מערב־אייראָפּעאישען שאַבלאָן. זיי וואָלטען זיך אָבגעהיט פון יענע פאַטאַלע גרייזען אין דער אידישער פראַגע, וואָס האָבען געמאַכט די לאַגע פון דעם אידישען פאָלק אין מערב־אייראָפּא, — איך מיין דאָ ניט די רעכטליכע, נאָר די נאַציאָנאַלע, עקאָנאָמישע און גייסטיגע, — גאָר ניט אזוי גלענצענד, ווי דאָס דוכט זיך אונז געוועהנליך אויס...

דערפון, פערשטעהט זיך, איז נאָך גאָר ניט געדרונגען, אז מיר האָבען גאָרנישט ניט וואָס צו לערנען זיך ביי אונזערע מערב־אייראָפּעאישע ברידער. אדרבה, זעהר פיעל. קודם כל מעגען מיר זיך אָראָב נעהמען א מוסר פון זיי, ווי קלאָר זיי האָבען פערשטאַנען די לאַגע, ווי ריכטיג זיי האָבען געקאָנט אָבטרעפען, ווער עס איז אונזער פריינד און ווער איז אונזער שונא. אין דעם פרט האָבען מיר באמת א סך וואָס צו לערנען ביי די אידישע קעמפער פאַר דער גלייכבערעכטיגונג פון אונזער פאָלק.

דער ביישפּיעל פון מערב־אייראָפּא, האָט אַן אונגעהויערע בעדייטונג פאַר אונזער פראַגע אין רוסלאַנד, און דעריבער, האָפען מיר, וועט דער לעזער קיין פּאַראיבעל ניט האָבען, אויב מיר וועלען א ביסעל לענגער זיך אָבשטעלען אויף דער געשיכטע פון דער אידישער עמאַנסיפּאַציע אין אייראָפּא. בפרט, ווען דער דאָזיגער, אביסעל לענגערער אראָב־פון־וועג וועט אונז באמת א ברעקעל ניט אָוועקציעהען פון אונזער ענין, — ווייל אלץ, וואָס מיר האָבען צו דערצעהלען וועגען דער געשיכטע פון די אידען אין די מערב־לענדער, וואָלטען מיר זי ווי סיי געדאַרפט זאָגען וועגען דער אידישער פראַגע אין רוסלאַנד, נאָר מיט איין איינציגער נפקה־מיניה, וואָס אונזערע רייד וועגען רוסלאַנד וואָלטען געטראָגען אויף זיך דעם כאַראַקטער פון היפּאָטעזען און מעהר אָדער וועניגער ריכטיגע

השערות, בעת פאַר מעריב־אייראָפּאַ קאָנסטאַטירען זיי פאַקטען, וואָס זענען שוין אַריין געטרעטען אין לעבען, און בעשרייבען פּראָצעסען, וואָס האָבען שוין גענומען בולט אַרויסטרעטען.*)

.2

דער כאַראַקטעריסטישעסטער שטריך אין דער געשיכטע פון דער אידישער גלייכבערעכטיגונג אין די מעריב־לענדער בעשטעהט אין דעם אומשטאַנד, וואָס יעדע זעלבסט־הערשערישע אָדער אַפילו שטאַרק קאָנסערוואַטיווע רעגיערונג האָט מיט דער זעלביגער עקשנות זיך איינגעשפּאַרט אַנטגעגען דער אידישער גלייכבערעכטיגונג, מיט וועלכער זי האָט געקעמפט אַנטגעגען אַלע אַנדערע פרייהייטליכע פאָדערונגען פון דער בעפעלקערונג. אויף דעם גורל פון דער אידישער פראַגע איז היסטאָריש אויסגעפאַלען דער כבוד צו שטעהן אין איין צייל מיט די פראַגען וועגען פּאָליטישע פריי־הייט, וועגען בעשרענקען די מאַכט פון דעם זעלבסט־הערשער, וועגען פרייהייט פון געדאַנק, וואָרט און געוויסען.

די מאָנאַרכען אָדער די קאָנסערוואַטיווע רעגיערונגען פון דעם סוף אַכטצעהנטען און דעם אָנהויב ניינצעהנטען יאָהרהונדערט האָבען, אמת, אָפט מאָל ליעב געהאַט צו פערברענגען די צייט מיט „אויסבעסערן דאָס אידישע לעבען“, צונויפרופען קאָמיסיעס, אויס־הערען „געניטע מענשען“, אָבשאַפען דעם אָדער יענעם פונקט פון די בגרעניצונגען אָהן א צאָהל מיט וועלכע די אידישע רעכט זענען געוועזן אַרום גערינגעלט, אָדער אויף׳ס ניי אַריין פיהרען אין לעבען דעם אָדער יענעם פונקט פון די קאַרגע אידישע פּריווילעגיעס. אָבער די פולע בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג פון דעם אידישען פאָלק האָט מען געמוזט אַרויסרייסען פון זייערע הענד אין איינעם מיט דער זעלבסט־הערשערישער מאַכט: אויסגלייכען די אידען מיט דער איבעריגער בעפעלקערונג אין דער אַלגעמיינער פּאָליטישער אָהן־רעכטיגקייט איז זיי געוועזן אַקוראַט אַזוי שווער, ווי שענקען דעם פאָלק פּאָליטישע פרייהייט.

---

*) אין דער צייט, וואָס מיר איבערזעצען די דאָזיגע ווערטער, זעצען שוין די „היפּאָטעזען“ אויך פאַר רוסלאַנד געוואָרען לעבעדיגע פאַקטען און ווירקליכע פּראָצעסען. (1913.)

אָט דער צענויפבונד פון אידישע גלייכבערעכטיגונג זאון פּאָלי־טישע פרייהייט ציעהט זיך ווי א רויטער פאָדעם דורך דער גאנ־צער געשיכטע פון דער נייער צייט.

די רעוואָ ל י ו צ י אָ נ ע ר ע רעגיערונג פון קראָמוועל'ן מאכט די ערשטע שריט פאר דער עמאנסיפּאציע פון די אידען אין ענגלאנד. די ניעדערלענדישע אידען ווערען גלייכבערעכטיגט נאָר יעמאָלט, ווען די ניעדערלאנדען בעפרייען זיך פון דעם שפּאנישען דעספּאָטיזם. די בעפרייאונג פון צפון־אמעריקא פון אונטער דעם ענגלישען יאָך ברענגט מיט זיך די גלייכבערעכטיגונג פאר די אמע־ריקאנישע אידען. אין פראנקרייך האָט מען נאָך אונטער דער הערשאפט פון לודוויג דעם זעכצעהנטען א סך גערעדט וועגען „אויסבעסערן דאָס אידישע לעבען" און וועגען די מיטלען, ווי אזוי צו מאכען פון אידען „ניצליכע בירגער". אָבער די פולע גלייכבערעכטיגונג פון דער אידישער בעפעלקערונג מיט אלע אנ־דערע קינדער פון דעם לאנד ווערט פּראָקלאַמירט ערשט פון דער רעוואָלוציאָנערער „נאציאָנאלער פערזאמלונג", לויט דעם פאָרשלאָג פון דעם אבבאט גרעגואר, און דער ווארעמער אונטערשטיצונג פון ראָבעספּיערר'ן. אונטער דעם דרוק פון יענע רעוואָלוציאָנערע אי־דעען, וואָס האָבען, אין איינעם מיט די רעוואָלוציאָנערע מלחמות, אריבער געשפּרייזט די גרענעצען פון פראנקרייך, פאלען פאנאנדער די רעכטליכע באריערען צווישען אידען און ניט־אידען במעט אומעטום אין דער קאָנטינענטאלער איירעפּאַ: אין האָלאנד, בעל־גיען, די דייטשע פירסטענטימער, פרייסען, איטאליען.

אָבער ווי נאָר די קאָנטינענטאלע איירעפּאַ האָט גובר געווען די רעוואָליוציע, אזוי האָט דאָס רוב איינפלוסרייכע מלוכות, מיט עסטרייך בראש, גענומען אויף גיך ווידעראויפבויען די נאָר וואָס צוריסענע באריערען. די פּאָליטישע רעאקציע, וואָס איז אריין געט־רעטען אין לעבען, האָט געבראכט מיט זיך פאר די אידען בענייטע בעגרעניצונגען פון זייערע רעכט, און די בעגרעניצונגען פערשווינ־דען ווידער־א־מאָל ערשט מיט דער רעוואָליוציע פון דעם יאָהר 1848. דיזעלבינע געשיכטע שפּיעלט זיך אָב בעת דער פּאָליטישער רעאקציע פון די 50־גער יאָהרען. די אידישע גלייכבערעכטיגונג ווערט גאראנטירט אין די קאָנסטיטוציעס פון די איירעפּעאישע לענ־

דער. אָבער יעדער נצחון פון דער רעגיערונג איבער די פרייע אינסטיטוציעס פון דעם לאַנד רופט זיך אָב מיט אַ מפּלה אויף דער עמאַנסיפּאַציע פון די אידען.

דער קאַמף פון די קאָנסערוואַטיווע רעגיערונגען אַנטגעגען דער אידישער גלייכבערעכטיגונג הערט אויף סוף־כל־סוף נאָר יעמאָלט, ווען די פרייע אינסטיטוציעס פון אייראָפּאַ ווערען אויף זיכער איינגעפונדעוועט אין די 60־ער און 70־ער יאָהרען.

וואָס די ליבעראַלען און די דעמאָקראַטען האָבען, אין זייער קאַמף פאַר פּאָליטישע פרייהייט, ניט געמאַכט קיין חלוק צווישען אידען און ניט אידען, — אין דערינען, פערשטעהט זיך, שטעקט ניט קיין ברעקעל וואונדער. עס וואָלט געווען משונה ווילד זיך פאָרצושטעלען אַ פרייהייטס־קעמפער, וואָס זאָל אויף זיין פאָהן האָבען אָנגעשריעבען: „פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט... אין די גרעניצען פון דער הערשענדער געזעצגעבונג וועגען אידען!...“*)

דערפאַר איז אין דער אמת׳ן אַ חדוש־נפלא — יענע נאַטירליכע, איינגעבאָרענע שנאה צו אידען, וואָס כאַראַקטעריזירט יעדע אַבסאָלוטיסטישע אָדער קאָנסערוואַטיווע רעגיערונג, ווי אויך יענע עקשנות׳דיגע איינגעשפּאַרטקייט, מיט וועלכער די שנאה רייסט זיך ארויס, ווי נאָר זי בעגעגענט ניט אין לעבען קיין אָבהאַלט. אָבער ווי אַלץ אין דער וועלט, האָט אויך אָט דער חדוש נפלא זיינע דערקלעהרענדע טעמים.

ווען מיר זאָלען אפילו אַראָבוואַרפען פון חשבון די פּערזענליכע אַנטיפּאַטיע, וואָס דאָס רוב מאָנאַרכען פיהלען צו אידען, — אַן אַנטיפּאַטיע, וואָס האָט געקאָנט אַרויס וואַקסען ווי אַ פרוכט פון דער פערשימעלטער ערציעהונג אין יענער דומפּער אַטמאָספערע, אין וועלכער דאָס רוב מאָנאַרכען מוזען פערברענגען זייערע יונגע יאָהרען, — בלייבען נאָך איבער אַ סך אַנדערע, זעהר וויכ־

---

*) אַזאַ משונה־ווילדע ערשיינונג האָט די מענשהייט, צו איהר חרפּה, דאָך דערלעבט אין די יונגע יאָהרען פון דעם צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט ביי אַ סך ליבעראַלען און ראַדיקאַלען ניט נאָר אין רוסלאַנד און פּוילען, נאָר אפילו אין די מעריב־אייראָפּעאישע לענדער. (1913).

טיגע אורזאַכען פון דער אַללערהעכסטער רשעות: די אינטע־רעסען און אויסרעכענונגען פון דער זעלבסט־הערשערישער אינ־ווענינסטער פּאָליטיק.

די גענויי פון דער זעלבסט־הערשאַפט רוהט מיט אַ גרויסען טייל אויף דער אונוויסענהייט און אויף דעם רעליגיעזען פאַנאַטיזם פון די מאַסען. די קריסטליכע רעליגיע, וואָס איז אין די הענד פון דער גייסטליכקייט און די רעגירענדע פערזאָנען געוואָרען אַ געצייג צו אונטעריאָכען די פעלקער, האָט געמוזט אין דער עק־זיסטענץ פון דעם אידישען פּאָלק זעהען אַ לעבעדיגען פּראָטעסט אנטגעגען זיך. פאַנאַטישע געגנער פון דעם דריי־אייניגען גאָט, וואָס מאַכען אָן אויסגעבלאָזענע איי אפילו פון קריסטוס'עס פערזענ־ליכקייט, וואָס האָבען דעם קוראַזש צו קוקען אויף אַלע הונדער־טער מיליאָנען קריסטען, ווי אויף אַ הערט פיה, וואָס איז פער־פיהרט געוואָרען פון איינעם אַ ממזר, וועלכען זיי, די אידען, האָבען ארויסגעשליידערט פון זייער מיטען, — האָבען די אידען, שוין אבלויז דורך זייער זיין אויף דער וועלט, געשטאָכען די אויגען דער קריסטליכער גייסטליכקייט.

דאָס שטרעבען צו דערניערערינגען די אידען, אריין שמ[illegible]בען זיי אין קויט, מאַכען, זיי זאָלען אַ פיהל־טהאָן די גאַנצע גרויזאַמע קראַפט פון דעם משיח, פון וועלכען זיי טרייסלען זיך אָב, — אָט דאָס איז געווען דער פונדאַמענט, וואָס אויף איהם האָט זיך אויפ־געבויט די קאַטוילישע פּאָליטיק בנוגע דעם אידישען פּאָלק. ווי אַ ירושה פון דעם מיטעל־אלטער האָט זיך די דאָזיגע פּאָליטיק דער־האַלטען אויך אין דער נאָך־רעפאָרמאַציאָנער אייראָפּא, ווען אפילו אין אַ סך אַ בלייבערער פאָרם, אויב מען זאָל זי פערגלייכען מיט די ברענענדע שייטער־הויפענס פון דער אינקוויזיציע. דער זעל־ביגער פּאָליטיק האָבען געמוזט בלייבען טריי אויך די קרוין־טראָגער פון דעם נייענצעהנטען יאָהרהונדערט וואָס זענען פעראינטערעסירט אין דעם רעליגיעזען פאַנאַטיזם פון די מאַסען. די זעלבסטהערשאַפט טאָהר זיך ניט צו פריי בענעהן מיט די טראַדיציעס פון'ם מיטעל־אַלטער. — דאָס איז איינס.

דערצו קומט, וואָס די אידישע פראַגע, — אָט די גאַנצע פּראָצעדור פון בענרעניצונגען, נאָרמירונגען, געזעצגעבונגען, ספּע־

ציעלע אָבצאָהלונגען, פּריוויליגיעס, אריין לאָזען אין די שטעדט, ארויסיאָגען פון די שטעדט, לאָזען עפענען אַ שול, הייסען צושליע־סען די שול, — דאָס אַלץ האָט געגעבען די מעגליכקייט אויפ־צוהאַלטען די אַטמאָספערע פון רעליגיעזען פאנאטיזם און נאציאָ־נאַלען האַס, — אַן אַטמאָספערע, וואָס איז, ווי בעקאַנט זעהר גינסטיג פאַר דעם פאַנאַנדערבליהען פון אונטערטעניגע געפיהלען.

פאַר דעם רעגיערונגס אַנטיסעמיטיזם אין אייראָפּאַ איז אָבער געוועזען נאָך אַ דריטער טעם: די שנאה צו דער אידישער אינ־טעליגענץ און די נקמה פאַר איהר רעוואָלוציאָנערען כאַראַקטער. די אידישע אינטעליגענץ אין מעריב־אייראָפּאַ האָט אויף איהר אייגענעם נאַקען געשפּירט דעם דאָפּעלטען יאָך פון דער אַלגע־מיין־פּאָליטישער און דער אידישער קנעכטשאַפט און האָט דערי־בער מיט אַ דאָפּעלטער ענערגיע, מיט אַ צוויפאַכען ברען זיך אריין געוואָרפען אין קאַמף אַנטגעגען דעם סיסטעם פון אונטער־דריקונג. אין דער פּערזאָן פון איהרע בעסטע פאָרשטעהער פלעגט זי בעוואוסטזיניגערהייד זיך אוועקשטעלען אין די פאָדערשטע ריי־לען פון דער שטרענגסטער אָפּאָזיציע, ניט זעלטען גאָר אויף איהר עקסטען שפּיץ, און אויף אזא'ן אופן צוציהען צו זיך און צו דעם גאַנצען אידישען פאָלק די אַלערהעכסטע שנאה פון די מאָנאַרכען און דער רעגיערונג.

די פערבינדונג פון פּאָליטישע פרייהייט און אידישע גלייכבע־רעכטיגונג פון איין זייט, פון פּאָליטישע רעאַקציע און אַנטיסעמי־טיזם פון דער אַנדערער שטעלט מיט זיך פאַר דעם ערשטען הויפּט־מאָמענט אין דער געשיכטע פון דער אידישער עמאַנסיפּאַציע.*)

אין דער שטעלונג פון דער אידישער אינטעליגענץ צו איהר

---

*) די דאָזיגע פערבינדונג איז געווים ניט מעהר, ווי אַ היסטאָרישע אידעען־פערבינדונג. עס זענען געוועזען און אפשר אויך נאָך פאַראַן געגנוג פּאָליטישע רעאַקציאָנערען, וואָס שטעהען, ווי דאָס האָט געטהאָן ק אַ ט ק אָ ו ז, פאַר דער אידישער גלייכבערעכטיגונג. און נאָך עפּטערס קומען איצטער פאַר אין רוסלאַנד — און אויך ערגעץ אַנדערש — כשר'ע פּאָליטישע ראַדיקאַלען און אפילו סאָציאַליסטען, וועמעס בלוט עס איז גענוג שטאַרק פערסם'ט מיט דעם רוינסטען אַנטיסעמיטיזם. (.1914)

פאָלק און צו די אַלגעמיינע פּאָליטישע פּראָבלעמען פון דעם לאַנד ליענט איהר צווייטער הויפּט־מאָמענט.

אויף וויפיעל די אידישע אינטעליגענץ האָט געפיהרט א היס־טאָרישען לעבען, האָט זי געקאָנט פאַנאַנדערגעטיילט ווערן אין צוויי גרופּען. צו דער ערשטער גרופּע האָבען געהערט יענע, וואָס האָבען, מחמת דעם אָדער יענעם טעם, פאַנאַנדערגעריסען זייערע פערבינדונגס־פעדים מיט דעם גייסטיגען לעבען פון זייער פאָלק און האָבען געדיענט ווי, לאָמיר זאָגען, פערטרעטער פון דעם אי־דישען פאָלק אויף דעם פעלד פון דער אַלגעמיין־אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע. די צווייטע גרופּע האָט ארום גענומען יענע גע־בילדעטע אידען, וואָס האָבען געשפּיעלט די ראָליע פון, לאָמיר זאָגען מיסיאָנערען פאַר דער דאָזיגער אַלגעמיין־אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע צווישען זייערע ברידער, וואָס זענען אָבגעשטאַנען פון דער מאָדערנער קולטור.

איז — ניט קוקענדיג דערויף, וואָס די פערטרעטער פון דער ערשטער גרופּע, וואָס זענען תמיד געשטאַנען אין די פאָדערשטע ציילען פון דער אָפּאָזיציע האָבען ווייניג וואָס געהאַט צו טהאָן מיט דעם לעבען פון דעם אידישען פאָלק און האָבען טעאָרעטיש גע־לייקענט יעדען צובונד צו איהם, האָבען זיי פאָרט קיין מאָל ניט דורכגעלאָזען די געלעגענהייט, מיט פלאַם־פייער איינצושטעלען זיך פאַר זיינע רעכט. פון דער אַנדער זייט האָט אויך די צווייטע גרו־פּע, ווי פעסט זי זאָל זיך ניט האָבען איינגעשלאָסען אין דער ריי־נער קולטור־ארבייט פאַר אידען, זעהר גוט פערשטאַנען, וואָס זי האָט צו דערוואַרטען פון די אַלערהעכסטע גנאָדען בנוגע צו דער אידישער פראַגע און איז ממילא אויך פון איהר זייט געווען אָנ־געגרייט צו העלפען דער געזעלשאַפט אין דעם קאַמף אַנטגעגען דעם אַבסאָלוטיזם און אַנטגעגען די תביעות פון דער אַריסטאָקראַטישער פּאַרטיי.

דער דריטער הויפּט־מאָמענט אין דער אונז אינטערעסירענ־דער געשיכטע בעשטעהט אין דער ראָליע פון דער ניט־אידישער געזעלשאַפט בנוגע צו אידען און אידישקייט.

מצד דער רעגיערונג האָבען מיר געזעהן א בעשטימטע און קלאָרע שטרעבונג — פאַרשפּאַרען אַלע וועגען, וואָס וואָלטען צור־

געלאָזען דעם אידען צו דעם פּאָליטישען און דעם געזעלשאַפטליכען לעבען פון דעם לאַנד. ביי דער אידישער אינטעליגענץ, פון איהרע העכסטע שפּיצען ביז צו דעם פונדאַמענט, האָבען מיר בעמערקט אויך אַזאַ קלאָרע און בעשטימטע טענדענץ, אָבער אין אַ פערקעהרטער ריכטונג: דערגרייכען די פולסטע בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג. ליידער איז די ראַליע פון דער ניט־אידישער געזעלשאַפט אין דער ווירקליכקייט ניט געשטאַנען אונטער דער שליטה פון אַקוראַט אַזעלכע קלאָרע און פּינקטליכע גרונד־פּרינציפּען. מיר זאָגען אין ד ע ר ו ו י ר ק ל י כ ק י י ט, ווייל די שטעלונג פון די פערשיידענע געזעלשאַפטליכע עלעמענטען צו דער אידישער פראַגע איז טעאָרעטיש געווען בדרך כלל אַ קלאָרע: די קאָנסערוואַטיווע עלעמענטען, זענען מיט ווייניגע אויסנאַהמען, געווען פּרינציפּיעל אַנטגעגען דער אידישער גלייכבערעכטיגונג, ווי אַלע ליבעראַלע עלעמענטען זענען געווען פאַר איהר.

אָבער דאָס איז געווען נאָר אין פּרינציפּ. אין דער פּראַקטישער טהעטיגקייט האָבען די ליבעראַלען ניט אַרויסגעוויזען אַזאַ איינהייטליכע, איינשטימיגע און פּרינציפּען־טרייע שטעלונג צו אידען, ווי די רעאַקציאָנערען. אַ סך ליבעראַלען, צ. ב., האָבען גערעכענט, אַז עס איז נאָך פריה צו געבען אידען פולע גלייכבערעכטיגונג; אַז מען דאַרף זיי דורך קלוגע מיטלען ביסלעכווייז און בהדרגה פאַרטיג מאַכען דערצו.

אַזאַ פּרינציפּ־וויסטע שטעלונג צו דער אידען־פראַגע האָט אָבער דערפאַר געפונען זיין געגען־וואָג אין יענעם אומשטאַנד, וואָס כמעט אַלע ענערגישע פאָרשטעהער פון גאָר די פאָרגעשריטענסטע שטרעמונגען פון דעם געזעלשאַפטליכען געדאַנק האָבען געפאָדערט גלייכבערעכטיגונג פאַר אידען אָהן אַ שום פערשמעלערונג און אָהן אַ שום בעדינג. דערמאָהנט מען זיך אָן די נעמען פון מיראַבאָ און מאָנטעסקיע, גרעגואַר און ראָבעספּיער, לעסינג און מאַקאָליי, ווערט איינעם קלאָר צו וואָס פאַר אַן אַרט פאָרשטעהער פון דער אייראָפּעאישער געזעלשאַפט עס האָבען געהערט די, ביי וועמען די אידען האָבען געפונען אַזאַ ענערגישע שטיצע.

.3

אין די צייטען, ווען די אידען האָבען נאָך ניט געהאַט קיין

בירגערליכע רעכט, פלעגט מען אַלע טונקעלע זייטען פון זייער לעבען און פיהר דערקלעהרען דורך זייער אויסנאהמס־לאגע, ווי בירגער. די אויסנאהמס־לאגע איז געווען געשטיצט, ווי מיר האָבען געזעהן, דער עיקר פון קאָנסערוואטיווע אָדער רעאַקציאָנערע רעגירונגען און איז געווען אָבגעשאַפט דורך דעם בשותפות׳שען קאַמף אַנטגעגען דעם סיסטעם פון פּאָליטישע אָהן־רעכטינקייט, — א קאַמף, וואָס איז געפיהרט געוואָרען סיי פון די אידען, סיי פון זייערע קריסטליכע מיטבירגער.

די בירגערליכע עמאַנסיפּאַציע פון די אידען האָט, א דאַנק דעם נצחון פון די פעלקער איבער זייערע חושך־ליעבענדע רעגיערונגען, אויפגעהערט צו זיין א האָפנונג און א דערוואַרטונג און איז געוואָרען א שטיק רעאַלע ווירקליכקייט. עס איז דעריבער נאַטירליך, מען זאָל זיך א פרעג טהאָן: ווי אַזוי האָט אָט די גינסטיגע פערענטפערונג פון דער ר ע כ ט ל י כ ע ר זייט פון דער אידישער פראגע געווירקט אויף איהר סאָציאַלער און קולטורעלער זייט?

אין דער לאגע פון רעכט־בערויבטע פאַריעס, האָבען די אידען, צונויפגעדריקטע אין געוויסע ראַיאָנען, אונטער דער שווערער משא פון ספּעציעלע אָבצאָהלונגען, געפיהרט בדרך כלל א האַלב־קבצנ׳ישען לעבען. האָט זיך, א דאַנק דער גלייכבערעכטיגונג, אויפגעהויבען דער וואויל־שטאַנד פון די אידישע מאַסען?

מיט געוואַלט אָבגעשניטען פון א סך אַרטען פּראָדוקטיווע ארבייט, פלעגען די אידען צופאַלען, מיט דער ניט־אויסקלייבערישקייט פונ׳ם הונגער, צו אַלערליי קוואַלען פון חיונה, ווי די דאָזיגע קוואַלען זאָלען ניט זיין צופוילט און פערשמוצט... האָט די גלייכבערעכטיגונג געזונטער געמאַכט די קוואַלען גופא פון זייער מאַטעריעלער עקזיסטענץ?

ביז צו דער גלייכבערעכטיגונג זענען די אידישע מאַסען פערגליווערט געווען אין עם־הארצות, אונטער דעם גייסטיגען רעזשים פון די רבנים און די צדיקים. האָט זיך די אידענשאַפט בעפרייט פון דעם דאָזיגען יאָך? איז אין דעם בעוואוסטזיין פון די מאַסען אריין געטראָגען געוואָרען דער ליכטיגער שיין פון דעם אייראָפּעאישען וויסען? האָט יענעס וויסען אָנגעזעטיגט מיט זיך דעם פאָלקס־געדאַנק און דעם פאָלק׳ס אידעאַלען?

אין די צייטען פון דער בירגערליכער קנעכטשאפט איז געווען שווער זיך פארצושטעלען א דערניעדעריגטע׳ע לאגע פון די אידען, ווי פון א פאלק צווישען אנדערע פעלקער. האט זיך דעם אידישען פאלק איינגעגעבען, נאך דער גלייכבערעכטיגונג צו ערארבערן פאר זיך א בכבוד׳ערען, חשוב׳ערען פלאץ צווישען זיי?

ס׳איז גענוג א בליק צו טהאן אויף די מאטעריעלע און די גייסטיגע לאגע פון די אידען אין גאליציע און בוקאווינע, וואו זיי לעבען אין געדיכט צונויפגעפרעסטע מאסען און וואו די נייע ווילען, אויף וועלכע דאס אידישע פאלקס־לעבען האט געדארפט אנהויבען רוהען, האבען שוין געקאנט זיך קלאר ארויסווייזען, כדי אט די אלע פראגען צו פערענטפערן אין זעהר ניט א געהויבענעם זין פאר די אידען.

א מעהר אדער ווייניגער ריכטיגען בילד פון דעם אידישען מאטעריעלען לעבען אין גאליציע און בוקאווינע וואלט איהר אומזיסט זיך גענומען זוכען אין די בלעטער פון די דארטיגע אידישע צייטשריפטען. יענע צייטשריפטען האבען בילכערע און העכערע אויפגאבען דורכצופיהרען: זיי דארפען בעשרייבען די יובילעיען פון די ראבינער׳ס, זינגען לויב־געזאנגען צו די פילאנטראפישע פרויען־קאמיטעטען, פאלעמיזירען מיט דעם אנטיסעמיטיזם, דורכווערטלען זיך וועגען דער שפראך, און וועלכער עס דארף געהאלטען ווערען די שבת׳דיגע פרעדיגע. פאר די דאזיגע פארשטעהער פון דער זאטער בורזשואזיע עקזיסטירט ניט דער אידישע דלות. דערפאר טרעט דער דאזיגער אידישער דלות נאך בולט׳ער ארויס אין אלע ערנסטע עקאנאמישע פארשונגען, וואס בעשרייבען די לאגע פון די עסטרייכישע מזרח־פראווינצען.

בדי צו געווינען לאז זיין א וועלכע עס איז השגה וועגען דער גרויס פון יענעם אידישען דלות, וואס שטייגט אפטמאל אריבער אלץ, וואס מיר זענען געוועהנט געווען צו הערען פון דעם געבענשטען אידישען „תחום“, וועלען מיר זיך ערלויבען צו ברענגען דא א קלייגעם אויסשניט פון פראפ. פליאטער׳ס „סאציאלע שטודיען אין דער בוקאווינע“. עס ווערט דארטען גערעדט וועגען דער אידישער בעפעלקערונג פון טשערנאוויטץ, דער הויפטשטאט פון דעם לאנד, וואס ער בעשרייבט. מיר האבען זיך אבגעשטעלט אויף

יענעם לאַנד און יענער שטאָט, ווייל בוקאָווינע שם'ט פון דורות אָן פאַר „דאָס אידישע על דאַראַדאַ" און ווייל טשערנאָוויטץ מיט איהרע פופציג פּראָצענט אידישע בעפעלקערונג „קאָן מיט פולען רעכט אָנגערופען ווערן אַ אידישע שטאָט."

פּראָפ. פליאַטער מאַכט פריהער אַן אַלגעמיינע בעמערקונג, אַז דאָס רוב פון דער אידישער בעפעלקערונג אין טשערנאָוויטץ איז זעהר אָרים און אַז די שטאָט טשערנאָוויטץ בעשטעהט צו דעם גרעסטען טייל אויס „צרה'דיגע, שמוציגע, פער'עיפּוש'טע חורבות". דערנאָך גיט ער אונז איבער יענע גאַסען־בילדלעך, וואָס ער האָט אַליין געזעהען מיט זיינע אויגען.

ער שרייבט:

„דער אידעאַל פון אַ שמוציגען, אַבגעשליסענעם מענשען, וואָס קאָן נאָר אויסגעמאָלט ווערן אין דער קוראַזשירטער פאַנטאַזיע פון אַ מעריב־אייראָפּעער, ווערט דאָ אין דער ווירקליכקייט אַריי־בערגעשטיעגען אויף יעדען שריט. דו זעהסט דאָ פליודערן, וואָס זענען צונויפגעשטעלט פון צוואַנציג אָדער דרייסיג פערשיידענע שמאַטעס, אָבער וואָס בעשטעהען פאַרט צו דעם גרעסטען טייל פון לעכער; זעהסט סורדעטען, וואָס ביי זיי פעהלען גאַנצע רוקענס, און וועמעס באַלעבאַטים טראָגען ליידער ניט — ניט קיין זשילעט, ניט קיין העמד. איך האָב געזעהען גאַנץ הוילע מיידעלעך פון פיער ביז זעקס יאָהר, וואָס האָבען געשפּיעלט מיט האַלב־נאַקעטע אינגע־לעך אין דעם גאַסען־שטויב פון דער הויפּט־שטאָט. אָבער דער עיקר זעהסטו גאַנצע מחנות פון כאַלאַטען, וואָס קאָנען בלויז דורך זייער אויסזעהען אַוועק נעהמען דעם אַפּעטיט בעסער, איידער די רייכ־סטע סעודה". *)

דאָס איז אַ גאַסען־בילדעל. אָבער וואָס פאַר אַ בילד פון שמוץ און עלענד וואָלט ער אויסגעמאָלט, ווען ער וואָלט אַריין געבליקט אינוועניג אין די „צרה'דיגע, שמוציגע, פער'עיפּוש'טע חורבות", איז ניט שווער אַליין צו טרעפען...

איך ווייס ניט, — עס קאָן זיין, אַז טשערנאָוויטץ, וואָס האָט פאַר די לעצטע צייט זיך אַזוי שעהן צוגעקליבען און אויס־

---

*) פּראָפ. פליאַטטער. סאָציאַלע שטודיען אין דער בוקאָווינאַ, 1878, ערשטעס העפט, ז. 39.

געפוצט, האָט שוין פערזאָרגט, אַז אַזעלכע „פרעהליכע פייזאַזשע־לעך“ זאָלען ניט צו שטאַרק בעליידיגען דעם מעריב־אייראָפּעער'ס איידעלען בליק. אָבער האָט זיך איהר איינגעגעבען אין גאַנצען צו פערטרייבען דעם אידישען דלות? — אין דעם האָבען מיר אַ רעכט צו בלייבען אין ספק, ווייל ניט נאָר פון טשערנאָוויטץ, נאָר אויך כמעט פון אַלע שטעט אין גאַליציע און אפילו פון פּרייסיש־פּוילען (ווי צ. ב. פון פּויזען) דערגעהן צו אונז דאַטען, וואָס רעדען צו עלאָקוועגט וועגען דעם עלענד און דעם דלות פון די אידישע מאַ־סען.*)

און אין איין שורה מיט דעם דאָזיגען עלענד—הילכיג־קלינגענדע אידישע האַנדעלס־און באַנק־פירמען, רייכע אידישע גוטס־בעזיצער, וואָס הייבען אָן ארויסצושטופּען דעם מאַגנאַט פון זיינע איינ־געזעסענע, פון די אור־עלטערן געאַרבטע הויפען...

דער אידישער הויף־בעזיצער, — אָט דאָס איז „דאָס נייע וואָרט“, וואָס די אידענשאַפט האָט נאָך דער גלייכבערעכטיגונג געזאָגט אין דעם פּרט פון מאַטעריעלען ערפאָלג. אָבער, אַ דאַנק וועלכע מיטלען דער איד ווערט אַפּטמאָל אַ הויף־בעזיצער, דאָס וועלען מיר באַלד זעהען, ווען מיר וועלען איבערגעהן צו דער צוויי־טער פון די אויפגעשטעלטע פראַגען — צו דער פראַגע וועגען די אידישע בעשעפטיגונגען און די קוואַלען פון זייער עקאָנאָמישער עקזיסטענץ.

שוין דער פאַקט פון דעם אידישען דלות אליין דערצעהלט גענוג קלאָר, ווי ווענינ נייע קוואַלען די גלייכבערעכטיגונג האָט אַנטפּלעקט פאַר די אידישע מאַסען. און באמת! בנוגע צו די מאַסען, איז אַלץ אין דעם פּרט געבליבען ווי געוועז. דער קליינער און מיטלערער הענדלער, דער קרעמער, מעקלער, פאַקטאָר, שענ־קער; דער בעל־מלאכה, וואָס שלאָגט זיך דורך דאָס רוב פון „פער־ריכטען“; דער משרת, משולח, לעהרער, שוחט, מלמד און דער איבעריגער „גייסטיגער פּראָלעטאַריאַט“; און אַ גאַנצע מאַסע פון

* פאַר דער צייט — עס איז שוין אַ מעשה פון איבער 35 יאָהר זינט פּליאַטטער'ס „שטודיען“ זענען ערשיענען — האָט זיך די אידישע לאַגע אין בוקאָווינע געוויס שטאַרק פערבעסערט. דערפאַר איז זי לפי ערך ערגער געוואָרען אין גאַליציע. (1913)

מענשען, — „לופט־מענשען“, — וואָס ווייסען ניט אין דער פריה מיט וואָס זיי וועלען שטילען דעם הונגער פון זייער צאָהל־רייכער הויז־געזינד פאר נאכט, — אָט דאָס איז דער גרונד־טאָן, פון דער אידישער עקאָנאָמישער טעטיגקייט פאר דעם אונגעהויערן רוב פון דער בעפעלקערונג.

און די „איבערסטע צעהן־טויזענד“? מיט וואָס בעשעפטיגען זיך זיי?

מיט מסחר אָן־גראָ, מיט די אַזוי אָנגערופענע ליבעראַלע פּראָפעסיעס און . . . מיט געבען געלד אויף פּראָצענט!...

גאַליציע און בוקאָווינע זענען כמעט דורכאויס אגראַרישע לענדער. זייער הויפּט פּראָדוקטיוו־קראַפט איז דער פּויער און דער הויפּט־עקספּלאָאטאַטאָר פון יענער קראַפט איז דער „פּאַן“, — דער גוטס־בעזיצער. די אַגראַרישע קולטור פון דעם לאַנד איז כמעט א ריין פּרימיטיווע, דער פּויערשער דלות כמעט אַן אומגלויבליכער, און דער לייכטזין, דער „אָהן־דאגות“ און די דאָרף־ווירטשאַפטליכע אָבגעלאָזטקייט פון די גוטס־בעזיצער זענען ריין פּויליש־פּריצישע. דאָס ברייטע צוהוליעטע לעבען פון די מאַגנאַטען מחמת צולאָזענקייט און לייכטזין, די שווערע, ביטערע שכרות פון די פּויערים מחמת אָרעמקייט און פינסטערקייט האָבען בעשאַפען יענעם פוילען זומפּ פון עקאָנאָמישען לעבען, אין וועלכען די אידען האָבען געפונען איינעם פון די הויפּט־קוואַלען פון זייער עקאָנאָמישער עקזיסטענץ — דעם וואָכער.

קיינער וועט איצטער ניט אָבלייקענען די טענדענץ, וואָס האָט זיך קלאָר ארויסגעוויזען אין די אַגראַר־פּערהעלטניסען פון מזרח־עסטרייך, — די טענדענץ, וואָס פיהרט דערצו, אַז סיי די פּריצישע הויפען, סיי די פּויערשע נחלאות געהען איבער אין אידישע הענד און אַז די הויב־שטאַנג, מיט וועלכען דאָס אגראַרישע אייגענטום ווערט איבערגערוקט אין אידישען בעזיץ, זענען כמעט אַלע מאָל די חובות פון די ערד־אייגענטימער, ביי די אידישע וואָכערער און ביי די אידישע באַנקען.

אַזאַ איבערגאַנג פון אַגראַר־אייגענטום אין די הענד פון א מעהר אינטעליגענטען, מעהר אויסגערעכענטען באַלאַבאָס, און דאָס איז דער אידישער, וואָלט מען פון דעם אַגראַר־ווירטשאַפטליכען

שטאַנדפּונקט אפשר געקאָנט אָנרופען אַ גרויסע טובה פאַר'ן לאַנד. די צרה איז נאָר וואָס דאָס רוב אידישע ערד־בעזיצער טראָגען אריין אויך אין דער ספערע פון דעם אגראַר־לעבען די הענדלערישע פּרינציפּען פון מקח וממכר און פערוואַנדלען די הויפען און די פויערשע נחלאות אין אַן אָביעקט פאַר געלד־ספּעקולאַציעס.

בעטראַכט מען אָבער דעם פּראָצעס פון דעם סאָציאַלען שטאַנד־פּינקט איז דאָס שוין גאָר ניט אַזאַ חסד פאַר'ן לאַנד וואָס עס האָט זיך בעוויעזען דער קלוגער, געזעצטער, און אפילו דער מוסטער־האַפטער אידישער הויף־בעזיצער, ווייל דער פרייער פויער פון אמאָל, דער זעלבסטשטענדיגער באַלאַבאָס פון זיין פעלד, ווערט דערביי פּאַקטיש אַ פערקויפטער ביי זיין נייעם אידישען „פּריץ".

וואו איז אָבער דער אידישער פעלד־אַקערער, וואָס וועגען זיין קומען האָבען נביאות געזאָגט אַלע פערטיידיגער פון דער אידישער עמאַנסיפּאַציע? דער פעלד־אַקערער איז גראַד ניט געקומען!

„דער איד", שרייבט דער שוין אויבען ציטירטער פּראָפ. פליאַ־טער, „ווערט אין אייראָפּאַ קיין מאָל ניט אָדער נאָך אַ לאַנגע צייט ניט ווערן קיין עכטער פויער. צו דערריין פיזישער ארבייט פיהלט ער אַן עקעל, ווייל זיין ריהרעוודיגע נאַטור פאָדערט שטענדיגע גייסטיגע בעשעפטיגונג און אויך מחמת דעם, וואָס פון ריינער מוסקעל־ארבייט, וועלכע ברענגט אריין אַזוי ווענעיג ריוח, ווערט ער קיינמאָל ניט רייך ווערן, און אויסצוקוקען אויף עשירות האַלט ער אָבער, — מען ווייס ניט פאַר וואָס, — פאַר זיין טראַדיציאָנעלען רעכט. די פיזישע ארבייט לאָזט ער איבער, אויף וויפיעל דאָס איז מעגליך, פאַר די, וואָס שטעהען לויט דער קראַפט פון זייער אינטעלעקט ניעדעריגער פאַר איהם. און דעריבער זעהען מיר אין גאַליציע, אַז דער איד, וואָס האָט נאָר וואָס אָבגענומען ביי דעם פויער זיין נחלה, דינגט איהם פאַר אַ באַטראַק, צו בעאַרבייטען זיין אייגענעם געוועזענעם אייגענטום... אין גאַליציע געפינען זיך איינצעלנע, זעהר ווענינע אידישע פויערים־געזינדען, וואָס בעאַר־בייטען אליין זייערע פעלדער; אין בוקאָווינע איז אויף דאָס ניטאָ."*)

---

*) ד. ג. ז. 46.

עס איז ביי אונז א גרויסער ספק, צו מען מעג די כאראקטעריסטיק פון דעם אידישען וואכערער אריבערטראגען אויף דאס גאנצע אידישע פאלק פון גאליציע און בוקאווינע, ווי דאס טהוט דער ציטירטער מחבר. עס איז אונז שווער זיך פארצושטעלען, אז אט דער „אידעאל פון אן אבגעשליפענעם מענשען“ זאל זיך באמת בעטראכטען פאר א קאנדידאט אויף אן עושר. כדי צו דערקלערען דאס אויספעהלען פון דעם אידישען ערד־אקערער אין עסטרייך, דארף מען גאר ניט אנקומען צו דער היפאטעזע: „עקעל צו מוסקעל־ארבייט“, — א היפאטעזע, וואס איז שוין אזוי שטארק דיסקרעדיטירט געווארען דורך צאהל־רייכע פאקטען אין דעם לעבען פון אונזער „תחום“ און דורך ווענינע אויסנאהמען אין גאליציע גופא. דער ענין לאזט זיך פערשטעהן א סך פשוט'ער — דורך די ארעמקייט און דעם שאבלאן אין דעם לעבען פון די אידישע מאסען.

דורכפיהרען אזא ראדיקאלע איבער־אנדערשונג פון דעם לעבענס־פיהר, ווי דער איבערגאנג פון לופט־בעשעפטיגונגען צו אן אגרארישען שטאנד, — דערצו דארף מען האבען געלד און אן אנפיהר, און איניציאטיווע. אבער וואו האבען די אייראפעאישע אידען געזאלט נעהמען ביידע זאכען, אז די בעסטע קינדער פון דער אידענשאפט, וואס וואלטען דורך זייער גייסטיגער מאכט און דעם פינאנציעלען זשעני זייערן געקאנט אויסהעלפען אין נויטה, האבען זיך איינגערעדט דעם שעדליכען און פאלשען געדאנק, אז מיט דער דערגרייכונג פון גלייכבערעכטיגונג האבען זיך אלע זייערע התחיבות'ען צו דעם אייגענעם פאלק לגמרי געענדיגט? אז, אנשטאט צו טראכטען וועגען דער לאגע פון זייער אומגליקליכער אומה, האבען זיי זיך גאר א לאז געטהאן אין געיעג פערנעהמען די בעסטע פלעצער אין די פרייע פראפעסיעס, ווי דאקטוירים, אינזשעניערין, ליטעראטען, פובליציסטען, וועמעס לארבער־קרוינען עס לאזען ניט רוהיג שלאפען די פערטרעטער פון אונזער רוסיש־אידישער זשורנאליסטיק?

די האפנונג אויף א ראדיקאלען ע ק א נ א מ י ש ע ן איבערגאנג אין דעם לעבען פון דעם אידישען פאלק איז געבליעבען א חלום, א דאנק דער פליטה פון דער אידישער אינטעליגענץ. די־

זעלבינע פליטה האט זיך זעהר שעדליך אבגערופען אויף אויף די צוויי אנדערע זייטען פון דעם פאלקס־לעבען, וועלכע מיר האבען נאך צו בעטראכטען.

דער פערנעהם פון מיין היינטיגער בראשיור לאזט מיך ליידער ניט אבשטעלען זיך, — לאז זיין, אין די אלגעמיינסטע שטריכען, — אויף דער קולטורעלער און דער נאציאנאלער פראגע פון דער מעריב־אייראפעאישער אידענשאפט, אזוי ווי די פראגען פערדיענען עס.

וועגען דעם אידישען קולטור־מעמד וועל איך זיך דעריבער בעגונגענען מיט יענעם גוטבעקאנטען פאקט, אז די ציוויליזאציע פון די מאסען אין גאליציע, בוקאווינע און פרייסיש פוילען שטעהט נאך אויף א ניעדעריגערען ניווא, איידער אין רוסלאנד. די מאכט פון די רבנים און די צדיקים ווילדעוועט דארטען נאך א סך ערגער, איידער ביי אונז, וואו זי איז אין דאס רוב ערטער פון דעם „תחום" [illegible] אין גאנצען אנשטילט געווארען. דער תהום צווישען די דערטיגע אויפגעקלערטע און די צוריקגעבליבענע עלעמענטען איז נאך א סך טיפער איידער ביי אונז אין רוסלאנד. און דער עיקר: געשעהן איז דאס ניט למרות דער גלייכבערעכטיגונג, נאר דוקא א דאנק דער גלייכבערעכטיגונג. לכל הפחות, א דאנק יענער בעהאנדלונג פון דער אידישער פראגע, וואס האט אין איהר קיין זאך ניט געוואלט זעהן, א חוץ איהר רעכטליכער זייט.

ביי אונז אין רוסלאנד, וואו די אידישע אינטעליגענץ איז, א דאנק דעם דרוק פון דער רעכטלאזיגקייט, נאך צונויפגעבונדען מיט דעם אידישען פאלק, איז דאס אנטלויפען פון די בעסערע מענשען ניט פארגעקומען אין אזא פולער מאס און אויף אזא ראדיקאלען אופן, ווי דאס איז געשעהען אין מעריב, און די ציוויליזירענדע מאכט פון דער אידישער אינטעליגענץ האט זיך געמוזט אברופען צום גוטען אויף דעם קולטורעלען צושטאנד פון די מאסען.

א חוץ דעם האט אין רוסלאנד אויך די אידישע מאסע אליין געמוזט פריינדליכער בעגעגנען די אידישע אינטעליגענץ און איהר פראפאגאנדא פון דער אייראפעאישער אויפקלעהרונג, ווייל זי איז דערצו אויפגעמונטערט געווארען דורך די דערלייכטערונגען און די רעכטען, וואס זענען געווען פערבונדען מיט דעם בילדונגס־צעגנו. אין מעריב אבער, וואו יענער מעכטיגער סטימול האט געפעהלט,

האָבען די קנאים פון דער חושך'נעם פון ערגעץ ניט געפונען קיין ראדיקאלען צוריקשטויס און האָבען דעריבער געקאָנט נאָך פרייער צונויפזאמלען זייערע קרעפטען און פעסט איינפונדעווען זייער מאכט.

דלות און עם־הארצות; אומבעשטימטע אָדער וועניג־סימפּאַטישע בעשעפטיגונגען; דאָס אנטלויפען פון די בעסטע מענשען און דער תהום, וואָס איז אויסגעגראָבען געוואָרען צווישען דעם פאָלק און זיין אינטעליגענץ, — אָט דאָס איז, הייסט עס, יענער שיקזאַל־שווערער שטערען־בונד, וואָס הערשט איבער דעם האָריזאָנט פון דעם אידישען נאציאָנאלען לעבען אין אייראָפּא. איז דען א חדוש, וואָס די אידען האָבען, אונטער דער שליטה פון יענע פאַקטאָרען, ניט געקאָנט, ווי א פאָלק, דערגרייכען יענעם מעמד צווישען די איבעריגע פעלקער, וועלכען זיי פערדיענען בלי ספק?

דער דלות און די עם־הארצות פון די מאסען האָט זיי געמאכט אונעמפינדליך צו זייער נאציאָנאלער דערניעדערונג, האָט טעמפּ געמאכט דעם עהר־געפיהל און דעם געפיהל פון דער אייגענער פאָלקס־ווערדע. דער פּעראַלטעטער פאנאַטיזם טראָגט אַריבער אַלע נאציאָנאלע האָפנונגען אין א געביעט פון אן איבערנאַטירליכער צוקונפט, וואָס קאָן קיינמאָל ניט מקוים ווערן. די בעשעפטיגונג מיט וואָכער און די עקספּלאָאטאַציע פון די פויערים האָבען אַרויסגערופען א גאַנץ פערשטענדליכע שנאה צו די אונטעריאָכטע אידען, וואָס האָט פאַר דער קריסטליכער גייסטליכקייט און פאַר די רעאַקציאָנערע עלעמענטען בעשאַפען די מעגליכקייט, פאנאַנדערצובלאָזען די רעליגיעזע און נאציאָנאלע אנטיפּאַטיען, — אָנגעקליעבען אין א משך פון יאָהרהונדערטען, — אין א פלאַם פון א ניט איינצושטילענדער שנאה צו דעם אידישען פאָלק בכלל, — א שנאה וואָס פלאַקערט אָפּטמאָל אויף אין פּאָגראָמען ניט ערגער, איידער ביי אונז אין רוסלאַנד.

און פון וואַנען זאָל דער דאָרפישער אַקערער וויסען, אז די גאַנצע מאסע פון דעם אידישען פאָלק, וואָס האָט זיך דערווייטערט פון דעם אגראַרישען, פאַר דער גאַנצער וועלט אָפען ליגענדען, אַרבייטערישען לעבען, און האָט זיך פערשפּאַרט אין די שטעט,

איז ניט איין באנדע מיט זיינע אוממיטעלבארע פערשקלאפער; און אז בעת ער גיעסט אויף איהר, אין דער מינוט פון דעם אויף־פלאקערן, דעם לאנג בעהאלטענעם כעס, רעכענט ער זיך אב מיט אקוראט אזא׳ן ארעמען, אקוראט אזא׳ן אומגליקליכען, ווי ער אליין!

אנטגעגען די רכילות און זלזולים פון די אנטיסעמיטען האט דאס אידישע פאלק גוזאלט ארויסשטעלען דעם איינציג פערשטענ־דיגען, דעם איינציג איבערצייגענדען ארגומענט: דעם אגראַרי־שען, ארבייטערישען לעבען פון די מאסען, וואס אין זיין שיין וואלטען פערטונקעלט ווערן די קערנדליך אמת, וועלכע ליגען אין דעם יסוד פון דעם מעריב־אייראפעיאישען אנטיסעמיטיזם; דעם געזונדען ארבייטערישען לעבען פון די מאסען, וועמעס שטארקע מוסקעלן וואלטען געקאנט האלטען די פיינד פון דעם פאלק אויף א בכבוד׳ען מהלך.

אבער אנשטאט אנצואווענדען אלע כוחות, כדי געזונט צו מאכען דעם פאלק׳ס לעבען, האבען די אינטעליגענטע אידען פון א העכערען קאליבער איבערגעלאזען פאר די צרה׳דיגע מיטעלמעסיג־קייטען, די קאמערדיענערס פון דער אידישער בורזשואזיע, זיי זא־לען פיהרען די ליטעראַרישע פאלעמיק אנטגעגען די יודאפאבען, צום טויזענד און איינטען מאל איבערקייען די ארגומענטען, וואס זענען א סך בעסער פאנאנדערגערעדט געווארען, ביי דאהם׳ען, בערנע׳ן, דעליטש׳ען און די אנדערע פערטיידיגער פון דעם אידי־שען פאלק.

אנשטאט צו בעשאפען פאר׳ן פאלק די מעגליכקייט, אויפצו־בויען זיין לעבען אויף די פרוכטבארע יסודות פון ערד־ארבייט און צוצופיהרען איהם צו דער אייראפעאישער קולטור, האבען די בעסטע מענשען פון דעם אידישען פאלק פאנאנדערגעריסען זייערע פערבינדונגען מיט דער אייגענער אומה און האבען גענומען לויפען אין איילעניש צו די דייטשען און צו די מאדיארען, צו די פוילען און צו די רומענער, — וואו וועמען עס האט זיך געמאכט.

סוף־כל־סוף איז אויסגעוואקסען יענע אין העכסטען גראד אנארמאלע, — לאמיר זאגען נאך מעהר, — יענע עקעלהאפטע ערשיינונג, אז א איד, וואס האט זיך, — ווער וויים פארוואס, — ארייגעשלאגען אין קאפ, אז ער איז א פויל, קעמפט אין דעם נאמען

פון דעם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ מיט זיינעם אַן איינגענעם ברודער, וואָס חלום'ט, — ווער וויים פאַרוואָס, — אַז ער איז אַ רוימען. אַ פּסעוודאָ־טשעך פון אידישער געבורט קעמפּט אַנטגעגען זיין איי־גענעם שטאָם־גענאָסען, וואָס איז אַ פּסעוודאָ־דייטש און דער פּסעוודאָ־אונגאַר האַלט אין איינעם מיט די ריין־בלוטיגע מאַדיאַ־רען פאַר זיין חוב צו אונטערדריקען די שוואַכערע סלאַווישע נאַ־ציאָנאַליטעטען.

און קיינעם פון זיי קומט ניט אַרויף אויפ'ן זין, אַז זיי זענען פלייש פון דעם פלייש און ביין פון דעם ביין פון דעם אידישען פאָלק; אַז אָט דאָס פאָלק, איבערגעלאָזען אויף דעם מוטוויל'ען פון די רבנים און צדיקים, אויסגעאַרטעט אין די שווערע בעדינגונגען פון אַ ריין שטאָטישען לעבען, נויטיגט זיך אַ סך מעהר אין איני־טעליגענטע, איבערגעבענע קרעפטען, איידער די פעלקער, צו וועל־כע זיי זענען צוגעשטאַנען.

מען דאַרף דעריבער ניט אַרויסלאָזען פון אויג אויך יענעם צו־שטאַנד, אַז דאָס אַלץ קומט פאָר אין עסטרייך־אונגאַרן, ד. ה. אין אַ לאַנד, וואָס בעשטעהט, ווי רוסלאַנד, פון אַ סך נאַציאָנאַליטעטען, און וועמעס שטאַאַטליכער לעבען מוז רוהען אויף די יסודות פון דער פאָלקאָמענסטער גלייכבערעכטיגונג פאַר אַלע שפּראַכען און פעל־קער.

אָבער ביז די פּרינציפּען פון דער פאָלקאָמענסטער נאַציאָ־נאַלער גלייכבערעכטיגונג, וואָס זענען שוין אין אַ וויכטיגער מאָס דורכגעפיהרט, צ. ב. אין שווייצאַריע און אין בעלגיע, וועלען ניט אָוועקגעלעגט ווערן אין דעם יסוד פון דעם עסטרייכישען שטאַאַטס־לעבען, וועט דער לעצטערער פאַרשטעלען מיט זיך אַ קאַמפּף־פּלאַץ פאַר פערשיידענע נאַציאָנאַליטעטען, וואָס קעמפען ניט אין דעם נאָמען פון קלוגשאַפענער גערעכטיגקייט, נאָר אין דעם נאָמען פון היסטאָרישע רעכט אויף איבערהערשאַפט.

די אידען בעווייזען דעריבער אַ העכסט טראַגי־קאָמישען ספּעק־טאַקעל, ווען אויך זיי וואַרפען זיך אַריין אין דעם אַלגעמיינעם קודעל־מודעל, שטעלען זיך איין פאַר איין צד אָדער דעם אַנדערן, און פערטהיידיגען אַ פעראַלטעטען פּרינציפּ, אויף וועלכען ווייטער פאָלק קאָן זיך ניט שטיצען.

נאך טראגי־קאמישער ווערט די לאגע, ווען מען דערמאהנט זיך, אז בעת די וועניגע הייפעלעך פון דער אידישער אינטעליגענץ שלאגען זיך מיט אלע כוחות, ווער זאל אפריהער מאכען אלעמען גלויבען, אז אין עסטרייך איז ניטא קיין אידיש פאלק, ווי א פאלק, האט עס די פערטרעטער פון די עסטרייכישע פעלקער שוין דערעסען צו קוקען אויף אידען ווי אויף אן אייביגען פראגע־צייכען, און זיי האבען, דורך איינע פון זייערע פארלאמענטארישע קאמיסיעס דערקלעהרט, אז „די אידען זענען אקוראט אזא פולבערעכמינטע עסטרייכישע נאציאנאליטעט, ווי די דייטשע אדער ווי א וועלכע עס איז סלאווישע“...

יע, די מעדאל פון דער אידישער גלייכבערעכטיגונג האט זעהר און זעהר ניט קיין חן'עוודיגע קעהרזייט. און אויב מיר ווילען זיך ניט אבזאגען פון דעם זעלביגען ענגען מעריב־איראפעאישען שאבלאן אין דער בעהאנדלונג פון דער פראגע, איז ניטא קיין ברעקעל גרונד צו האפען, אז אונז וועט זיך איינגעבען צו מערהיידען יענע טרויעריגע רעזולטאטען, צו וועלכע עס איז דערגאנגען די געשיכטע פון דעם אידישען פאלק אין מעריב־איראפא.

.4

לאמיר אבער איבערגעהן צו רוסלאנד. לאמיר אויך דא זעהען צו פערענטפערן, דער עיקר, אט וועלכע פראגען:

ווי האט זיך געשטעלט צו אונז און ווי שטעהט צו אונז די רוסישע רעגיערונג? וואס פאר א לאגע בנוגע צו אונז פערנעהמען די בעסערע עלעמענטען פון דער רוסישער געזעלשאפט?

אין וואס בעשטעהען די אידעאלען און שטרעבונגען פון דער א י ד י ש ע ר אינטעליגענץ, וואס פאר א צוקונפט בויט זי פאר אונז און ווי האפט זי צו דערגרייכען יענע צוקונפט?

איך האף אז דער אנאליז פון אט די אלע ענינים, וועט אונז בעווייזען, וועלכע וועגען עס קאנען פיהרען צו אונזער רעטונג און וואס מיר אליין דארפען טהאן, כדי צו ווערען די באלאבאטים פון יענע וועגען.

קודם כל לאמיר בעמערקען, אז די רוסישע רעגיערונג איז, אקוראט ווי אין מעריב־אייראפא, ניט אראב בנוגע צו אונז פון

יענעם דרך, וואָס איז ... דורכויס בעשטימט דורך דער נאַטור גופא פון דעם אבסאָלוטיזם.

שוין די גייסטיג צורודערטע יעליסאַוועטע פעטראָוונא ז"ל האָט אויף אַלע פּאַרלאַנגען, וואָס מען האָט איהר געמאַכט וועגען דער ניצליכער ראָליע, וועלכע די אידען קאָנגען שפּיעלען אין דעם האַנדעל און דער אינדוסטריע פון דעם לאַנד, געהאַט איין איינ־ציגען ענטפער: „פון קריסטוס'עס פיינד וויל איך ניט האָבען קיין אינטערעסירטען ריוח." פון יעקאַטערינאַ דער צווייטערס צייטען אָן הויבט זיך אָן אַ משונה'דיגער סירוגין פון ליבעראַלע און רעאַקציאָנערע פּעריאָדען אין דער רוסישער געשיכטע, און די אידישע פראַגע מאַכט די גאַנצע צייט דורך דיזעלביגע שפּרינג, וואָס אַלע אַנדערע וואָרצעלהאַפטע פראַגען אין דעם לעבען פון דעם לאַנד: די ליבעראַלע עפּאָכען פלעגען נעבען האָפנונגען, די רעאַק־ציאָנערע פלעגען ברענגען ענטוישונגען.

אויף וויפיעל די שנאה צו דעם אידען איז געלעגען אין דעם בלוט פון די רוסישע הערשער, קאָן מען זעהן, צ. ב., פון דעם פאַקט, אַז אַלעקסאַנדער דעם צווייטען איז הפּנים אַ סך לייכטער געווען אָבצושאַפען די לייב־אייגענשאַפט, איינצופיהרען זעלבסט־פערוואַלטונגען און אַנדערע ליבעראַלע רעפאָרמען, איידער צולאָזען, אַז אידען זאָלען זיין לעהרער אין די גימנאַזיעס, זיי זאָלען אָנטהאָן אַפּיצערישע עפּאָלעטען אָדער קויפען אַ שטיקעל ערד, כדי צו בע־אַרבייטען מיט די אייגענע הענד.

די ווילדע אכזריות פון אַלעקסאַנדער דעם דריטען, מיט וועלכער ער איז אַרויף געפאַלען אויף צעהנדליגע טויזענד אידישע בירגער, וואָס וואוינען חוץ לתחום, קאָן פערגליכען ווערן נאָר מיט יענער ווילדער אכזריות, מיט וועלכער ער ערשטיקט אַלע אויפבליצען פון דעם פרייען געדאַנקען און דער זעלבסטשטענדיגער געזעלשאַפט־ליכער טעטיגקייט. אַלעקסאַנדער דעם דריטענס רעגיערען איז אַ לאַנגע־לאַנגע באַרטאָלאָמעאוס־נאַכט פאַר אַלץ, וואָס גלויבט נאָך אין שכל און יושר, און קיין זאַך פאַסט ניט אַזוי צו יענער נאַכט, ווי די פייערן פון די אינקוויזיציאָנס פלאַקערס.

דער רוסישער אבסאָלוטיזם האָט, ווי מיר זעהען, נאָך אין אַ גרעסערער מאָס איידער דער מעריב־אייראָפּעאישער, גערעכטפער־

טיגט אונזער בליק אויף דעם צונויפבונד פון פאליטישע רעאקציע און רדיפות אויף אידען. דערמיט אבער האט די ראליע וואס דער בעסערער טייל פון דער רוסישער אינטעליגענץ האט געשפּילט בנוגע צו אונז, ניט נאר געשטימט מיט דעם, וואס מיר האבען געזעהען אין מעריב־אייראפּא; אויך די שטעלונג פון דער אידישער אינטעליגענץ צו אונזער פראגע אין רוסלאנד וויכט זעהר שטארק אב פון יענע יסודות, וואס האבען געהערשט אין אייראפּא אין דער צייט פון דעם עמאנסיפּאציאנס־קאמף.

געוויס, דער בעסטער טייל פון דער רוסישער אינטעליגענץ האט אזוי גוט, ווי די מעריב־אייראפּעאישע פּראגרעסיווע געזעלשאפט, אלעמאל אנערקענט, אז די געזעצליכע בעגרעניצונגען פאר אידען זענען אומגערעכט און פרוכטלאז. אבער אין מעריב־אייראפּא האבען מיר די אונטרייקייט צום פּרינציפּ געפונען נאר ביי יענע ליבעראלען, וואס האבען אויך אין אלע אנדערע פראגען געזוכט דורכצופיהרען זייער פּרינציפּ אויף דעם וועג פון קאמפּראמיסען און „נאר ניט געשפּרונגען צו האסטיג.“ א פּונקט פערקעהרטע ערשיינונג בעמערקען מיר אין רוסלאנד: דוקא אונזערע געמעסיגטע ליבעראלע עלעמענטען זענען ארויס געטרעטען ענערגיש און אהן שום בעדינגען פאר דער אידישער גלייכבערעכטיגונג. היטענדיג, ווי זינד־ריינע וועסטאלינען דעם הייליגען פייער פון די מעריב־אייראפּעאישע טראדיציעס, האבען זיי אויך פאר דער אידישער גלייכבערעכטיגונג אנגעצונדען א „נר־תמיד“, בעת אונזערע ראדיקאלע און סאציאליסטישע עלעמענטען האבען וועניגער פאר אלץ געטהאן וואס עס איז פאר אונזער פאלק.

און ווען אונזערע ראדיקאלען פלעגט אויסקומען אונטער דעם דרוק פון אומשטענדען, ווי צ. ב. אין די פּאגראם־יאהרען 71 און 81, צו פערנעהמען די אדער יענע פּאזיציע אין דער אידישער פראגע, פלעגען זיי דאס טהאן מיט אזא קלארען ווידערווילען, און די אנערקענונג פון גלייכע רעכט פלעגען זיי דורכזאיען דורך די צייהנער מיט אזא אומלוסט, אז פאר יעדען פלעגט ווערן קלאר ווי דער טאג: דאס רעדט זיך נאר „פון איין זייט“, אבער נאך א גאנצער „פון דער אנדער זייט“ בלייבט ליעגען הינטער די פערצונויפגעשלאסענע ליפּען.

פון דערפון איז, פערשטעהט זיך, נאָך גאָר ניט געדרונגען, אז זיי זענען אונזערע פיינד און אז אזא שטעלונג צו אונז ווערט דיקטירט דורך וועלכע עס איז רעאקציאָנערע מאָטיווען אָדער דורך א וועלכער עס איז אומבעוואוסטער אינסטינקטיווער אנטיפּאטיע צו אונז.

די מעשה איז אזא.

אין די פּראָגרעסיווע שטרעמונגען פון דער צווייטער העלפט פון אונזער יאָהרהונדערט האָט דעם אָרט פון דעם ליבעראליזם, דעם הויפּט־פערבינדעטען פון די אידען אין אייראָפּא, פערנומען דער סאָציאליזם. די אידעאלען פון פּאָליטישער פרייהייט זע־נען אָבגעשטופּט געוואָרען אויף דעם צווייטען פּלאן, בעת דעם ערשטען פּלאן האָבען פערנומען די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון די ארבייטענדע מאסען און די אידעאלען פון דעם סאָציאליזם. אָבער אין דעם שיין פון דעם סאָציאליזם האָבען די אידעאלען פון דער אידישער עמאנסיפּאציע געמוזט אין גאנצען פערוועלקען און פערטונקעלט ווערן.

עס איז פאר קיינעם קיין סוד ניט, אז די גלייכבערעכטיגונג אין אייראָפּא האָט נאָר געהאָלפען דער ענטוויקלונג פון דער אידישער בורזשואזיע, דעם פער׳עקשן׳טען, אומפערשעהמטען נעגנער פונ׳ם פּראָלעטאריער. איינינע אידישע פערטיידיגער אין רוסלאנד בע־האלטען וויעדער פון קיינעם ניט דעם פאקט, אז זיי זעהען אזוי צו זאָגען דעם גאנצען זין פון דער אידישער עקזיסטענץ אין רוס־לאנד נאָר אין אונזער הענדלערישער און אינדוסטריעלער טעטיג־קייט. ערגיץ געפינען מיר ניט קיין ערנסטען פרואוו אָבצוטרעטען פון דעם אבסטראקט רעכטליכען שטאנדפּונקט, אויף וועלכען די אידישע פראגע איז אוועקגעשטעלט געוואָרען אין מעריב־איירא־פּא, און פאנאנדערוויקלען א פּאָהן, אויף וועלכער עס זאָלען זיין אנגעשריבען די אינטערעסען פאַ די ארבייטענדע מאסען.

איז — וואָס האָט די רוסישע אינטעליגענץ געקאָנט טהאָן אנדערס, אויב ניט זאָגען צו זיך אליין: „מענשען זענען סוף־כל־סוף ניט קיין פעלד־מייז, וואָס „אויסריכערן“ זיי נעהמט אריין אין דעם פּראָגראם פון יעדער ראציאָנאלער אגריקולטור. אויב די אידען זעהען מיט אזא התמדה צו דערשלאָגען זיך צו די רעכט

אויף אַ שענק, אַ קראַם, עפּאָלעטען און בערזען־שפּיעל, כדי זיי זאָלען אין אַלץ ווערען גלייך מיט אַלע אַנדערע רוסישע שענ־קער, קרעמער, מאַרסען און בערזיאַנער, האָבען מיר קיין רעכט ניט צו שטעלען זיך אַנטגעגען דעם. אָבער עקסטרא זאָרגען דער־פאַר זענען מיר אויך ניט מחויב"...

אַזאַ שטעלונג פונ'ם בעסטען טייל פון דער רוסישער געזעל־שאַפט צו די אידען מוז זיך אָברופען זעהר קלאָנעדיג אויף דער לאַגע פון אונזער פאָלקס־זאַך אין רוסלאַנד. די זאַך פון דעם אידישען פאָלק איז אַלע מאָל געווען שטאַרק דורך די סימפּאַטיע פון יענע בעסערע מענשען, וועמעס פּרינציפּען עס האָבען געדאַרפט אוועקגעלעגט ווערן אין דעם פונדאַמענט פון דעם נייעם שטאַאט־ליכען לעבען נאָך דעם צונויפפאַל פון דעם אבסאָלוטיזם; זי איז געווען שטאַרק דורך יענעם פעסטען צונויפבונד, וואָס האָט געהערשט צווישען די פאָדערונגען פון דעם אידישען פאָלק און דעם לעצטען וואָרט פון דעם פּראָגרעסיווען געזעלשאַפטליכען געדאַנק.

אויך ביי אונז אין רוסלאַנד וואָלט דער נאַטירליכער צונויפ־בונד פון די אינטערעסען פון די אידישע ארבייטערישע קלאַסען, וואָס בילדען דעם קערן פון אונזער פאָלק, מיט די ארבייטערישע אידעאַלען פון דער רוסישער פּראָגרעסיווער אינטעליגענץ געקאָנט פערוואַנדלען איהר קאַלטע רעכטליכע שטעלונג צו אונז אין אַן ענערגישע סימפּאַטיע, אין אַ הייסען מיטגעפיהל, אין אַ פעסטען און פרוכט־רייכען בונד. און אויב פאַר די גאַנצע דרייסיג יאָהר וואָס מיר זענען זיך משתדל ביי דעם רוסישען פאָלק, האָבען מיר ניט געקאָנט ברענגען צו אַזאַ בונד, זיינען מיר אַליין שולדיג אין דעם, מיר, ד. ה., אונזער גאַנצע אינטעליגענץ, וואָס האָט אָדער אי־בערגעלאָזען דאָס פאָלק אויף דעם שיקזאַל'ס בעראָט, אָדער האָט זיך איינגעפעסטיגט אין די אַלטע יודאָפילישע פּאָזיציעס און האָט פער־לאָרען יעדען חוש פאַר דעם תוך פון דער היסטאָרישער עפּאָכע, וועלכע מיר לעבען איצטער איבער, יעדע פערשטענדניס פאַר די ניי־געבאָרענע פאָדערונגען פון דער צייט.

דער לעצטער אומשטאַנד איז נאָך מעהר טרויעריג דער־פאַר, וואָס אין דער שטעלונג פון דער אי־דישער אינטעליגענץ צום פאָלק ליגט

דר. ח. זשיטלאָווסקי

## דער שווער־פּונקט פון דער אידישער פראגע אין רוסלאנד.

רעפאָרמירען דעם אידישען לעבענס־פיהר, — **אוועקשטעלען דאָס אידישע פאָלקס־לעבען אויף די געזונטע יסודות פון ארבייט און וויסענשאַפט**, — קען מען נאָר מיט דער הילף פון אַן ענערגישער, זעלבסטשטענדיגער און מיט גרויסע פּרינציפּען דורכגעדרונגענער אידישער אינטעליגענץ. דערגרייכען גלייכע רעכט פאַר אידען אויף בעדינגונגען, וואָס זאָלען ניט געהן להיפך צו די אויפגאַבען פון דעם אינוועניגסטען לעבען פון אונזער פאָלק, קאָן אויך נאָר ווידער די אידישע אינטעליגענץ האנד אין האנד מיט די בעסטע עלעמענטען פון דער ניט־אידישער געזעלשאַפט.

וואָס זעהען מיר אָבער דערווייליע אנשטאָט דעם? — אַן איגדיפערענטער „שלאַפּ־דראַק“־שטעלונג פון די איינע, א צוריקגעבליבענע, ניט ריכטיג דורכגעקלעהרטע פון די אנדערע, — אַט אין וועלכע ווערטער מען מוז רעזיומירען די גאנצע ראָליע פון דער אידישער אינטעליגענץ בנוגע איהר אייגען פאָלק.

די טאַלאַנטפולסטע, געבילדעטע פערטרעטער פון אונזער פאָלק, די מענער פון גערעכט און ווערט, בענוגענען זיך מיט דעם, וואָס זיי פערנעהמען מעהר אָדער ווייניגער בכבוד'ע שטעלען צווישען די טהוערם פון דער רוסישער אויפקלעהרונג און אויף אַזאַ'ן אופן „טהוען זיי אַן כבוד זייער נאַציע“, ווי מען פלעגט זיך אויסדריקען אין יענער גוטער אַלטער צייט, ווען א געבילדעטער איד, דורכגעדרונגען מיט עהרליכע און הומאַנע שטרעבונגען, איז נאָך געווען א יקר המציאות. אָבער „אָנטהוענדיג כבוד זייער נאַציע“ האָבען זיי לײדער קיין מאָל ניט א קלעהר געטהאָן וועגען דעם, ווי אַזוי צו ברענגען איהר איין טראָפּען נוצען. אין דעם פּרט שטעהען זיי א סך ניעדעריגער פאַר זייערע אייראָפּעאישער שטאַם־ברידער פון פאַר דער עמאַנסיפּאַציע, וואָס האָבען, ווי מיר האָבען געזעהען, קיין מאָל ניט פערגעסען די זאַך פון זייער פאָלק.

ווי נאָר די דאָזיגע אויסערגעוועהנליכע קרעפטען האָבען פערלאָזען דאָס אידישע פאָלק, — האָבען ביי אונז אין דער היים געמוזט בלייבען ניט מעהר ווי מיטעלמעסיגקייטען, אָהן א שאָטען

פון א זעלבסטשטענדיגען געדאנק, אין ברייטע פרוכט־טראגענדע אידעען. נאר אויף אזא'ן אופן לאזט זיך דערקלערען יענער אבסאלוטער מאנגעל פון א וועלכען עס איז פאליטישען פערשטאנד, יענער היהנערשער גערדאנקען־פליה, וואס הערשט בדרך כלל אין דעם לאגער פון אונזערע פראפעסיאנעלע יודאפילען, אין דעם לאגער פון דער רוסיש־אידישער זשורנאליסטיק.

פאר די לייט פון יענעם לאגער פאלט די גאנצע וועלט פאנאנדער אויף צוויי טיילען: יודאפילען און יודאפאבען. אן אנדער קלאסיפיקאציע ווילען זיי ניט וויסען און ניט קענען. די רוסיש־אידישע זשורנאליסטיק איז מיט דערזעלביגער שקלאווישער חניפה געקראכען אין שטויב פאר לאריס־מעליקאוו'ס פיס און געלעקט די הענד קאטקאוו'ן; מיט דעמזעלביגען גרים־צארן געפאלעמיזירט אנטגעגען די „נאוואיע וורעמיא" און די „אטיעטשעסטוועננייא זאפיסקי". איצטער ווערט זי אויף דעם זעלביגען שטייגער אין גלייכען גראד פריידיג נתפעל סיי פון העררן סטאסיוליעוויטש'עס „וויעסטניק יעווראפי" סיי פון העררן אוסעיענקא'ס „סט. פעטערבורגסקיא וויעדאמאסטי".

לארד ביקאנספיעלד און — ראבעספיער, „די גרויסע פראנצויזישע רעוואלוציע" און — די „מאסקאווסקיא וויעדאמאסטי" פון קאטקאוו'ס צייטען, — צו אזעלכע גרונט־פערשיידענע ערשיינונגען בעציעהט זיך געוועהנליך דער רוסיש־אידישער פובליציסט מיט דערזעלביגער הייסער סימפאטיע.

רעכענט נאך צו צו דעם דאס ניעדעריגע קריעכען פאר דער רעגיערונג, די צו דער גאל שלאגענדע אויסגוסען פון אונטערטעניגסטע געפיהלען ביי יעדער פאסירונג אין הויף, שיער ניט צו יעדען „טאבעלנעם" טאג, און איהר וועט בעקומען די פולע כאראקטעריסטיק פון די בירגערליכע אידעאלען, וואס הערשען ביי יענער גרופע אידישע טהוערס.

די פערזארגערס פון אונזער פאלק זענען, הפנים, אזוי בלינד איינגעליעבט אין איהם, און גרייטען פאר איהם אן אזא גלענצענדען גורל; זיי זענען משמעות אזוי פער'כשופ'ט דורך די צויבערהאפטע פערספעקטיווע, וואס שטעהט איהם פאר אין רוסלאנד, אז זיי האבען אין גאנצען אנגעווארען די פעהיגקייט, פאנאנדערצוקלייבען

זיך אין אזעלכע קליינינקייטען פון לעבען, ווי עקספלאטאציע און עקספלאטירטע, פרייהייט און דעספאטיזם, שקלאווען-זין און מענש־ליכע ווערדע.

על כל פנים איז בנוגע צו די וויכטיגסטע פראבלעמען פון דעם אידישען לעבען קיינער ניט געווען אזוי שקלאוויש איבער־געבען דעם אייראפעאישען שאבלאן און קיינער איז ניט געווען אזוי בלינד צו דער אנדער זייט מעדאל פון דער אידישער עמאנ־סיפאציע אין אייראפא, ווי גראד אונזער רוסיש־אידישע זשור־נאליסטיק.

## .5

רעדט מען וועגען דער אינטעליגענץ, וואס איז באמת דורכ־געדרונגען מיט גרויסע אידעען, וואס איז אנגעגרייט דורכצופיה־רען איהרע אידעאלען אין לעבען מיט דער גאנצער אונבויגזאמער ענערגיע פון דער איבערצייגונג, מיט דעם גאנצען ליידענשאפטליכען גלויבען, זעלבסטפערגעסענקייט און זעלבסט־אויפאפפערונג פון דער יוגענד, יעמאלט מוז מען קודם כל האבען אין זין אונזער אידישע רעוואלוציאנערע יוגענד, וואס אויף איהר גורל איז אויסגעפאלען די גרויסע עהרע און דאס גרויסע גליק צו קעמפען אין איינעם מיט די בעסטע פון רוסלאנד'ס זיהן פאר דער פרייהייט און דעם וואויל פון דער געמיינזאמער געבירט, דעם רוסישען לאנד. ווי שטעלען ז י י זיך צו אונזער פאלק? וואס פאר אן ארט פערנעהמט ער אין זייער טראכטען וועגען דעם וואויל פון דער געמיינזאמער גע־בירט?

אויף די פראגען מוז מען ליידער געבען אן ענטפער, וואס האט אין זיך זעהר ווייניג טרייסט פאר אונזער פאלק.

ערגעץ ניט, ביי קיין רוסישער אדער אידישער שיכט ניט, האט ניט געהערשט און הערשט נאך ניט אזא אינדיפערענטיזם צו אידען, ווי גראד צווישען די אידישע רעוואלוציאנערען פון גאר די עקסטרעמע שאטירונגען. וואס פאר א מעשים די רוסישע רע־גיערונג זאל ניט אבטהאן אנטגעגען אונז, שווייגט די אידישע יו־גענד, אקוראט ווי די אלע מאסרעגעלן וואלטען געווען ארויסגע־לאזען אנטגעגען א וועלכען עס איז יעזואיטען ארדען.

בעווייזען זיך איניגע אידען-רעוואלוציאנערען, וואס ווילען

פּוּבען אָרגאַניזירען אַן ערנסטע סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען אונזער פאָלק אויף דעם אייגענעם לשון פונ׳ם פאָלק, ווערט דאָס אונטערנעהמען אונאָבוועגדבאַר צו שלאָגען אַן דער שטיי־נערנער קאַלטקייט פון די אידישע רעוואָליוציאָנערען גופא, ווי דאָס האָט, צ. ב., פּאַסירט מיט דער גרופּע „פרייע אידישע פּרעסע“ אין זשענעווע, אין דעם יאָהר 1880... *)

העכסטענס האָט מען אויף אַזאַ פּרואוו געקוקט, ווי אויף איינע פון יענע רעוואָליוציאָנערע בעשעפטיגונגען, וואָס קאָנען קיי־נעם ניט שאַדען, אָבער פאַר וועלכער קיין ערנסטער טהוער טאָהר זיך ניט נעהמען.

אַ סך אורזאַכען האָבען געמוזט אַרבייטען אין איין ריכטונג, כדי צו בעשאַפען אַזאַ הימעל־שרייענדען פאַקט, ווי דאָס האַרצלאָזע בעגעהן זיך פון די בעסטע מענשען מיט דעם גורל פון זייער פאָלק, וואָס איז אפשר אַ סך אומגליקליכער און געוויס אַ סך מעהר פער־פאָלגט, איידער אַלע אַנדערע פעלקער און פעלקערלעך פון אייראפּאַ...

די הויפּט־אורזאַך פון אַזאַ ערשיינונג ליעגט, פערשטעהט זיך, אין יענע אומשטענדען פון דער אידישער געשיכטע וואָס האָבען, צום סוף אַכטצעהנטען און דעם אָנהויב נײַנצעהנטען יאָהרהונדערט, געבראַכט די בעסטע מענשען פון אונזער פאָלק צו דער אידעע פון דעם נאַציאָנאַלען זעלבסט מאָרד. די מאָטיווען פון דער נאַ־ציאָנאַלער זעלבסט־פערלייקענונג זענען געלעגען דער עיקר, אין דעם אַבסאָלוטען באַנקראָט פון יענע האָפנונגען אויף אַ פּאָליטישע ווידער געבורט פון אונזער נאַציע, וואָס זענען געווען פערבונדען ביי דעם פאָלק מיט דעם גלויבען אין אַן איבערנאַטירליכען משיח.

אַזוי ווי די אידישע בורזשואַזיע, וואָס האָט פאָרשטעלט מיט זיך דאָס גאַנצע פאָלק, האָט ניט איבעריגס געבענקט נאָך דער נאַ־

*) דעם זעלביגען גורל האָט געהאַט אויך די רעוואָלוציאָנערע גרופּע „תשועת ישראל“, וועלכע איך האָב מיך געפּלייסט צו גרינדען אין דעם יאָהר 1885 אין רוסלאַנד. בהריכות וועגען איהר וועל איך דערצעהלען ווען עס איז אַן אַנדערס מאָל. דערווייל קאָן דער לעזער געפינען עפּעס מעהר וועגען איהר אין מ. ב. ראַטנער׳ס אַרטיקעל „עוואָ־לוציאַ יעווריסטוואַ“ אינ׳ם סערפּ, בד. 2, ז. 29. (אַנמערקונג פון 1912.)

ציאָנאַלער ווידערגעבורט, און אזוי ווי די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע אָבגעזונדערקייט פון דעם אידישען פאָלק האָט מען בעטראַכט ווי א שטעהר פאר דער בירגערליכער גלייכבערעכטיגונג, אין וועלכער די בורזשואזיע האָט זיך אזוי שטארק געגויטיגט, איז דעריבער גע־ווען נאַטירליך, וואָס זי, די בורזשואזיע, האָט זיך געאיילט אָבצור־זאָגען פון די אידעאַלען פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק, — אידעאַלען, וואָס זענען געווען אָנגעלעהנט אויף א פעראַלטעטען גלויבען און אויף אזוינע חלומות, וואָס קאָנען ניט מקוים ווערען אויף א נאַטירליכען אופן.

אָט די נאַציאָנאַלע זעלבסט־פארלייקענונג איז געוואָרען א טראַדיציע פאר דער אידישער אינטעליגענץ ביז צו גאָר דער לעצ־טער צייט, און ניט די רוסיש־אידישע רעוואָלוציאָנערע יוגענד האָט געקאָנט דורכברעכען א ברעש אין די פאר'ן פאָלק שעדליכע טראַ־דיציעס. זי האָט דאָס ניט געקאָנט טהאָן דערפאר, ווייל אין איינעם מיט גלענצענדע מעלות, האָט זי אויך א סך וויכטיגע חסרונות, וואָס יעדע יוגענד האָט זיי, און די אידישע יוגענד — נאָך אין א גרעסערען מאָס, איידער א וועלכע עס איז אַנדערע. רעכענט מען אראָב איינציגע אויסנאַהמען, איז די רעוואָלוציאָנערע יוגענד קיינמאָל ניט ארויסגעטראָגען, ווי א בעשאַפער פון א וואָסער עס איז נייער צייסט־ריכטונג, פון א נייעם פרינציפ. איהר מיסיע איז — פער־קערפערען אין לעבען די אידעאַלען, וואָס זיינען שוין אויסגעאַר־בייט געוואָרען אין דעם מענשליכען געדאַנק. די התלהבות'דיגע איבערגעבענקייט צו יענע אידעאַלען פאַראַליזירט אָבער אָפט מאָל די פעהיגקייט, קריטיש צו בעטראַכטען אַלע קאָנסעקווענצען, וואָס אויף ערשטען בליק קומט אויס, אז זיי זענען נויטווענדיגע פועל יוצא'ס פון יענע אידעאַלען.

פאר דעם בליק, וואָס איז געווען אָנגעשטרענגט אויף דער צוקינפטיגער הערשאַפט פונ'ם סאָציאַליזם, וואו „עס איז ניטאָ קיין יודען און קיין העלען", זענען פערשוואונדען געוואָרען יענע איבערגאַנגס־עפּאָכען, ווען די „יודען" און די „העלענען" דארפען דאָך קומען צו א וועלכען עס איז הסכם, ווי אזוי צו לעבען אין איי־נעם אין איין און דערזעלביגער מדינה, — און נאָך דערצו אין אזא פיעל־שפראַכיגער מדינה, ווי רוסלאַנד איז, — און קיינער זאָל ניט ווערען דערביי בע'עולה'ט.

אונזערע אידישע רעוואָלוציאָנערען פערגעסען, אז, בעת זיי הערען אויף צו זיין „יודען", ווערען זיי ניט פשוט-מענשען, נאָר זינהעננער פון דער גרויס-רוסישער נאַציאָנאַליטעט, וועמעס רוסיפי־קאַטאָרישע שטרעבונג בנוגע צו די אנדערע פעלקערשאפטען, וואָס בעוואוינען רוסלאנד, איז שוין גאָר ניט אזא וואוילע זאַך, מען זאָל מעגען העלפען איהר ביודעים אָדער בלי יודעים.

דער רוסיש-אידישער רעוואָלוציאָנירער יונגענד איז ניט גענוג, ווען מען פיהלט זיך א „רוס" אין דעם זעלבען זין, ווי דער דייטש פון בערן, דער פראנצויז פון זשנעווע און דער איטאַליענער פון לוגאנא פיהלען זיך, ווי שווייצער: פאקטיש פאָדערט זי פאר דעם אידישען פאָלק ניט א גלייכבערעכטיגטען, זעלבסשטענדיגען בונד מיט אלע פעלקער, וואָס וואוינען אין רוסלאנד, נאָר די פאָלקזמענע צונויפגיסונג מיט דער גרויס-רוסישער אומה.

אין דעם רוסישען שטאַאט זעהט זי א הונדערט-מיליאָניגעם גאנצעם, וואָס אין פערגלייך צו איהם מוזען די וואָסערע פיער ביז פינף פראָצענט אידען, מיט אלע זייערע וועהטאָגען און ליידען אָב־גערוקט ווערן אויפ'ן הינטערסטען פלאַן. קיין נפקא מינה ניט, וואָס און ווי עס וועט זיך אָברופען אויף א וועלכע ניט איז 4%! עס איז געווים א עולה, וואָס אין דער געזעצגעבונג מאכט מען פאר אידען בעזונדערע אָבצאמונגען צוליעב רעליגיעזע און נאציאָ־נאַלע פאָראורטיילען. אָבער וויבאַלד די אלע אָבצאמונגען וועלען אָבגעשאפט ווערען, איז וועמעס דאגה איז דאָס, וואָס מיט די 4% וועט שפּעטער זיין? וועלען זיי ווערען קאפּיטאַליסטען-עקספּלו־אטאטאָרען, ווי עס טרוימען וועגען דעם די אידישע יודאָפילען, וועט מען זיי שלאָגען אין איינעם מיט די איבעריגע עקספּלואַטאטאָ־רען; וועלען זיי בלייבען ארבייטער, יעמאָלט וועלען זיי שלאָגען.

... א הויז דעם, שטעהט רוסלאנד וואהרשיינליך בעפאָר אן עפּאָכע פון קאפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע: די דאָזיגע 4% בעפעלקערונג וואָלט דורך זייער זשעני אין מסחר און אינדוסטריע, געקאָנט מהיכא תיתי, ניט ווענינ אונטערהעלפען, כדי צו פערשנעלערען דעם דאָזיגען אונאנגענעהמען פּראָצעס, כדי גיכער דורכצופיהרען די פּראָ־לעטאַריזאַציע פון די מאסען....

א ברודער וואָלט פערציטערט געוואָרען, ווען אויף זיין שוועס־טער וואָלט אויסגעפאַלען דער גורל צו ווערן א גאַסען־פרוי. ער וואָלט זיך ניט בערוהיגט מיט דעם, וואָס ביי דעם איצטיגען בוי פון דער געזעלשאַפט מוז עקזיסטירען אזא און אזא % פון „געפאַלענע מלאכים“. אָבער דער אידישער רעוואָלוציאָנער קאָן צוקוקען, ווי פאַר זיין פאָלק ווערט צוגעגרייט די „גלענצענדע צוקונפט“ פון א פאַראַזיט און ער וועט מיט א פינגער ניט א ריהר טהאָן, כדי איינ־צושטעלען זיך פאַר דער מאָראַליטעט, פאַר דער עהרע און דעם גע־זונדען לעבען פון זיין פאָלק...

איך וויים, ס'איז א ביטערער פאָרוואורף, טהייערע חברים סאָציאַליסטען! אָבער האָט איהר איהם דען ניט פערדיענט? אויב ניט, וואו זענען דען אייערע פרואווען איינצואימפען אונזער פאָלק די אידעאַלען פון ארבייט און פון א געזונטער געזעלשאַפטליבער עטיק? גיט איהר אוועק, לאָז זיין א צעהנטעל פון אייער ענערגיע, כדי צו פראָפאַגאַנדירען דעם סאָציאַליזם צו די אידישע מאסען?

איך וויים ניט; עס קאָן זיין, אז, פון דעם שטאַנדפונקט פון דער אַלוועלטליכער מענשליכער געשיכטע, איז די אידישע פראַגע אין רוסלאַנד אין דער אמת'ן אזא קליינינקע און ניט וויכטיגע, אז א מענש מיט א ברייטערען האָריזאָנט, קאָן זיין, זאָל זי גאָר ניט בעמערקען. אָבער אונז אידען איז דאָך דערפון גאָר ניט גרינגער.

מיר זענען דאָך ניט שולדיג אין דעם, וואָס ניט אַלע פון אונז זענען געבענשט מיט אזא ברייטען האַרץ, וואָס זאָל קאָנען ארומנעהמען די גאַנצע מענשהייט, שיער ניט ביז צו דעם אוראַנג־אוטאַנג; און מיר קאָנען ניט צוליעב וועלט־אידעען און געשיכטס־פילאָסאָפישע היפאָטעזען קוקען אויף זיך, ווי אויף וואָסערע 4% פון עמיצען אַן אַנדערן, בעת מיר זענען 100% פון זיך אַליין...

און עס איז אונז שווער זיך פאָרצושטעלען, אז די אמת'ע ליעבע צו דער מענשהייט זאָל געהן להיפך צו דעם אמת'ען פאַט־ריאָטיזם וואָס וויל נאָר איין זאַך: אז די אַלגעמיין — מענשליכע אידעאַלען, וואָס די בעסטע מענשען פון אַלע פעלקער האָבען אויס־געאַרבייט, זאָל דאָס אייגענע פאָלק פערקערפערען אין זיין איי־גענעם לעבען וואָס גיכער און וואָס פולער.

כדי צו פערענדיגען דעם אַלגעמיינעם איבערבליק איבער די

שטעלונג פון אונזער אינטעליגענץ צו אונזער פאָלק, לאָמיר זיך נאָך אָבשטעלען אויף די פּאַלעסטינאָפילען.

דאָס סימפּאַטישעסטע אין יענער ריכטונג איז געווים דער פאַקט, וואָס זי האָט אויף איהר פאָהן אָנגעשריבען דעם אומקעהר פון דער אינטעליגענץ צו דעם פאָלק. אָבער אין איינעם מיט אָט דעם דעוויז און מיט נאָך איינינע אַנדערע פּראָגרעסיווע דעוויזען, העדען זיך צום אומגליק, אַזעלכע לאַנג־אָבגעלעבטע און ווילד־קלינגענדע שלאָכט געשרייען, אַז, כלעבען, עס וואָלט גאָר בעסער געווען, ווען אָט די פאָהן וואָלט לגמרי ניט עקזיסטירט.

די גאַנצע מענשהייט צופאַלט, לויט דעם מיינונג פון די חובבי־ציון, אין צוויי לאַגערען: אידען און ניט אידען. דערביי איז דער לעצטער לאַגער פערשאָלטען מיט אַ ספּעציפישער חלאת, וואָס געהט איבער בירושה פון דור צו דור, די יודאָפאָביע. „די יודאָפאָביע איסט איינע פּסיכאָזע“, שרייבט דער ערשטער טעאָרעטיקער פון דעם פּאַלעסטינאָפילענטום, דער פערשטאָרבענער דר. פּינסקער. „אַלס פּסיכאָזע איסט זי הערעדיטער, אונד אַלס איינע זייט צוויי טויזענד יאָהרען פערערבטע קראַנקהייט איסט זי אונהיילבאַר*)

די פּאַלעסטינאָפילען זענען ראַדיקאַלע אָפּטימיסטען אין אַלץ, וואָס איז שייך צו אידען; זיי ווערען אָבער מורא'דיגע מיזאַנטראָפּען, ווי נאָר עס רעדט זיך וועגען די אַריער. אונטער דער אַלטער שנאה פון די אידען צו אַלץ, וואָס איז פרעמד און ניט אידיש, — אַ שנאה, וואָס רוהט, דער עיקר, אויף דעם איצטער צונויפגעפוילענרען פונדאַ־מענט פון דער אָבגעזונדערטער רעליגיע, — זעהן זיי אונטערצו־בויען אַ נייעם, כלומרשט וויסענשאַפטליכען פונדאַמענט פון היסטאָ־רישע און עטנאָלאָגישע ארגומענטען.

אָט די מיזאַנטראָפּישע שטעלונג צו דער גאַנצער מענשהייט איז שוין ניכר געווען ביי דעם פּאַלעסטינאָפילענטום נאָך יעמאָלט, ווען דאָס האָט זיך ניט געשטעלט אין אַזאַ פיינדליכע פּאָזיציע צו דער אייראָפּעאישער קולטור, צו די אידעאַלען פון וויסענשאַפט און פרייער פאָרשונג; ווען די נייע לעהרע האָט נאָך גערעכענט דער עיקר אויף אינטעליגענטע קרעפטען. איהר קאָנט זיך שוין משער זיין,

*) דר. פּינסקער, „אויטאָ־עמאַנסיפּאַציאָן“, בערלין, 1882, ז. 5.

ביז צו וועלכע הערקולעס־זיילען פון אַבסורדאַנטיזם עס איז דערוואַקסען די לעהרע איצטער, ווען זי האָט זיך געמאַכט אַ הארץ און האָט זיך גענומען יאָגען נאָך דעם צוטרוי פון די עם־הארצ'ישע מאַסען אויף דעם וועג פון חניפות אָהן אַ שיעור צו די פּאַראַלטעטע רעליגיעזע פאָראורטיילען!

נאָר — כמעט איטליכע נאַציאָנאַלע בעוועגונג, אין וואָס פאַר אַ צוריקגעבליבענע פאָרם זי זאָל ניט ארויסטרעטען אין לעבען, האָט געהאַט אין זיך איינציגע פּראָגרעסיווע עלעמענטען, און כמעט יעדע אוטאָפּיע, ווי פאַנטאַסטיש זי זאָל ניט זיין, קאָן רעכענען צו איהר איינגעס אַ מעהר אָדער וועניגער ריכטיגע קריטיק פון דער הערשענדער ווירקליכקייט.

די חבתציון, אין איהר דאָפּעלטער איינגעשאַפט, ווי אַ נאַציאָנאַ־לע בעוועגונג און אַן עכטע אוטאָפּיע, איז ניט פּרעטער געבליבען צו געוויסע פּראָגרעסיווע עלעמענטען און צו אַ קריטיק פון דער געגענוואַרט, וואָס שטימט איין אין אַ סך פּונקטען מיט דעם ריינעם אמת.

אויף דער אידישער ווירקליכקייט פאַלען די חובבי־ציון אָן, דער עיקר פון צוויי זייטען, וואָס זענען אין דער אמת'ען די אָנגעוועהטיג־סטע; דער ערשטער פּונקט איז די עקלישע דעגענעראַציע פון דעם אידישען פאָלק, אַ דעגענעראַציע וואָס איז אַ נויטוועדיגער פּועל־יוצא פון דעם שטאָדטישען, מקח־וממכר'ישען לעבען. דער צווייטער פּונקט איז די שטאַרק אָראָבגעזונקענע נאַציאָנאַלע זעלבסט־טהע־מינקייט פון די אידען, וואָס האָט אלע זייערע האָפנונגען אויף רע־פאָרמען און פערבעסערונגען געבויט אויף שתדלנות אין „די הויכע פענסטער“.

דער פּועל־יוצא פון דער קריטיק איז די הויפּט־פאָדערונג, וועלכע די חובבי־ציון שטעלען ארויס: דעם זעלבסטשטענדיגען אויפ־בוי פון דעם פאָלקס־לעבען אויף די געזונטע יסודות פון ערד־אַר־בייט... פערשטעהט זיך, ניט אין דעם אַרישען רוסלאַנד, נאָר אין דעם הייליגען לאַנד פון די הייליגע אבות...

אָבער ווען מען זאָל שוין אַריינרעכענען די געזונטע עלעמענטען פון זייער פּראָגראַם, זענען די חובבי־ציון פון דעסטוועגען אַ טויטע פּאַרטיי. איהר קינסטליכער לעבען ווערט אויפגעהאַלטען נאָר דורך

די רעגירונגס־פּאָגראָמען אין רוסלאַנד און דורך די אַנטיסעמיטישע פּאָגראָמען אין אויסלאַנד. אַ טויטע פּאַרטיי דערפאַר, ווייל פּראַק־טיש קאָן זי איצטער ניט בעפרידיגען קיין איינע פון די נויטיגע בעדערפעניסען פון דעם פּאָלק.

וועגען דער הויפּט־בעדערפענים פון דעם פּאָלק, — געפינען אַ בעפרידיגענדען ענטפער אויף דער ברויט־פראגע, — זענען זיך די חובבי־ציון אַליין מודה אין זייער אייגענער אָהן־מאכט. די קאָ־לאָניזאַציע פון ארץ־ישראל פּאָדערט אַזאַ מאַסע געלד, אַז אַרויס־פּאָהרען אַהין קאָנען זיך ערלויבען נאָר גאַנץ פערמעגליכע מענשען.

מחמת אָט דעם אומשטאַנד און ווייל די טערקישע הערשער קוקען קרום אויף דעם אידענס בעשטרעבונגען צו פערכאַפּען איינע פון די טערקישע פּראָווינצען, זענען דער קאָלאָניזאַציע פון די אָרימע מאַסען אין פּאַלעסטינע אונטערגעשניטען געוואָרען די וואָרצלען.

און די „אויסערגעוועהנליכע ווירקונג פון דער אינטעליגענץ" אויף דעם גאַנג פון די פּראַקטישע אַרבייטען אין ארץ ישראל האָט זיך אויפ'ן שטעל פערוואַנדעלט אין אַ וויסטען מיף, ווי נאָר זי האָט געמוזט איינבויגען דעם קאָפּ פאַר דעם ווילען פון די פערשיידענע גבירען און רבנים, וואָס האָבען זיך אַרויפגעכאַפּט רייטענדיג אויף דער בעוועגונג.

די חובבי־ציון בלייבט איצטער נאָר איין זאַך: אויפהאַלטען אין פּאָלק דעם מיסטישען דונסט פון דעם רעליגיעזען נאַציאָנאַליזם און מיט די אייגענע הענד שלעפּען די קוילען פון אויוועז פאַר די קינפטיגע אידישע גוטס־בעזיצער און זאַטע פערמערלעך אין ארץ־ישראל.

צום עגמת נפש, טהוען זיי דאָס איצטער מיט אַ ברען און אַן איבערגעבענקייט, וואָס פערדיענען, אַנגעווענדעט צו ווערען אויף בעסערע שטרעבונגען.

## 6.

די אַלע, אויבען בעשריעבענע ראַטען זענען, אויף אונזער בליק, נענוג, כדי אין גאַנצען צו אָריענטירען זיך אין דער לאַגע פון דעם אידישען פּראָבלעם אין רוסלאַנד.

אויף אַ לפּי־ערך קליינעם שטח פון עטליכע גובערניעס איז, אין שטעט און שטעטלעך, צונויפגעפּרעסט אַ פיער־פינף מיליאָן

אידישע בעפעלקערונג, וואס איהרע מאסען בעשטעהען פון אן אר־בייטער און האנדעלס־פראלעטאריאט, וואס איהר וואוילשטאנד ווערט רעזומירט מיט איין ווארט — פאופעריזם. אלע פרואווען, שיטערער צו מאכען די דאזיגע בעפעלקערונג דורך עמיגראציע קאנען האבען די בעדייטונג נאר פון א זעהר מאנגעלהאפטען פא־ליאטיוו־מיטעל, וויל פאלעסטינא איז איצטער ניט צוגענגליך פאר די ארעמע, און די קאלאניזאציאנס־אונטערנעהמונגען פון א בארא̃ן הירש קאנען, לויט די רויז־געפארבטע חשבונות פון דער רוסיש־אידישער פרעסע, ברענגען א מקום מנוחה קוים פאר א פערטעל פון די רוסישע אידען.

ווייטער. דער הויפט פיינד פון דעם אידישען פאלק, — אן אומ'ברחמנות'דיגער און ניט איינצושטילענדער, — איז די רוסישע זעלבסט־הערשאפט, וואס שטעלט זיך ניט אב פאר קיינע מיטלען, כדי צו מאכען פשוט אונמעגליך דאס לעבען פון די אידען אין לאנד, און דער נאטירליכער פיינד פון דער זעלבסט־הערשאפט, די פראגרעסיווע רוסישע געזעלשאפט, שטעלט זיך צו דעם אידישען פאלק כמעט אזוי, ווי די אייראפעאישע סאציאל־דעמאקראטיע, צ. ב., שטעלט זיך צו דער פראגע וועגען דער גלייכבערעכטיגונג פון דער קאטוילישער קירך. אין פרינציפ נעהמט זי עס אן, אבער אין דער טיעף פון דער נשמה מוז זי ווינשען איהר אלערליי דורכ־פאלען אין אלע איהרע אונטערנעהמונגען.

באמת איבערגעבען צו די אידעאלען פון אן אונבעדינגטער אי־דישער עמאנסיפאציע זענען נאר די רוסישע ליבעראלען און אונ־זערע יודאפילען. אבער אויב עס זאל זיך אונזערע ליבעראלען איינ־געבען איבערצובויען דעם שטאאטס־לעבען פון רוסלאנד לויט זייערע פרינציפען, וועט פאר דעם אידישען פאלק אויסוואקסען די סכנה — דער געהן צו די זעלביגע טרויעריגע רעזולטאטען, וועלכע די אידישע גלייכבערעכטיגונג אין מערב־אייראפא האט געבראכט מיט זיך.

דער ארבייטער און האנדעלס־פראלעטאריאט וועט זיך ניט בעפרייען פון דלות, פון פיזישער און מאראלישער ענטארטונג; די האנדעלס־קלאסען וועלען ארייננטרעטען אין אן אכזריות'שע קאנ־קורענץ מיט דעם מיטעלערן און קליינעם רוסישען קאפיטאל און וועל־

לען פערנעהמען אַ פּראָמינענטען פּלאַץ צווישען די, וואָס פערשקלאַ־פען די אידישע און ניט־אידישע ארביים. די אינטעליגענץ וועט לגמרי פערלאָזען דאָס פאָלק אויף דעם בעראָט פון די סמיכישע סאָציאַלע קרעפטען; זי וועט זיך אַ לאָז טהאָן אין אַ נעיעג נאָך אלעלריי „וואַרעמע שטעלעלעך" אין דער ביוראָקראַטיע, דער שוהל, דער אדוואָקאַטור און די אַנדערע ליבעראַלע פּראָפעסיעס, און וועט אַנהענגען אי זיך, אי דאָס פאָלק צו די פּוילען, און צו די גרויס־רוסען, צו די ווייס־רוסען און צו די קליין־רוסען, צו די טשואוואַ־שען און צו דער מאָרדווא.

ד א ס ג א נ צ ע א י ד י ש ע פ א ל ק ו ו ע ט א ר ו י ס ר ו פ ע ן א נ ט ק ע ג ע ן ז י ך נ א ך א ש ר ע ק ל י כ ע ר ע ן א נ ט י ס ע מ י ט י ז ם, א י ד ע ר א י צ ט ע ר, ווייל די יודאָפאָבען וועלען, אַ דאַנק דער פּאָליטישער פרייהייט, האָבען אַלע מיטלען אין די הענד פאַר אַ פרייער אוג־אויפהערליכער אגיטאַציע.

נאָר קורצזיכטיגקייט און אינדיפערענטיזם, נאָר נאַציאָנאַלע בלינדקייט און טעאָרעטישע דאָגמאַטיק קאָנען ניט זעהן יענעם נאַ־טירליכען אויסוועג פון דער לאַגע, וואָס זאָל מסוגל זיין איין מאָהל פאַר אַלע מאָל מאַכען אַ סוף צו די יסודים און רדיפות, מיט וועלכע אונזער פאָלק ווערט געפּלאָגט אין אַ משך פון שוין באַלד צוויי טויזענד יאָהר.

דער אויסגאַנג איז — די וויעדערבעלעבונג פון דעם אידישען פאָלקס־לעבען אויף די יסודות פון ערד־ארבייט אין רוסלאַנד גופא!

און אין דער אמת'ן! פערבונדען מיט דער רוסישער ערד הורך ניט צערדייסבאַרע קניפּלען פון ערד־ארבייט, וועלען די אידען שוין אַמאָל אויפהערען צו קוקען אויף זיך, ווי אויף פרעמדע אין רוס־לאַנד, און די רוסישע ערד־בעארבייטענדע פעלקער וועלען אויפהערען צו קוקען אויף אונז, ווי אויף אַ וואַנדער־פאָלק, וואָס לאָזט ניט אריין קיין וואָרצלען אין דעם היימישען באָדען, ווי אויף שלעפער אָהן אַ שטאַם און אָהן אַ גזע, אָ ה ן א י י נ ע נ ע ם ל א נ ד.

אַ געזונדער אידישער מאַסען־פּויערטום וואָלט דורך זיין איט־פּאָנירענדע ערשיינונג געמאַכט אונמעגליך אַט די אַלע בעשולדי־גונגען און רכילות'ן וועגען אונזער עקעל צו פיזישער ארביים, וועגען

דעם פּאַראַזיטישען לעבען פון דעם גאַנצען פאָלק, און וועט אַרויס־רופען צו זיך די היסטעריע סימפּאַטיען פון אַלע בעסערע עלעמענטען פון׳ם לאַנד.

די געזונדע פיזישע אַרבייט פון דעם אַקערסמאַן וועט זיך וואַהל ווירקענד אָבּרופען אויף דעם פיזישען און עטישען טיפּ פון דעם אידען, וואָס איז אַזוי שטאַרק פערהוּיקערט געוואָרען אין דער שטאָטישער אַטמאָספערע, אַזוי טיעף צוריעט געוואָרען, אַ דאַנק דעם שטענדיגען טראַכטען וועגען אַלערליי מיטלען, ווי אַזוי צו קומען צו אַ שטיקעל טרוקען ברויט.

די אידישע אינטעליגענץ וועט זיך אומקעהרען צו איהר פאָלק, ווי נאָר זי וועט געפינען אין איהם אַ דאַנקבאַרען באָדען פאַר די פערשפּרייטונג פון סאָציאַליסטישע אידעאַלען, און דער אַגראַרישער סאָציאַליזם, די ליכטיגע צוקונפט פון דעם ערד־אַרבייטענדען הוּס־לאַנד, וועט ווערען דער אידעאַל אויף פון די אידישע פויערים־מאַסען. און ווען עס וועט אַריינטרעטען די אויסאַיינונג פון אינטעליגענץ און פאָלק, — אַן אויסאַיינונג, וואָס איז אַ סך גרינגער דורכצופיהרען ביי אונז, איידער ביי אַלע אַנדער פעלקער פון רוסלאַנד, וועט יע־מאָלט זיין אַ סוף אויך צו דעם גייסטיגען יאָך פון אונזערע רבנים, צדיקים און אַלע אַנדערע אידישע אָבסקוראַנטען. אונזער בעגאַבּט פאָלק וועט קאָנען אַריינעהמען אין זיך די יסודות פון דער איי־ראָפּעאישער ציוויליזאַציע און וועט ניט דאַרפען מורא האָבען, ווי איצטער, אַז ער וועט, מיר־נישט, דיר־נישט, דאַרפען אויפהערען צו זיין אַ איד און ווערען, מיר־נישט, דיר־נישט, „אַ טשוּאוואַש פון דער מאָזאַאישער קאָנפעסיאָן“.

אָבער כדי דער דאָזיגער אידעאַל פון דער אידישער דאָרף־קאָ־מונע זאָל קאָנען מקוים ווערען פאַר דער מאַיאָריטעט פון אונ־זער פאָלק, מוזען אין רוסלאַנד אַריינטרעטען פערענדערונגען, וואָס זאָלען מאַכען אַ סוף צו דעם אונקאָנטראָלירטען, מענשען־פיינדלי־כען באַלעבאַטעווען פון דער רוסישער רעגירונג, און וואָס זאָלען איבערגעבען די שליטה אויפ׳ן לאַנד צו יענע עלעמענטען פון דער רוסישער געזעלשאַפט, וואָס האָבען אויף זייער פאָהן אָנגעשריבען די אינטערעסען פון די אַרבייטענדע קלאַסען, די אינטערעסען פון

די פאבריק־ארבייטער און די פויערים. קורץ, עס דארף אריינטרעטען א ראדיקאלע פאליטישע רעוואלוציע.

און דעריבער, מוז די אידישע אינטעליגענץ, וואס איהר זע־נען נאך טהייער די אינטערעסען פון אונזער פאלק, קאנצענטרירען איהר גאנצע ענערגיע, איהר גאנצע מסירת־נפש, אויף וועלכע זי איז מסוגל, אויף דער הילף צו דער דאזיגער רעוואלוציע מיט אלע דערגרייכבארע מיטלען און אויף דער פראפאגאנדא פון איהר צווי־שען דעם אידישען פאלק אין דעם נאמען פון זיינע אייגענע פאלקס־אינטערעסען...

אונזער פאלק האט שוין ארויסגעשטעלט א צייל מארטירער העלדען, וואס זענען געפאלען, ווי א קרבן אויף דעם מזבח פון אונזער מוטערלאנד. זאל אונזער פאלק ניט אויפהערען ארויסצוגעבען זיינע קאהאן־בערנשטיינס און העלפמאן, זיינע הויסמאנס און גינצ־בורג, ניט נאר צוליעב דער בעפרייאונג פון אונזער אלעמענס מוטער־היים רוסלאנד, נאר אויך צוליעב דער ווידער־בעלעבונג פון דעם אייגענעם פאלק.

# דער עקאנאמישער מאטעריאליזם און די נאציאנאלע פראגע

(1908)

# דער עקאָנאָמישער מאַטעריאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע *)

בעת די רוסיש־אידישע אינטעליגענץ האָט זיך צום ערשטען מאָל ארויסגעריסען פון דער תפיסה, אין וועלכער דער תלמוד און די קבלה האָבען זי געהאַלטען; בעת זי איז אריינגעשליידערט געוואָרען אין דעם קעסעל־גרוב פון דעם מאָדערנעם אייראָפּעאישען לעבען און די פּראָבלעמען פון דעם מאָדערנעם געדאַנק, איז ביי אַ סך האַלבע פריי־דענקער, וואָס האָבען זיך ניט געקאָנט אין גאַנצען בעפרייען פון דער אַלטער הייליגער טראַדיציע, אויסגעוואַקסען אַ בעשטרעבען — צו פערענטפערען אַלע פאָדערונגען פון דער נייער צייט דורך די לעהרען פון דער רעליגיע גופא און געפינען פאַר יעדער „עבירה" אַ וועלכען עס איז ה י ת ר ביי אַ וועלכען עס איז פרומען רב אָדער גאון.

אַזעלכע היתירים איז זעהר שווער געווען אויסצוגראָבען אין אַ קלאַסיש ריינער פאָרם. דאָס רוב האָט מען זיך געמוזט מפלפל זיין, צונויפשטעלען פערשיידענע טעקסטען, פערגלייכען זיי, אַנאַליזירען זיי אין דער טיעף און פאַרנאַנדערוועלגערען זיי אין דער ברייט, כדי אויף אַזאַ'ן אופן אריינצואווערגען אין די רייד פון די פרומע רבנים אַזעלכע געדאַנקען, וואָס האָבען קיינמאָל ניט געקאָנט אפילו אין חלום ארויף אויף זייער זין.

וואָס שאַרפער די נייע פאָדערונג פון לעבען איז זיך פאַנאַנדער

*) ערשיענען אין רוסיש, אין דעם צווייטען באַנד „סערפּ", 1908, אָהן דער הקדמה וועגען די „היתירים".

נעגאַנגען מיט דעם הערשענדען דין, אַלץ פער'פּלפּול'טער און שעהנער פּלעגט אַרויסקומען דער רעזולטאַט, אַז דאָס, וואָס געהט בלומרשט להיפך צו דעם דין, איז אין דער אמת'ען אַ בפירושע מצוה, וועלכע די „פינסטערלינגע" האָבען ניט פערשטאַנען (ווי צ. ב. די מצוה צו שטודירען די געזעצען פון דער נאַטור.)

און וואָס שעהנער עס איז געווען דער אַפּיקורסישער דרש, אַלץ מעהר אַנהענגער האָט צוגעצויגען צו זיך די „השכלה", אַלץ מעהר פּלעגט מען :תפעל ווערען פון דער טיעפער חכמה, וואָס שטעקט אין דעם אַפּיקורסישען געדאַנק.

אין דער געשיכטע פון דער אידישער אינטעליגענץ פון די דרייסיגער און פערציגער יאָהרען פון דעם פאָריגען יאָהרהונדערט — האָט זיך ווידער אָבגעשפּיעלט דערזעלבינער פּראָצעס, וואָס איז שוין אַמאָל, אין גאָר אַלטע ציימען, דורכגעמאַכט געוואָרען פון די גאונים און אמוראים.

אויך זיי פּלעגען פּערענטפערן מיט פּסוקים פון דער תורה און פון די נביאים אַזעלכע לעבענס-נויטען, וואָס פּלעגען אָפטמאָל ניט האָבען קיין ברעקעל שיכות צו די פּסוקים, אָדער וואָס פּלעגען נאָך עפּטער פּאַסען צו די פּסוקים אַזוי ווי אַ פינגער מיט אַ שפּיציגען נאָגעל צו אַן אויג.

אגב, מוז מען דאָ בעמערקען, אַז אָט דער „פּלפּוליזם", אָט די אַלע אויסגע'מוח'טע לאָגישע דריידלעך און פּשט'לעך זענען ניט דוקא אַ א י ד י ש ע המצאה. מיר געפינען דאָס אומעטום, וואו דער מענשליכער גייסט איז פעראינטערעסירט אַריינצושטופּען מיט געוואַלט אַ נייעם אינהאַלט אין אַלטע פאָרמען.

נאָך דער אידישער מוח, אויסגעוואַקסען אין אַ משך פון דורות אויף פּלפּול און דרש, האָט בעקומען אַ געוויסען הערעדיטערען הרגל צו זיי. דעריבער פּאַלט ער אונטער גיכער, איידער אַ ניט אידי־שער, אונטער דער שליטה פון יענעם הרגל, און קאָן מיט מעהר קונציגקייט איידער אַנדערע אויסשפּיצלען וואָס ער וויל פון וואָס ער מוז.

אין יענער צייט פון דעם ערשטען אויפבליה פון אונזער

השכלה, דערצעהלען פרומע אידען, איז פארגעקומען אזא מין פאַ־סירונג.

א אידישער יונגער משכיל האט דערטאפט ערגעץ וואו אן אלטען, הדרת־פנים'דיגען אידען, מיט בארד און פאות, וואס איז זיך געזעסען און האט רוהיג געגעסען, ניט מעהר און ניט ווענינער, ווי א געבראטען חזיר'ל.

נתפעל געווארען פון אזא קוראזשירטער עבירה, טיעף איבער־צייגט, אז דאס מוז מסתמה זיין איינער פון גאר די „גדולים" אין דער השכלה, און אז ער מוז גאנץ זיכער האבען אן אויסטערלישען היתר, וואס קאן כשר מאכען א חזיר'ל, איז ער מיט א קלאפענדען הארצען צוגעלאפען צום זקן.

— „איהר... איהר עסט א חזיר'ל, — האט ער אנגעהויבען. — מעג איך אייך בעטען, אויסזאגען מיר דעם היתר, וואס איהר האט געפונען אויף איהם? איך וועל אייך קיינמאל די טובה ניט פערגעסען"...

דער אלטער איד האט גוטמוטיג ארויפגעבליקט אויף דעם יונגען מאן און האט גאנץ רוהיג געענטפערט:

— „ס'חזיר'ל? דאס עס איך מיר סתם אזוי..."

דער „סתם אזוי" האט געהייסען: איך עס עס דערפאר, ווייל עסען חזיר איז געשמאק און איז געזונט און איז נאך מיינע מיט־לען, און — ווען מען ארט דאס, אז עס איז ערגעץ וואו פערבאטען?

פרומע אידען, וואס דערצעהלען אט דעם אנעקדאט, ווילען דערמיט אויסלאכען די קעצענע צולאזענקייט און האזענע פחדנות פון דעם משכיל דעם אפיקורס, וואס איהם ווילט זיך אי חזיר־עסען, אי נאך א שעהנער און פרומער איד בלייבען דערביי.

פון דער אנדער זייט זענען די פרומע אידען מיט דער מעשה'לע אויסען, קלאר צו מאכען, אז אויף עסען חזיר, ווי בכלל אויף „ארויס־געהן פון גדר" און ווערן א פורק עול דארף מען ניט האבען קיין איבעריגע חכמות; אז דאס קאן טהאן אויך א „סטיאפקע" אדער א „כאמקע", וואס טראגט ניט אריין קיין טיעפען זין אין זיין אייגע־

נעם לעבען און גיט זיך אָב אין פשטות צו אַל' די תאוות און תענוגים פון זיין זינדיגען גוף.

וואָס פאַר דעם פרומען אידען — חזיר, דאָס איז פאַר דעם פרומען אידישען סאָציאַליסט — דער נ א צ י אָ נ א ל י ז ם: די העכסטע מדרגה פון אפּקורסות, דער העכסטער שטופעל פון „טריפה". און וואָס פאַר דעם פרומען אידען — „די תאוות פון דעם זינדיגען גוף", דאָס זענען פאַר דעם פרומען אידישען סאָציאַליסט די „סוביעקטיווע ווערעגישען פון דעם אידעאַלאָג".

עס איז פאַר איהם נאָך ניט גענוג, ווען מען בעווייזט, אַז די נאַציאָנאַלע וויעדערגעבורט פון דעם אידישען פאָלק אין אַן אייגענעם לאַנד איז „געזונט, געשמאַק און נאָך די מיטלען", ד. ה. אַז דאָס איז דער אידעאַלסטער ענטפער פון דער אידישער פראַגע, א „תירוץ מספיק" סיי פאַר די אידען, סיי פאַר די ניט אידען.

עס איז פאַר איהם נאָך ווייניג, ווען עס ווערט קלאָר געמאַכט, אַז פון אַזאַ'ן ענטפער אויף דער אידישער פראַגע וועלען געווינען קודם כל די אידישע פראָלעטאַריער און די אידישע אָרעמערע קלאַסען, און אַז דער „ענטפער" קאָן אריינגעפיהרט ווערן אין לעבען, אויב נאָר דער ווילען פון די אידישע מאַסען וועט דורכגעדרונגען ווערן פון יענעם אידעאַל.

ווי איבערצייגענד אייערע ארגומענטען זאָלען ניט זיין אין די גרעניצען פון אָט דער אויפגאַבע, ווי טיעף עס זאָל ניט זיין אייער קריטיק פון אַלע אַנדערע ווענען, ווי צו פערענטפערן יענעם, ביז צו משוגע ווערן אַנגעוועהטיגטען פון אַלע אַנגעוועהטיגטע פּראָבלעמען, — וועט ער אַלע אייערע טענות און שטרעבונגען בעטראַכטען נאָר ווי „סוביעקטיווע ווערעגישען פון דעם אידעאַלאָג", ווי „תאוות פון דעם זינדיגען גוף".

. . . „סוביעקטיווע ווערעגישען פון דעם אידעאַלאָג" דערפאַר, ווייל איהר קאָנט ניט אָנווייזען אויף יענע ע ק אָ נ אָ מ י ש ע קרעפטען, וואָס ווירקען א חוץ פון אייער ווילען און וואָס מוזען אומפערמיידליך פיהרען צו דער פערקערפערונג פון דעם אידישען נאַציאָנאַלען אידעאַל.

„תאוות פון דעם זינדיגען גוף" דערפאַר, ווייל עס איז א חטא גדול פאַר אַ סאָציאַליסט, וואָס דאַרף אָבהיטען די ריינקייט פון דער פּראָלעטאַרישער וועלט־אנשויאונג, צו בעשעפטיגען זיך מיט אַזא טומאה, ווי דער נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט געקאָנט אויסוואַקסען נאָר אויף דעם באָדען פון דער בורזשואַזער, לפּחות, קליין־בורזשואַזער פּסיכאָלאָגיע.

איך וויל בשום אופן דערמיט ניט זאָגען, אז דער אידישער פרומער סאָציאַליסט ליעבט ניט זיין פאָלק, אַז איהם טהוט ניט וועה דאָס האַרץ פאַר זיין גורל און אז ער געפינט קיין ברעקעל „געשמאַק" ניט אין דעם אידישען וויעדערבעלעבונגס געדאַנק. עס איז שווער זיך צו פאָרשטעלען איין איינציגען אידישען סאָציאַליסט, וואָס זאָל לייקענען, אַז עס וואָלט געווען אַ גוטע זאַך, ווען דער אידעאַל פון דער אידישער נאַציאָנאַלער וויעדעראויפלעבונג וואָלט מקוים געוואָרען.

אָבער אויך די אַלטע פרומע אידען זאָגען דאָך: „ניט דער־פאַר עסען מיר ניט קיין חזיר, ווייל ער איז ניט געשמאַק, אדרבה! חזיר איז זעהר געשמאַק! נאָר דערפאַר עסען מיר איהם ניט, ווייל די הייליגע תורה הייסט ניט."

אנאַלאָגישע דערקלעהרונגען וועגען דעם נאַציאָנאַליזם איז אונז ניט איין מאָל אויסגעקומען צו הערען פון אידישע ראַדיקאַלע אַרבייטער אין ניו יאָרק אין דער צייט פון דער רוסישער רעוואָלו־ציע און די פּאָגראָמען.

יענע אַרבייטער האָבען זיך אַליין געוואונדערט, וואָס די אי־דישע פּאָגראָמען האָבען אַזוי שטאַרק פערכאַפּט זיי פאַר'ן האַרצען, בעת די שחיטות אויף די אַרמעניער אין טערקיי, די טאַטאַריש־אַרמענישע אויסשעכטונגען און די חוליגאַנישע פּאָגראָמען אויף דער רוסישער אינטעליגענץ האָבען איבערגעלאָזען אַ סך אַ קלענערן רושם אין זייער נשמה. זיי פלעגען זיך מוזען מודה זיין, אַז „מיט'ן האַרצען זענען מיר אידען". אָבער וואָס זאָל מען טהאָן? די תורה הקדושה הייסט ניט פאָלגען דעם זינדיגען האַרצען...

עס איז דעריבער קיין חדוש ניט, וואָס אויף דעם באָדען פון אַזאַ פּסיכאָלאָגיע האָבען אין דעם אידיש־סאָציאַליסטישען געדאַנק געמוזט אויסוואַקסען פערשיידענע פּרואווען, ווי אויסצוגעפינען אַ

היתר פאר'ן נאציאנאליזם, וואס זאל איהם ברענגען אין פולען איינקלאנג מיט דער הערשענדער סאציאליסטישער טעאריע, מיט דעם אזוי אנגערופענעם „עקאנאמישען מאטעריאליזם" פון מארקס און ענגעלס.

צום דריטען מאל אין דער אידישער געשיכטע האבען גענומען פרעהליך ארבייטען די לייכט בעפליגעלטע מיהלען פון דעם אידי־שען פלפול, אויפהויבענדיג צום הימעל גאנצע וואלקענס טעארע־טישע שטויב... היתירים האבען זיך געשאטען נאך היתירים.

די איינע האבען דערביי אנגעווענדעט דעם לאנג אויסגעפרו־בירטען מיטעל פון יענעם קאטוילישען גלח, וואס האט אבגעשמדט א חזיר'ל אויף א פיש, און האבען נאאיוו בעהויפטעט, אז אין זייער פראגראם, וואס פאדערט אן אנאבהענגיגע זעלבסטשטענדיגע אידישע באלעבאטישקייט איז ניטא קיין סימן פון נאציאנאליזם.

וויעדער אנדערע האבען געזוכט צו בעווייזען, אז די נאציא־נאלע פאדערונגען אין זייער פראגראם ווערן ארויסגעשטעלט ניט מיט קיין אנדער צוועק, ווי נאר מיט דעם מיין, כדי צו העלפען דעם פראלעטאריאט, ער זאל קומען צו א קלארערען קלאסען־בעוואוסט־זיין. ווייל ביז די נאציאנאלע פראגע וועט ניט פערענטפערט ווערן, מוז די בורזשואזיע און דער פראלעטאריאט צונויפגעשמידט ווערן אין איינעם מיט דיזעלביגע קעיטען פון דעם נאציאנאלען דרוק און דערפאר ווערט פערטונקעלט דער היפך פון זייערע עקאנאמישע אינטערעסען.

און עס זענען געווען אויך אזעלכע, וואס האבען די נויטווענ־דינקייט פון אן אייגענער טעריטאריע בעוויזען דערמיט, וואס א טעריטאריע איז דער נויטווענדיגסטער פארבעדינג פאר דער „פראָ־לעטאריזאציע" פון די אידישע מאסען.

האט זיך אבער איינעם איינגעגעבן ארויסצו'פלפול'ן, אז די ענטוויקלונגס-אינטערעסען פון דעם קאפיטאליזם מוזען ארויס־רוקען פאר די פראלעטארישע גרופען געוויסע נאציאנאלע אויפגא־בען און אז דאס מוז געשעהן מיט דער צוואנגהאפטיגקייט פון א נאטור־געזעץ, איז יעמאלט האט דער פראלעטארישער געוויסען אודאי געמאנט זיין אין גאנצען בערוהיגט: דורך דעם האט מען דעם נאציאנאליזם ניט נאר מתיר געווען, נאר אויך אויפגעהויבען

צו דער מדרגה פון א חוב, פון וועלכען קיין פּראָלעטאַריער האָט קיינ רעכט ניט זיך אַרויסצודרעהען.

כמעט אַלע אַזעלכע טעאָרעטישע בנינים פון דעם איצטיגען אידישען מאַרקסיזם ליידען פון דעמזעלביגען קאַרדינאַלען פעהלער, וואָס פון איהם איז ניט געווען פריי דער מאַרקסיזם בכלל, פון יענעם „אָדם הראשון'ס" חטא, וואָס בעשטעהט אין דער אויבערפלעכליכער אָבשעצונג און אין דעם מאַנגעלהאַפטען בעגרייפען פון דער ראָליע, וועלכע דער „נאַציאָנאַלער פאַקטאָר" האָט געשפּיעלט, שפּיעלט נאָך עד היום און וועט נאָך שפּיעלען אין דעם היסטאָרישען לעבען פון דער מענשהייט.

אין זיין שטרעבען אַלץ צוריקפיהרען צו דער „עקאָנאָמיקע" און צו דעם קלאַסען־קאַמף, וואָס פליעסט פון איהר אַרויס, איז דער מאַרקסיזם געווען געצוואונגען, אויך יענע נאַציאָנאַלע בעוועגונגען, וואָס האָבען זיך אַזוי רייך פאַנאַנדערגעבליהט אין דעם לעצטען דריטעל פון דעם פאָריגען יאָהרהונדערט, צו דערקלעהרען דורך די עקאָנאָמישע יסודות פון דעם קלאַסען קאַמף.

אויף דעם ערשטען בליק קאָן אויסדוכטען, אז דאָס האָט זיך איהם איינגעגעבען גאָר גלענצענד. אָבער וואָס מעהר מען טראַכט זיך אַריין אין די רעזולטאַטען, וואָס שטאַמען פון זיין אַנאַליז, און אין דער מעטאָדע גופא פון זיין פאָרשען, אַלץ מעהר שטעלט זיך אַרויס, אז סיי דער מעטאָד, סיי די רעזולטאַטען ליידען פון איין און דערזעלביגער קרענק: פון אַן אומגעהויערער איינזייטינקייט.

דעם מאַרקסיזם האָט זיך ניט איינגעגעבען צוריק צו פיהרען דעם נאַציאָנאַלען עלעמענט פון יענע בעוועגונגען צו דעם עקאָנאָמישען עלעמענט, ווייל דער נאַציאָנאַלער עלעמענט פליעסט אַרויס פון דעם פאַקט, וואָס די מענשהייט איז איינגעטיילט אין פעלקער, בעת דער עקאָנאָמישער עלעמענט פון די נאַציאָנאַלע בעוועגונגען איז, אין דער גרעסטער צאָהל פון פעלען, גאָר א פועל יוצא פון יענעם אומשטאַנד, וואָס די מענשהייט איז אין איהר איצטיגען זיין, איינגעטיילט אין קלאַסען.

עטליכע ביישפּיעלען וועלען אונז קלאָר מאַכען, וואָס עס טהוט זיך דאָ מיט דעם ענין.

אין בעהמען ווערט געפיהרט אַ ליידענשאַפטליכער, פער־
עקשן'טער נאַציאָנאַלער קאַמף צווישען די דייטשען און די בעהמען.
ביידע צדדים לאָזען ארויס שלאַכט־געשרייען וועגען דעם גערמאַני־
שען און דעם בעהמישען פאָלקס־גייסט, וועגען דער גערמאַנישער
און דער בעהמישער קולטור, וועגען דער גערמאַנישער און דער
בעהמישער פּאָעזי, וויסענשאַפט, קונסט, און מענשען זענען קאַפּאַ־
בעל איינער דעם אנדערן דעם גאָרגעל איבערצורייסען איבער דער
פראַגע, אין וועלכער שפּראַך זאָל אַ פאַריקמאַכער ארויסהענגען זיין
שילד און אריינרופען צו זיך זיינע קליענטען: אין דער דייטשער
אָדער אין דער טשעכישער? אזוי ווייט פון די אלע גראָב־מאַטע־
ריעלע אינטערעסען פון'ם לעבען, אזוי אָהן פניות'דיג ווייזט אויס
יענער קאַמף פאַר די ליעבע קלאַנגען פון דעם אייגענעם לשון.

קומט צו געהן דער עקאָנאָמישער מאַטעריאַליסט, פּאָלמעסט
פאַנאַנדער מיט זיין אנאַטאָמישען מעסער אָט די אלע דרויסענדיגע
אידעאָלאָגישע הייטלעך און פערזיכערט אונז, אַז דער קאַמף פון
צוויי נאַציאָנאַלע גרופּען פאַר דעם טריאומף פון דער אָדער יענער
קולטור איז אין דער לעצטער שורה, און על פּי דעם אינווענייגסטען
תוך זיינעם, ניט קיין אנדער זאַך, ווי אַ קאַמף פון צוויי קאַפּיטאַ־
ליסטישע גרופּען פאַר די אָדער יענע עקאָנאָמישע פּאָרטיילען.

דאַכט זיך, וואָס דאַרף מען אַ בעסערן בעווייז, אַז „דאָס נאַ־
ציאָנאַלע" הענגט אָב פון „דעם עקאָנאָמישען"? און ניט נאָר דאָס
„הענגט אָב" אָדער: „איז אין גאַנצען אונטערטהעניג". אַן אָבהענ־
ניגער און אפילו אונטערטהעניגער עלעמענט — איז פאָרט אַן עלע־
מענט פאַר זיך, וואָס פאַלט ניט צונויף אין גאַנצען מיט אַן אנדער
עלעמענט. ער איז מעהר נישט זעהר שוואַך און קאָן זיך ניט
ארויסרייסען פון דער אויבערהערשאַפט, וואָס דער אנדער עלע־
מענט האָט איבער איהם. דער אנדער עלעמענט בלייבט פאָרט פער־
שיידען פון איהם. ניין! לויט דעם זין, דעם ציעל און די מעטאָ־
דען פון דער אַלט־מאַרקסיסטישער פאָרשונג, איז דער נאַציאָנאַליזם
נאָר ניט קיין איינענער עלעמענט, לאָז זיין אַ שוואַכער, לאָז זיין
אַן אונטערגעוואָרפענער צו אַן אנדערן, שטאַרקערען עלעמענט:
„דאָס נאַציאָנאַלע" איז ניט מעהר ווי אַן א ב ש פּ י ע ג ל ו נ ג
פון דעם אנדער עלעמענט, דעם עקאָנאָמישען, און האָט ניט קיין

איין ברעקעל זעלבסט־שטענדיגע עקזיסטענץ אין זיך. ער געהט נאך נאך זיין אריגינאל, ווי דער שאטען געהט נאך נאך די קאנטורען פון א ווירקליכען אביעקט.

און אין דער אמת׳ן! אויב דער קאמף פון צוויי נאציאנאלע גרופען פאר דער נאציאנאלער קולטור איז אין תוך ניט מעהר ווי א קאמף פון צוויי קאפיטאליסטישע גרופען פאר עקאנאמישע פארטיילען, איז יעמאלט דער נאציאנאליזם ניט מעהר ווי אן איבערזעצונג פון יענע בעדערפעניסען און אינטערעסען, וואס זענען אויסגעוואקסען נאר אויף דעם באדען פון דער עקאנאמיקע, — אן איבערזעצונג אין דער שפראך פון דער אידעאלאגיע: „דאס אין׳ם אידעעלע אומגעזעצטע מאטעריעלע“, ווי מארקס דריקט זיך אויס.

„מיין לשון איז מיר טייער“ — מאכט רשי: „מיין לשון איז דער טייטש — מיין חלק אין דעם פראפיט“.

אבער לאמיר זיך אביסעל נעהענטער צוקוקען צו דער זאך.

כדי צו מאכען איינפאכער דעם חשבון, לאמיר אננעהמען, אז צו דער גאנצער עקאנאמישער זייט פון דעם מארקסיסטישען אנאליז קאן מען ניט האבען קיין איין ברעקעל טענה. לאמיר ווייטער אננעהמען, — אלץ צוליעב לייכטער מאכען די רעוויזיע פון דעם אנאליז,—אז די הויפט טהוערם אין יענעם נאציאנאלען קאמף זענען באמת צוויי קאפיטאליסטישע גרופען, וואס קעמפען פאנאנדערגעהיצט פאר זייערע עקאנאמישע אינטערעסען, און אז, רשי׳ס פירוש איז דער אמת׳ער טייטש פון דעם ריכטיגען מיין זייערען, און לאמיר זיך א פרעג טהאן: וואלט יענער קאמף געהאט א וועלכען עס איז זין, וואלט מען זיך געקאנט פארשטעלען יענע נאציאנאלע בעוועגונג, אויב דער נאציאנאלער עלעמענט וואלט באמת שוין פון אנהויב אן אוועקגעשטופט געוועז אן א זיים?

לאמיר אין קאפ אראבווארפען פון חשבון יענעם פאקט, וואס די דייטשען און די בעהמען געהערען צו צוויי פארשיידענע נאציאנאלע גרופען: אין וואס וואלט זיך יעמאלט אויסגעדריקט דער תוך פון זייער קאמף?

אויבביידע קאפיטאליסטישע גרופען שטעהען אויף דערוועלביגאר הויך פון דער עקאנאמישער ענטוויקלונג, אויב ביידע שטרעבען צו פערכאפען איין און דעמזעלביגען אבזאץ־מארק, און די פרא־

דוקטיווע קרעפטען פון זייער ווירטשאַפט שטעהען אויף דעמזעל־
ביגען שטאַפּעל פון ענטוויקלונג,—בייביידען, לאָמיר זאָגען, הערשען
פּאַר אין דערזעלביגער מאָס גרויס־קאַפּיטאַליסטען, וואָס פּראָדו־
ציר'ען פאַר דעם אויסלענדישען מאַרק, — איז יעמאָלט זייער קאַמף,
גענומען אין זיין ריינער עקאָנאָמישער געשטאַלט, ניט מעהר ווי אַן
ע ק אָ נ אָ מ י ש ע א י נ ע ר ־ק ל א ס י ג ע ק אָ נ ק ו ר ע נ ץ
פ ו ן פ ר אָ ד ו צ ע נ ט ע ן.

אָבער די קאָנקורענץ פון פּראָדוצענטען אינוועניג אין זייער
איינענעם קלאַס איז אַלע מאָל אַ קאַמף פון א י נ ד י ו ו י ד ו ע ן
און קאָן בשום אופן ניט פיהרען דערצו, אַז דער קלאַס זאָל צופאַלען
אין צוויי נאַציאָנאַלע גרופּען; ער קאָן אפילו ניט פיהרען דערצו,
אַז ביי די גרופּען זאָל זיך פאַנאַנדערברענען א קלאַסען־קאַמף.
פאַרשווינען, וואָס זיינען צונויפגעבונדען דורך דער געמיינזאַמער
ראַליע, וועלכע זיי שפּיעלען אין דעם פּראָצעס פון דער געזעלשאַפט־
ליכער פּראָדוקציע, בילדען זיי איין־און־דעמזעלביגען קלאַס, און אין
אַלע זייערע פּאָליטישע און געזעלשאַפטליכע ארויסטרעטונגען ווע־
לען זיי בלייבען געטריי צו יענע בעפעהלען, וואָס ווערן דיקטירט
פון זייער עקאָנאָמישער קלאַסען־לאַגע.

אינוועניג, אין דעם קלאַס, קאָנען זיי זיך אין גרים־צאָרן אריין
בייסען איינער אין דעם אנדערן און ארויס רייסען איינער ביי דעם
אנדערן דעם ביסען פון מויל, אָבער אזא קאַמף וועט קיינמאָל ניט
זיין ביכולת אריבערצושפּרייזען זיינע ריין עקאָנאָמישע פאָרמען און
זיינע ריין עקאָנאָמישע מיטלען. על כל פּנים, וועט קיינעם פון
זיי ניט ארויף אויפ'ן זינען, אַז איין טייל פון זייער קלאַס האָט
מעהר ר ע כ ט אויף די דאָזיגע עקאָנאָמישע פּאַרטיילען, איידער
אַן אנדער טייל, און אַז ער דאַרף זיך, אין דעם נאָמען פון יענעם
רעכט, אָרגאַניזירען, כדי אריבערצושלעפּען צו זיך די עקאָנאָמישע
פּאַרטיילען פון דער אנדער גרופּע.

אַלע גרויס־פאַבריקאַנטען זענען גרויס־פאַבריקאַנטען, און אויב
אַ וועלכע עס איז גרופּע פון זיי טהוט אָב אַן אויבער־שפּיצעל העה
אנדער גרופּע אויף דעם באָדען פון דער אָדער יענער ע ק אָ נ אָ ־
מ י ש ע ר סיטואציע, איז אין דער ממשלה פון יענע אָרגאַניזירטע
צייטווייליגע גרופּען־אויבערשפּיצלעך — אַקוראַט ווי אין דעם

קריסטליכען „מלכות השמים", — „ניטאָ קיין נפקא מיניה צווישען גריעכען און אידען".

אָן עקאָנאָמישער קאַמף, אין דער פאָרם פון אַ נאַציאָנאַלער בעוועגונג, וואָס זאָל זיין אויסגעוואַקסען אויף אַזאַ מין באָדען, פערליערט יעדען זין; סאָציאָלאָגיש איז ער לגמרי אַ נאָנסענס, אַ זין־לאָזער אַבסורד. אָבער דער עקאָנאָמישער קאַמף גופא, וואָס טרעט ארויס אין דער פאָרם פון אַ נאַציאָנאַלער בעוועגונג, בעקומט אויפ'ן שטעל אַ קלאָרען זין און בעדייט, ווי נאָר מיר פיהרען אריין אין חשבון דעם נאַציאָנאַלען עלעמענט, וואָס מיר האָבען פריהער אָראָבגעוואָרפען פון די ביינדלעך. יעמאָלט ווערט דער גאַנצער עיסק אויפ'ן שטעל קלאָר און פערשטענדליך.

ניט צוויי גרופען, וואָס זענען עקאָנאָמיש גלייך איינע צו דער אַנדערער, קליידען זיך דאָ אָן אין צוויי פערשיידענע נאַציאָנאַלע מענטעלעך, כדי איינע ביי דער אַנדערער איבערצושלאָגען דעם עקאָנאָמישען פּאַרטייל, נאָר צוויי עקאָנאָמיש גלייכע, אָבער נאַציאָנאַל פערשיידענע גרופען, פיהרען דאָ אַ פער'עקשן'טען קאַמף אין דעם נאָמען פון זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסען. ניט די נאַציאָנאַליטעט איז דאָ די דרויסענליכע פאָרם, אין וועלכער עס דראַפּירט זיך דער עקאָנאָמישער קאַמף, נאָר פערקעהרט: דער עקאָנאָמישער קאַמף איז דאָ די דרויסענליכע פאָרם, אין וועלכער עס האָט זיך דאָס מאָל אויסגעגאָסען דער נאַציאָנאַלער סכסוך פון יענע נאַציאָנאַלע גרופען. איין נאַציאָנאַלע גרופע שטרעבט אריבערצושלעפען צו זיך יענעם עקאָנאָמישען פּאַרטייל, וואָס עס האָט די אַנדערע.

ממילא ליעגט דער זין און דער בעדייט פון דעם קאַמף אין יענעם פאַקטאָר, וואָס קאָן ניט צוגאַנגען ווערן אָהן אַ רעסט אין דער עקאָנאָמישער אַטמאָספערע: אין דעם נאַציאָנאַלען פאַקטאָר. אָדער מיט אַנדערע ווערטער: די נאַציאָנאַלע בעוועגונגען ווערען דיריגירט און דערקלעהרט דורך דעם פאַקט, וואָס די מענשהייט איז איינגעטיילט אין פעלקער, און קאָנען בשום אופן ניט צוריק געפיהרט ווערן אין גאַנצען צו דעם שפּיעל פון ריין עקאָנאָמישע קרעפטען.

די איינענע מעשה וועט זיין, ווען מיר וועלען, אַנשטאָט דעם

קאַמף פֿון צװײ  גלײבע  עקאָנאָמישע קלאַסען, צוריקפֿיהרען די נאַציאָנאַלע בעװעגונג צו דעם קאַמף פֿון צװײ  פערשײדענע  עקאָנאָמישע קלאַסען.

לאָז זײן, אַז די קלײן־בורזשואַזיע פֿון אײן נאַציאָנאַליטעט קעמפֿט אַנטגעגען דער גרױס־בורזשואַזיע פֿון דער אַנדערער. אָדער לאָז זײן, אַז די פּױערים פֿון אײן פֿאָלק קעמפֿען אַנטגעגען דער „שליאַכטא“, די „באַראָנען“, דעם „אַדעל“ אָדער גאָר נאָך פּשוט'ער: אַנטגעגען די רײכע גוטס־בעזיצער פֿון דעם אַנדער פֿאָלק. דאָ איז נאָך גרעסער דער יצר־הרע — צו דערבליקען דעם תוך פֿון דער נאַציאָנאַלער בעװעגונג אין יענעם קלאַסען־סכסוך, װאָס איז אין דעם פֿאַל באמת פֿאַראַן בײ די קעמפֿענדע צדדים.

אָבער פּרובט נאָך אַ מאָל אין געדאַנק אַראָבװאַרפֿען פֿון חשבון דעם רײן נאַציאָנאַלען עלעמענט; פּרובט אָנװענדען „די קראַפֿט פֿון אַבסטראַקציע“, װאָס דאַרף, לױט דער טײערער מעטאָדאָלאָגישער עצה פֿון קאַרל מאַרקס, „פֿערבײטען אונז די רעאַגענציעס און דעם מיקראָסקאָפּ“; פּרובט אַרײן שטעלען יענע נאַציאָנאַלע בעװעגונג אין די רעהמעלעך פֿון רײן עקאָנאָמישע אינטערעסען, און די נאַציאָנאַלע בעװעגונג פֿערװאַנדעלט זיך װיעדער אין אַ נאָנסענס, אין אַן אַבסורד.

װאָס פֿאַר אַ ציעל קאָן אַזא עקאָנאָמישע בעװעגונג האָבען? אַ תל מאַכען פֿון דער גרױס־בורזשואַזיע, דער שליאַכטא, דעם קלאַס גוטס־בעזיצער? אָבער יעמאָלט װאָלט דאָך די בעװעגונג געמוזט פֿאָדערן אַזעלכע יורידישע און עקאָנאָמישע רעפֿאָרמען, װאָס זאָלען מאַכען אוממעגליך די עקזיסטענץ פֿון אַ גרױס־בורזשואַזיע און אַ גוטס־בעזיצער־קלאַס, אַלץ אײנס צו װאָס פֿאַר אַ נאַציע די דאָזיגע פֿערהאַסטע קלאַסען זאָלען ניט געהערען. אין דער װירקליכקײט זעהען מיר אָבער, אַז די בעװעגונג בעגנוגענט זיך ניט מיט אַזעלכע רײן עקאָנאָמישע פֿאָדערונגען און זעהר אָפֿט װערען יענע עקאָנאָמישע פֿאָדערונגען גאָר אָבגעשטופּט אױפֿ'ן הינטערסטען פּלאַן אָדער װערן אין גאַנצען בטל ומבוטל.

אױף דעם ערשטען פּלאַן פֿיגורירט דאָ תמיד גאָר אַן אַנדער זאַך: די בעשטרעבונג צו דערװערגען ניט דעם גרױס־בורזשואַ און ניט דעם גוטס־בעזיצער, נאָר דעם מיטגליעד פֿון דער אַנדער

נאַציאָנאַליטעט. און טהאָן טהוט מען עס, ניט כדי צו מאַכען [illegible] תל פון דעם גוטס־בעזיצער־קלאַס אָדער דער גרויס־בורזשואזיע, נאָר כדי *אייגענע* מענשען זאָלען קאָנען פאַרנעהמען די פּלעצער פון די *פרעמדע* פּריצים און די *פרעמדע* סוחרים.

ממילא איז אויך דאָ דער תוך פון דעם קאַמף ניט קיין עקאָנאָמישער, נאָר אַ נאַציאָנאַלער, און דער קלאַסען־אונטערשלאַג, וועלכען דער אַנאַליז דעקט אויף, בעווייזט ניט קיין אַנדער זאַך ווי נאָר דאָס: אַז אין דעם געגעבענעם פאַל ווערט דער נאַציאָנאַלער קאַמף געפיהרט אויף דעם עקאָנאָמישען פעלד, געפיהרט צוליעב דעם, אַז די עקאָנאָמישע פּאָרטיילען פון איין נאַציאָנאַלער גרופּע זאָלען אַריבער געצויגען ווערן צו דער אַנדערער.

צו דעמזעלביגען מין ערשיינונגען דאַרף מען, אויף דעם סמך פון דיזעלביגע פּרינציפּען, צורעכענען אויך יענע קאָנפליקטען, וואָס שפּיעלען זיך אָב אויף דעם עקאָנאָמישען פעלד צווישען די פּראָלעטאַרישע גרופּען פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטען.

ווען צווישען די איטאַליענישע פּראָלעטאַריער, וואָס קומען אין דער שווייץ זוכען אַרבייט, און די שווייצאַרישע פּראָלעטאַריער, וואָס ווילען זיי ניט דערלאָזען דערצו, ברעכט אויס אַזאַ מין סכסוך, ליעגט דאָ פאַר אונז ניט פּשוט אַן עקאָנאָמישער קאַמף פון איין גרופּע אַרבייטער, וואָס זוכט אַרבייט, מיט דער אַנדערער, וואָס האָט פערכאַפּט דעם אַרבייטער־מאַרק, ווי דאָס קומט אָפט פאָר צווישען דער אָרגאַניזירטער אַרבייטערשאַפט און דער אַרבייטסלאָזער „רעזערוו־אַרמעע“. די שווייץ האָט אַן אייגענע „רעזערוו־אַרמעע“, און פון דעם פאַקט, וואָס זי קאָנקורירט מיט די שווייצאַרישע בעשעפטיגטע אַרבייטער, קאָן מען מיט קיינע שום דריידלעך ניט אַרויס׳פּלפּול׳ן קיין נאַציאָנאַלען קאָנפליקט.

בלייבט מען נאָר ביי דעם עקאָנאָמישען פעלד, קאָן איין עקאָנאָמישע גרופּע (די שווייצאַרישע בעשעפטיגטע אַרבייטער) אויסאַרבייטען פערשיידענאַרטיגע מיטלען, ווי אַזוי אָבצוהיטען איהרע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פון דעם אָנפאַל, וואָס די אַנדער עקאָנאָמישע גרופּע (די שווייצאַרישע „רעזערוו־אַרמעע“) מאַכט אויף איהר. אַן אָבליגאַטאָרישער אַריינטריט אין די טרייד־יוניאָנס, פערסטאַר־

בירונג אויף דעם פאַל פון ארבייטס־מאַנגעל, א קירצערער ארבייטס־טאָג און נאָך אַזוינע מיטלען פון א ריין סאָציאַל־פּאָליטישען כאַ־ראַקטער, — אָט אין וועלכע פאָרמען עס מוז זיך על פי הכרך אויסגיסען דער ריין עקאָנאָמישער עלעמענט פון דעם צווישען־פּראָלעטאַרישען קאַמף.

דאָרטען אָבער, וואו איין פּראָלעטאַרישע גרופּע טרעט פּרינ־ציפּיעל אַרויס אַנטגעגען דעם, אז א פּראָלעטאַרישע גרופּע פון אַן אַנדער פאָלק זאָל האָבען א רעכט אויף אַרבייט אין דעם געגעבענעם אָרט אָדער אין דעם געגעבענעם פאַך, — אַלץ איינס אין וואָס עס זאָל זיך ניט אויסדריקען דער אַרויסטרעטען: אין וויסענשאַפטליכע טראַקטאַטען, עמיגראַציאָנס־געזעצען, סטרייקס פאַר ניט־וועלען ארבייטען מיט דעם „פרעמדען" אָדער אין א פּשוטען געשלעג — דאָרטען האָבען מיר פאַר אונז דאָס שטרעבען פון איין נ אַ צ י אָ־נ אַ ל ע ר גרופּע זיך אָבצוגרעניצען פון דער אַנדערער און די בעוועגונג, וואָס ווערט אַרויסגערופען פון אַזא שטרעבען, דאַרף מען שוין צושרייבען אויף דעם חשבון פון יענע נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע קאָנפליקטען, וואָס שפּיעלען זיך אָב אויף דעם עקאָנאָמישען פעלד.

.2

דער נאַציאָנאַלער עלעמענט ווערט ניט צוגאַנגען אין דעם עקאָנאָמישען. אין איהר איצטיגען צושטאַנד איז די מענשהייט צוטיילט, ווי א שאַך־ברעט, ניט נאָר אין דער ברייט אויף קלאַסען, נאָר אויך אין דער לענג אויף נאַציאָנען. די עקאָנאָמישע ברייט־שניטען, וואָס ליעגען איינער אויף דעם אַנדערן, און די נאַציאָנאַלע לענג־שניטען, וואָס ליעגען איינער לעבען דעם אַנדערן, טיילען איין די מענשהייט אין פערשיידענע גרופּען, וואָס טראָגען אין דערזעל־בינער צייט אַן עקאָנאָמישען און אויך א נאַציאָנאַלען כאַראַקטער. יעדער ברייט־שניט, — דער עקאָנאָמישער קלאַס, — בעשטעהט פון א צייל קעסטעלעך פון דער לענג, אַרויסגעקומען פון דער איינטיי־לונג אין פעלקער. יעדער לענג־שניט, — דאָס פאָלק, — נעהמט אַרום א צייל קעסטעלעך פון דער ברייט, אַרויסגעקומען פון דער איינטיילונג אין קלאַסען. יעדע איינצעל־קעסטעלע, איז בעגרעניצט

— דורך ברייט־ליניען פון דעם קלאַסען־פּאַס און דורך לענג־ליניען פון דעם פאָלק־פּאַס. אין איין־און־דערזעלביקער צייט איז זי אַ בעשטימטע קלאַסען־גרופּע פון דעם געגעבענעם פאָלק און אַ בעשטימטע נאַציאָנאַלע גרופּע פון דעם געגעבענעם קלאַס. די אידישע אַרבייטער־שאַפט, צ. ב., געהערט אין דערזעלביגער צייט צו יענעם ברייט־שניט, וואָס רופט זיך „אַרבייטער־קלאַס", און יענעם לענג־שניט, וואָס רופט זיך „האָס אידישע פאָלק".

דער עקאָנאָמישער מאַטעריאַליזם האָט זיך אַ לאַנגע צייט געדעכענט נאָר מיט די ברייט־שניטען, וואָס צושניידען די מענשהייט אין קלאַסען און האָט כמעט אין גאַנצען איגנאָרירט איהרע לענג־שניטען אויף פעלקער. דערפון שטאַמט זיין הויפּט־פעהלער אין אַלע אַנאַליזען פון דער נאַציאָנאַלער בעוועגונג און די נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען פון דעם קלאַסען־קאַמף.

דער נאַציאָנאַליזם ווידער האָט זיך אַ לאַנגע צייט געדעכענט נאָר מיט די לענג־שניטען, וואָס צושניידען די מענשהייט אויף פעלקער, און דערפון שטאַמען אַלע טעות'ן זיינע, וואָס ער מאַכט, ווען ער אַנאַליזירט יענע סאָציאַלע בעוועגונגען, וואָס וואַקסען אויס אויף דעם נאַציאָנאַלען פעלד און ווען ער טרעט צו צו די סאָציאַלע פּראָבלעמען פון דעם נאַציאָנאַלען קאַמף.

סיי דער עקאָנאָמישער מאַטעריאַליזם, סיי דער רעאַקציאָנערער נאַציאָנאַליזם פערמאַכען די אויגען אויף איין זייט פון דער ווירקליכקייט; סיי דער, סיי יענער זענען דעריבער געצוואונגען צו פּלאָנטערן זיך אין סאָפיזמען און איינזייטיגקייטען.

לאָמיר נעהמען יענעם פּראָבלעם, וואָס דריקט ווי אַ בלייערנע וואָג אויף דער ברוסט פון אונזער פאָלק: די ערשיינונג פון אַנטיסעמיטיזם. דער עקאָנאָמישער מאַטעריאַליזם זעהט אין איהם נאָר אַן עקאָנאָמישע ערשיינונג. דער אַנטיסעמיטיזם, זאָגט בעבעל, איז „דער סאָציאַליזם פון די שוטים", פאַר'ן ציוניזם איז ער אַ ריינע נאַציאָנאַלע ערשיינונג, ער איז אַ פּראָדוקט פון דער „שנאת עולם לעם עולם". ביידע מאַכען אַ טעות. ביידע זענען נערעכט.

לאָמיר אַ וועלכען עס איז פאַל פון אַנטיסעמיטיזם אַבריייניגען אין געדאַנקען פון אַלע זייטיגע עלעמענטען, וואָס פאַרטונקלען זיין תוך, און לאָמיר איהם אָוועקשטעלען אין אַזעלכע בעדינגונגען, וואָס

פאסטען אם בעסטען פאר א גערא‌נקליכען עקספערימענט. לאָז זיין, אז ערגעץ וואו אין א שטאָדט פון קליינע ניט אידישע בעלי־מלאכות (שוסטער, שניידער און אז. וו.) האָט זיך פאנאנדערגע־ברענט דער אנטיסעמיטיזם, מחמת איינינע אידען האָבען געעפענט „ווארען־הייזער“, גרויסע מאגאזינען, וואָס האנדלען מיט וואָלוועלער מאשינאָווער ארבייט. אזא וואָלוועלע מאשינאָווע ארבייט מוז על פי הכרח אראָב דריקען די פרייזען אויף די פראָדוקטען פון דעם בעל־מלאכה און רואינירען דעם זעלבסטשטענדיגען קליינעם באלאבאָס.

דעם מאטעריאליסט איז דאָ זעהר גרינג מיט'ן פינגער אָנצו־טייטען אויף דעם עקאָנאָמישען פונדאמענט פון דעם אנטיסעמי־טיזם. דער קליינער בעל־מלאכה, וועט ער זאָגען, ליידט דאָ ניט דערפון, וואָס דער באלאבאָס פון דעם גרויסען מאגאזין איז א איד, נאָר דערפון, וואָס דער באלאבאָס איז דאָ א קאפיטאליסט. זיין איד־זיין איז דאָ אין גאנצען א זייטיגע זאך. א קריסט אויף זיין אָרט וואָלט ניט בעסער געהאנדעלט. דער קליינער בעל־מלאכה וואָלט בעדארפט פארשטעהן, אז זיין פיינד איז ניט די אידישע נאציע, נאָר דער קאפיטאליסטישער פיהר.

א גייסטיג מעהר ענטוויקעלטער „אנטי־סעמיט“ וואָלט, נאָך א לאנגער צאָהל סאָציאלאָגישע בעטראכטונגען, פארשטאנען, אז איהם קאָן געהאָלפען ווערן ניט מיט דעם, וואָס מען וועט ארויס־יאָגען די אידען פון לאנד, נאָר מיט דעם, וואָס מען וועט ארויס־טרייבען דעם קאפיטאליזם פון דעם געזעלשאפטליכען לעבען. דער לאָגישער אבשלום פון זיין קאָפּ וואָלט דעריבער בעדארפט זיין נאָר דער סאָציאליזם. אָבער דער קליינער בעל־מלאכה איז א שוטה, ד. ה., אן עם־הארץ אין פאָליטישע עקאָנאָמיע. דערפאר זעהט ער אין דעם צופעליג־אידישען קאָליר פון דעם קאפיטאל זיין אינוועי־ניגסטען תוך.

דאָס איז אלץ אמת. אָבער אין דערזעלביגער צייט איז אויך דאָס אמת, אז אויב די גרויסע מאגאזינען וואָלטען געעפענט גע־ווארען ניט פון אידען, נאָר פון אייגענע מענשען, פון די קינדער פון זיין פאָלק, וואָלט דעם קליינעם בעל־מלאכה גאָר אויפ'ן זין ניט געקאָנט ארויף אָבצופרעגען זייער ר ע כ ט (א קאָריפּיציר־

אָדער א „נאַטירליך" רעכט) אָבצוּוּעפענען אַזעלכע אינסטיטוציעס, און דער קאַמף אַנטגעגען די אייגענע גרויס־הענדלער, וואָלט בשום אופן ניט געקאָנט אָבגעפּאַרבט ווערן אין אַ וועלכען עס איז נאַציאָנאַלען קאָליר, ווייל סיי דער קליינער בעל־מלאכה, סיי דער גרויסער סוחר וואָלטען אין דעם פאַל זיך געפונען אין איין און דעמזעלביגען לענג־שניט פון דער מענשהייט, אין די גרעניצען פון איין און דעם זעלביגען פאָלק.

דער נאַציאָנאַלער קאָליר פון דעם קאַמף האָט זיך דאָ בפירוש גענומען דערפון, וואָס דער קליינער בעל־מלאכה (לאָז זיין, דער דייטש) און די גרויס־הענדלער (דער איד) געפינען זיך ניט נאָר אין פערשיידענע ברייט־שניטען פון דער מענשהייט, נאָר אויך אין פאַרשיידענע לענג־שניטען פון איהר. הייסט עס, אַז אויך דער ציוניזם איז גערעכט, ווען ער טענה'ט, אַז דאָ האָבען מיר צו טהאָן מיט דעם אויסדרוק פון דער „אייביגער שנאה צו דעם אייביגען פאָלק", אָדער פּשוט'ער: מיט דעם אומווילען פון איין נאַציאָנאַלער גרופּע צו ליידען היזיק פון דער אַנדערער אָדער צו טיילען זיך מיט איהר אין וועלכע עס איז פאַרטיילען.

צוריק ווידער איז אויך דער מאַטעריאַליסט גערעכט, ווען ער ווייזט אויף, אַז עס איז ניטאָ קיין אייביגע שנאה פון איין פאָלק צו אַן אַנדער פאָלק, און אַז איהר פייער ווערט אונטערגעצונדען און אויפגעהאַלטען נאָר דורך דער לעבענס־קאָנקורענץ, דורך דעם קאַמף פאַר וויכטיגע לעבענס־אינטערעסען.

פון דעם שטאַנדפּונקט מוז דער אַנטיסעמיטיזם אין דער אמת'ן אָננעהמען די געשטאַלט פון אַן אייביגער שנאה צו אידען אומעטום שוין דערפאַר אליין, וואָס, אַ חוץ אַ סך אַנדערע אורזאַכען, זענען די אידען אומעטום אַ קאָנקורירענדע גרופּע, וואָס זענען אין אַ משך פון יאָהרהונדערטען געוואָרן וועלט־בעריהמט אין זייער פאַך פון קאָנקורענץ און וואָס האָבען דעריבער אַרויסגערופען אַן אַנטיפּאַטיע צו זיך ביי אַלע פעלקער, צווישען וועלכע זיי איז אויסגעקומען און זיי קומט אויס צו וואוינען.

נאַציאָנאַליזם און עקאָנאָמיזם זענען די צוויי שטאַרקסטע פאַקטאָרען פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען און פון דער געשיכטע, און נאָר יעמאָלט, ווען מיר טהוען ביידען זייער רעכט, ריסקירען מיר

ניט געהן להיפך צו דער ווירקליכקייט. אַט פאַר וואָס עס איז אַזוי וויכטיג פאַר דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט, ער זאָל שוין אַמאָל איינזעהען, אַז מיט דעם הוילען „עקאָנאָמיזם“ וועט ער ניט ווייט אַוועקפאָהרען, ניט אין דער טעאָריע, ניט אין דער פּראַקטיקע. ער דאַרף תמיד האָבען פאַר זיינע אויגען סיי די לענג־שניטען פון דער מענשהייט אין פעלקער, סיי די ברייט־שניטען איהרע אין קלאַסען. ערשט יעמאָלט וועט ער טיעפער קאָנען פארשטעהן סיי דאָס, וואָס טהוט זיך ביי די אַנדערע פעלקער, סיי יענע ציעלען, צו וועלכע ער וועט אליין מוזען, „ווילענדיג־ניט־ווילענדיג“, שטרעבען.

דער נאַציאָנאַלער פאַקטאָר איז אין זיין תוך אונאבהענגיג פון דעם עקאָנאָמישען. אַט דער רעזולטאַט פון אונזערע סאָציאָלאָגישע בעטראַכטונגען ווערט טאָג־טעגליך פאַר׳אמת׳ט אין דער געוועהנליכער פּסיכאָלאָגיע פון די קאָנקורירענדע נאַציאָנאַלע גרופּען.

לאָז זיין, אַז ערגעץ וואו אין אַ שטאָדט וואוינען לויטער רוסישע סוחרים: דורכאויס איוואַן־איוואַנאָוויטשעס. קומען צופאָהרען נאָך אַ פּאָר סידאָר־סידאָריטשעס און עפענען דאָ גופא אַקוראַט אַזעלכע האַנדעלס־געשעפטען, ווי די אַלטע באַלאַבאַטים. הויבען אָן קריצען מיט די ציינער די איוואַן־איוואַנאָוויטשעס, ווייל די סידאָר׳עס כאַפּען ביי זיי אַרויס די רויב פון די הענד, אָבער אין דער טיעף פון זייער נשמה מוזען זיי מודה זיין, אַז יענע האָבען אַ רעכט דערצו: „אין האַנדעלשאַפט איז ניטאָ קיין ברידערשאַפט!“ דאָ קאָן קיין מאָל ניט אַרויסקומען קיין „אַנטי־סידאָריזם“ דערפאַר, ווייל סיי די איוואַנעס, סיי די סידאָר׳עס געהערען צו איין און דעם זעלביגען געזעלשאַפטליכען קעסטעלע, זענען אַרומגעצירקעלט מיט די זעלביגע ברייט־ליניען און לענג־ליניען פון זייער קלאַס און פון זייער פאָלק.

אָבער לאָזען אַנשטאָט די סידאָר׳עס, קומען צופאָהרען די חיים׳ס און די ברוך׳ס, און אויפ׳ן שטעל וועט „מיט דער אייזערנער נויטווענדיגקייט פון אַ נאַטור־געזעץ“ אויסוואַקסען אַן „אַנטי־חיים׳יזם“. „וואָס זייט איהר, חיים׳ס, אַהער געקומען? פאָהרט אייך צוריק אין אייער בערדיטשעוו!“ — וועלען אָנהויבען שרייען די איוואַנעס: אידישע סוחרים און רוסישע סוחרים געהערען, אמת,

צו איין און דעמזעלביגען ברייט־שניט פון דער מענשהייט, אבער זיי ליגען אין צוויי פערשיידענע לענג־שניטען, און זיי מוזען איינער דעם אנדערן אויסשליסען אלע מאל, ווי נאר דער גורל צווינגט זיי צו זעצען זיך אין איינעם ביי איין ארעמער סעודה.

יעדער קלאס איז א קלאס פון א בעשטימטער נאציאנאליטעט און אין זיינע האנדלונגען ווערט ער געפיהרט און מוז געפיהרט ווערן נים נאר פון זיין קלאסען־לאגע, נאר אויך פון דער נאציאנאלער לאגע, אין וועלכער עס געפינט זיך זיין פאלק.

טרעט ער אב אין דער טעאריע פון דעם דאזיגען כלל, אזוי מוז דאס פיהרען צו א פאלשען בליק אויף זיין לאגע, זיינע בעדערפעניסען און זיינע אויפגאבען און ממילא אויך צו געפעהרליכע טעות'ן אין דער פראקטיק.

וואוהין קאן אין דער אמת'ן פיהרען יענע ריין־עקאנאמישע בעגרינדונג פון דער אידיישער פראלעטארישער בעוועגונג, וואס רוהט אויף דעם פאקט, אז אין די גלות־לענדער קאנען זיך די אידען נים פראלעטאריזירען, אויב מען זאל פון דעם פאקט אין גאנצען און ראדיקאל אויסשאבען אלץ, וואס האט א שייכות צו דער נאציאנאלער זייט פון דער זאך?

א גרויסער טייל פון דעם פראלעטאריאט, וואס לעבט אין די גרעניצען פון דער רוסלענדער אימפעריע, האט נים די מעגליכקייט אריין צו כאפען זיך, ווי ארבייטער, אין די גרויסע פאבריקען און ווארשטאטען". דאס איז אלץ, וואס אונז קאן זאגען דער עקאנאמישער תוך פון דעם פאקט. אבער דער פאקט איז נים קיין נייעס און קאן נים ווערן שוואנגער מיט קיין „נאציאנען־בילדענדע" טענדענצען.

אין רוסלאנד געפינט זיך א מאוים'דיגע רעזערווע־ארמעי, א פיעל־מיליאניגע מחנה פון דעם וואנדערענדען לומפען־פראלעטאריאט, ארויסגעקומען דערפון, וואס דער פויער האט פערלארען זיין קרקע. ער וואנדערט פון צפון קיין דרום, פון דרום קיין צפון, פון מעריב קיין מזרח, און פון מזרח קיין מעריב, אומעטום אומזיסט געזוכט עפעס א פערדיענסט. מיר רעדען דא שוין נים וועגען א שטענדיגען, בעוואהרענטען פערדיענסט אין די גרויסע פאבריקען און ווארשטאטען. דער לומפען־פראלעטאריאט קאן וועי

נען אַזוינס שווערליך חלומ'ען, מחמת די דאָזיגע ארבייטס־פּלעצער זענען שוין איבערפול און ווייל ער איז קולטורעל צו ווייניג פּאַר־גענגרייט צו די העכערע ספערען פון דער אינדוסטריעלער ארבייט. ער קאָן זיך ניט „פּראָלעטאריזירען" אין דעם זעלבינגען זין, אין וועלכען דאָס ווערט קאָנסטאַנטירט פון דעם אידישען טעאָרעטיקער פאר דעם אידישען פּראָלעטאריאט.

און אויב רוסלאנד איז בעשערט, איהר גרויס־אינדוסטריע זאָל זיך ענטוויקלען, איהר פּויערטום זאָל מחמת דעם רואינירט ווערן און עס זאָל שטענדיג וואקסען די צאָהל פון די „פרייע הענד", וואָס זוכען ארבייט, וואָלט די געזעלשאפט יעמאָלט געמאָגט זיין זעהר צופריעדען, ווען עס זאָל זיך איהר איינגעבען — האלטען יענע אַלץ וואקסענדע אַרמעי אין געוויסע גרענעצען; ווען זי וועט קאָנען לפּחות א טייל פון יענער אַרמעי אריינשפּארען ערגעץ־וואו אין די ניעדעריגערע, שלעכט בעצאָהלטע ספערען פון דער פרייער, „שווארצער" לוין־ארבייט.

עס קאָן זיין, אַז אויך די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראטיע און די ארבייטער אָרגאניזאציעס וועלען יעמאָלט אָנווענדען ניט ווייניג מיה, כדי צו האלטען די „רעזערווע ארמעע" וואָס ווייטער פון דער פאבריק־און־ווארשטאט־ארבייט, ניט לאָזען זי אריין דרינגען אין יענער ספערע, וואו זיי האָבען, א דאנק דער ענערגישער אנשטרענגונג פון די פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען, שוין געהאט אויסגעקעמפּט א ביסעל א בעוואָהרענטע לאגע, א וועלכען עס איז צו דערלייזרענדען לוין און ווי עס איז צו דערטראָגענדע ארבייטס־בעדינגונגען.

און וואָס מעהר די געזעלשאפט וואָלט זיך ענטוויקעלט אין דעם זין פון דעם אָרטאָדאָקסען מארקסיזם, וואָס ברייטער עס וואָלט זיך פאנאנדערגעוואקסען די ארמיע פון געצוואונגענע לעדיג־געהער אָדער פון די, וואָס ארבייטען אין אומדערטרעגליכע בעדינגונגען, אַלץ שווערער וואָלט געווען פאר דעם פּראָלעטאריאט פון די „אריס־טאָקראטישע" פּראָפעסיעס איינצוהיטען יענעם באריער, וואָס טיילט איהם אָב פון די ניעדעריגערע שיכטען פון זיין אייגענעם קלאס.

איז־וואָס איז דער אומגליק, ווען אין די צאָהל פון יענע ניע־דעריגערע פּראָלעטארישע שיכטען וועט אריין א האלב־מיליאָן אָדער אפילו א פּאָר מיליאָן מענשען, וואָס האָבען א מאָל געהערט צו דעם

אידישען פאָלק? לוינט זיך עם אויפהויבען צוליעב דעם א גאַנ־צען האַרמידער, זוכען פאַר די פּאָר מיליאָן מענשען אַן אייגען לאַנד און בעשאַפען אַ בעזונדער נאַציע? און פאַר וואָס דוקא בעשאַפען אַ ניי פאָטערלאַנד נאָר פאַר די אידיש געבאָרענע „פּראָלעטאַריער, וואָס פּראָלעטאַריזירען זיך ניט?" וואָס עפּעס מיט אמאָל אַזאַ „אתה בחרתנו־איזם? פאַרוואָס אפשר ניט אָנהויבען אַ בעוועגונג צוליעב דעם, אַז דער גאַנצער, זיך ניט פּראָלעטאַריזירענדער טייל פון דעם רוסלענדישען פּראָלעטאַריאַט, אַלץ איינס פון וואָסער נאַ־ציאָנאַלען אָבשטאַם ער זאָל ניט זיין, זאָל זיך אַ נעהם טהאָן זוכען אַ ניי לאַנד אויף אויטאָנאָמע יסודות? אין יענעם נייעם לאַנד וועלען זיי לאָזען אָבאַכטען צו זיך די קאַפּיטאַליסטישע ריוריוק'ס, סינעאוס'עם און טרואוואַר'ס (ווידער אמאָל אָהן שום אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט), זיי זאָלען דאָרטען איינפיהרען דעם קאַפּי־טאַליסטישען סדר און אַרויסברענגען די העכסטע מדרגה פון „פּראָ־לעטאַריזאַציע?"

מען דאַרף נאָר זיך אַ ביסעל טיעפער איינהערען אין די אַלע פראַגען, בכדי אויפ'ן שטעל צו בעמערקען, אַז דער גאַנצער טעות שטאַמט דאָ פון איין־איינציגען פונקט: מען האָט דאָ טעאָרעטיש אַרויסגעלאָזען איינעם פון די הויפּט־עלעמענטען פון דער אידישער פּראָלעטאַרישער בעוועגונג, — דעם בעוואוסט־נאַציאָנאַלען עלע־מענט. דער אידישער פּראָלעטאַריאַט איז ד ע ר פּ ר אָ ל ע־ט אַ ר י אַ ט פ ו ן ד ע ם א י ד י ש ע ן פ אָ ל ק, און ווי קליין ער זאָל ניט זיין אין צאָהל, איז ער, אין זיין שיכות צו דעם פּוילישען אָדער דעם רוסישען פּראָלעטאַריאַט, אַ זעלבסט־שטענדיגע איינהייט.

דעם רוסישען און דעם פּוילישען טייל פון יענעם פּראָלעטאַ־ריאַט, וועלכען מען לאָזט ניט אַריין אין דעם גן־עדן פון פּראָלע־טאַריזאַציע קאָן נאָר אויפ'ן זינען ניט אַרויף — ערגעץ־וואו זוכען אַ נייעם פּלאַץ אויף דעם ערד־רונד, כדי צו בילדען אַ נייעם פּאָלי־טישען קערפּער, אַ נייעם לענג־שניט אין דער מענשהייט. זיי ביידע זענען ניט נאָר טיילען פון דעם אַלוועלטליכען ברייט־שניט, דעם פּראָלעטאַריאַט, נאָר אויך טיילען, יעדער איינער פון אַ בע־שטימטען לענג־שניט, וואָס האָט שוין זיין היים, זיין פאָטערלאַנד.

זייער ליידענן — און אַ שווערער ליידענן — בעשטעהט נאָר אין דעם, איינצופיהרען אַ בעסערע אָרדנונג אין דער אייגענער היים, ברעכען די קראַפט פון יענע „ברייט־קעסטעלעך", וואָס דריקען אויף זיי אין די גרעניצען פון איין־און־דעמזעלבען לענג־שניט.

גאַנץ אַנדערש איז דאָס מיט דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט. רייסט מען אַראָב דעם מיסטישען, כמו־מאַרקסיסטישען מאַנטעלע פון דער ניט־„פּראָלעטאַריזאַציע" און מען שטעלט פאַר דעם פאַקט אין זיין פּשוט'ער בעדייטונג פאַר'ן לעבען, האָט ער נאָר איין זין: דעם אידען, אפילו דעם אַרבייטער, איז שווער צו קאָנקורירען מיט דעם ניט־אידען אויף דעם פעלד פון דער פאַבריק־אַרבייט, און ממילא זענען אַלע האָפענונגען, אַז די אידישע מאַסען זאָלען דאָרטען געפינען אַ מקור־חיונה פאַר זיך, זעהר און זעהר פּראָבלעמאַטיש. אַ געריבענער קאָנקורענט אויף די געביעטען פון „קליין־" און גרויס־האַנדעל, פון ליבעראַלע פּראָפעסיעס, ווייזט זיך דער איד אַרויס, מחמת טויזענדער און טויזענדער אורזאַכען, פאַר זעהר שוואַך אין זיין מעסטען כחות מיט די ניט־אידישע פּראָלעטאַריער. און אפילו דאָרטען, וואו ער ווייזט זיך אַרויס פאַר אַ געריבענעם קאָנקורענט, מוז ער אויך תמיד פיהלען, אַז מיט זיין עקזיסטענץ שטופּט ער אַרויס עמיצען אַן אַנדערן, וועלכער רעכענט, אַז ער האָט מעהר רעכט אויף דעם פּלאַץ, וואָס דער איד האָט פערנומען.

מיר, סאָציאַליסטען, מעגען, וויפיעל דאָס האַרץ געלוסט, פּראָטעסטירען אַנטקעגען דער שלעכטער וועלט, אין וועלכע די מענש־הייט איז צוטיילט אויף פעלקער. מיר קאָנען, וויפיעל דאָס האַרץ געלוסט, בעווייזען, אַז יעדער מענש, אָהן אַן אונטערשייד פון ראַסע און נאַציע, האָט אַ רעכט אויף אַלע עקזיסטירענדע פּראָפעסיעס.

מיר מעגען טויזענט מאָל זיין איבערצייגט, אַז אין דער קינפ־טיגער ליכטיגער ממשלה פון סאָציאַליזם וועט זיין גענוג פּראָדוק־טען פאַר אַלעמען, און אַז מענשען וועלען זיך ניט דאַרפען רייסען פאַר די קוואַלען פון חיונה, וואָס וועלען געבען אין איבערפלוס יעדען איינעם אַלץ וואָס ער דאַרף, ווען מען וועט זיך ניט בעקלאָ־גען אויף אַן איבעריגען מויל, ווייל דער דאָזיגער „איבעריגער" מויל איז פערבונדען מיט לגמרי ניט איבעריגע הענד, וואָס פון זיי פליעסט די קאָסטבאַרע מענשליכע אַרבייטס־קראַפט, דער מקור פון

אַלץ ערדישע רייכטימער. יע, מיר גלויבען, אַז אַזאַ ליכטיגע צו־קונפט וועט אריינטרעטען אין לעבען.

אָבער בל־זמן זי איז נאָך ניטאָ, די ליכטיגע צוקונפט; כל זמן עס קומט ערשט פאָר דאָס קלייבען און מושטירען פון דער אַרמעע, וואָס זאָל קעמפען פאַר איהר, האָבען מיר קיין רעכט ניט צו פערמאַכען די אויגען אויף דעם פאַקט, אַז מיר, אידען, וואוינען אין אַ פ ר ע מ ד ע ן לאַנד, צווישען אַ פ ר ע מ ד ע ן פאָלק; אַז מיט יעדען אָטעם, וואָס דער איד אָטעמט אין דער איצטיגער פערפעסטעטער קאַפּיטאַליסטישער אַטמאָספערע, נעהמט ער אָב אַ ביסעל לופט ביי דעם אַנדערן, ביי דעם באַלעבאָס פון לאַנד; אַז אין וואָס עס זאָלען ניט בעשטעהן אונזערע מענשליכע רעכט, קאָן ער, דער באַלעבאָס, ניט אָנערקענען זיי פסיכאָלאָגיש, ווייל זיין פסיכאָלאָגיע ווערט איהם דיקטירט דורך די עקזיסטענץ־בעדינגונגען פון אַ מענשען, וואָס לעבט אין זיין אייגענעם „לענג־שניט“, וואוהין די אידען זענען אריין געקראָכען, ווי ניט־געבעטענע געסט.

פריהער אָדער שפּעטער מוז פאַר אַלע קלאַסע פון דעם אידישען פאָלק ווערן קלאָר ווי דער טאָג, אַז לעבען אין טאָג־טעגליכער קאָנ־קורענץ מיט דעם באַלעבאָס פון דעם לאַנד, אָדער, — וואָס עס איז נאָך ערגער, — אָפּטמאָל אויך עקספּלואַטירען איהם, הייסט טאָג־טעגליך אונטערטרייבען דעם וואוקס פון דעם עקאָנאָמישען אַנטיסעמיטיזם; עס הייסט טאָג־טעגליך צוגעבען צו דעם שוין אָנ־געקליבענעם אוצר פון אידען־האַס נאָך אַ נייעם אוצר פון דערזעל־ביגער שנאה, ביז עס ווערט בעשאַפען אַזאַ לאַגע, אַז די קלענסטע געלעגענהייט קאָן פיהרען צו שרעקליכע פּאָגראָם־אויסברוכען, צו וואולקאַנישע אַרויסרייסונגען פון דעם פאָלקס־אַנטיסעמיטיזם.

אָט מיט וואָס עס דערקלערט זיך דער וואונדער, וואָס די צייט האָט ניט קיין שליטה אויף דעם אַנטי־סעמיטיזם; וואָס אין דעם צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט שטורעמט ער סכנות'דיגער איידער אין דעם נײַנצעהנטען, און וואָס אין דעם איין־און־צוואַנציגסטען וועט ער לויט זיין תוך נאָך שאַרפער מוזען אַרויסטרעטען, איידער אין דעם צוואַנציגסטען.

סיידען, וואָס די פאָרמען וועלען ווערן אַ ביסעל ציוויליזיר־

טער... אָבער צו יענער צייט וועט דאָך אונזער הויט אויך ווערן צאַרטער, און אויב איצטער זענען נויטיג קינדער צוריסענע אויף העלפט און טשוועקעס אריינגעשלאָגען אין די אויגען, אז מיר זאָלען זיך שוין אמאָל פערטראַכטען, „אויף וואָסער וועלט מיר זיינען", וועט יעמאָלט אפשר א קרום געוואָרפענער בליק ארויס רופען אין אונז דעמזעלביגען, ניט פטור צו ווערענדע שווארם פון טרויעריגע געדאַנקען, וואָס פלאָגט אונז היינט*).

פריהער אָדער שפעטער האָט זיך ביי דעם אידישען פאָלק גע־מוזט ארויסרייסען דער אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאַלטונג און דער אייגענער עהרע און ער האָט געמוזט אוועקשטעלען פאַר'ן פאָלק די אויפגאַבע — איינמאָל פאַר אלע מאָל פטור צו ווערן פון דעם אומגליק — צו לעבען צווישען פרעמדע ווי א קאָנ־קורענט, אָדער נאָר ווי אַן עקספּלואַטאַטאָר. עס האָט געמוזט זיך אַרויסרייסען דער ברען אויפצובויען מעהר נאָרמאַלע בעדינגונגען פאַר דעם אייגענעם נאַציאָנאַלען לעבען.

אזוי לאַנג ווי די מאַסען האָבען נאָך געגלויבט, אז מען מוז בלייבען אין גלות, ביז משיח וועט קומען, איז קיין אנדער ברירה נים געווען, ווי נאָר ליידען אין דער שטיל און אין דער האָפנונג אויף איבערנאַטירליכע נסים, אריבערטראָגען וואולקאַנישע אויס־ברוכען פון דעם תמיד וואַקסענדעם אַנטיסעמיטיזם.

אזוי לאַנג, ווי די אינטעליגענץ, וואָס האָט פערלאָזען דאָס פאָלק אויף דעם שיקזאַלם בעראָם, האָט געמיינט אז אָט־אָט ווערט פערווירקליכט דער אידעאַל פון אינטערנאַציאָנאַלער ליעבע און סאָ־לידאַריטעט, אזוי לאַנג האָבען די אויפגאַבען פון דער אידישער ווידער־בעלעבונג געקאָנט זיך בעווייזען נאָר אין די מוחות און אין די הערצער פון גאָר וויניגע איידעלע מענשען, ביי וועמען די כמעט

*) אַ חבר פון דער לעמבערגער אידישער, ד. ה., דער אסימילאַ־טאָריש־פּוילישער, סעקציע פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי האָט אונז איבערגעגעבען א כאַראַקטעריסטישע תרעומה פון א פּוילישען גע־נאָסע אויף די „צוריקגעבליעבנקייט", דעם „מאַנגעל אין אינטערנאַ־ציאָנאַלע סאָלידאַריטעט" און אפילו „שאָוויניזם" ביי די אידישע ארבייט־טער. זיי זענען בערייט, פערשטעהט איהר מיך, אויפצוהויבען אַ גאַנצען סקאַנדאַל, ווען מען רופט זיי אָן, אזוי אין גוטען מוטה, „ציביקעס" און „פּאַרכעס".

שוין פערלאָשענע פייערלעך פון דער אידישער נאַציאָנאַלער עהרע האָבען, ווי ביי העסס'ן און סמאָלענסקינ'ען, כמעט ווי על פי נס זיך פאַנאַנדערגעברענט צו אַ העלען פלאַקער.

אָבער ווען דער גלויבען אין משיח'ן האָט גענומען פערשווינדען ביי די ברייטע ארבייטער מאַסען און קליין־בירגערליכע שיכטען פון דעם פאָלק; ווען עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז צו דעם געבענשטען „אַם־אַט" פון דער אידישער אינטעליגענץ איז נאָך באמת אַ גאַנץ־גאַנץ היבשער מהלך, וואָס ליעגט צווישען אונז און דער ממשלה פונ'ם סאָציאַליזם, — האָבען יעמאָלט אַלע טיילען פון דעם אידישען פאָלקס־אָרגאַניזם געמוזט אַ ציטער־טהאַן, ווי פון אַן עלעקטרישען פונק, און אויפגעטרייסעלט ווערען צו אַ נייעם נאַציאָנאַלען לעבען.

עס האָט זיך בעוויזען דער אידישער פראָלעטאַריאַט, — יענער קלאַס, וואָס איז ביי אַלע פעלקער, און אויך ביי דעם אידישען פאָלק דער פאָרגעשריטענסטער און ראַדיקאַלסטער, — און ער איז צונעשטאַנען, אָדער הויבט אָן אַלץ מעהר און מעהר צו־צושטעהן צו דעם ראַדיקאַלען און דעם העכסט נאַטירליכען ענטפער אויף דער אידישער פראַגע — דער נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט פון דעם אידישען פאָלק אויף דעם יסוד פון אַן אייגענער, זעלבסט־שטענדיגער היים, פון אַן אייגענער אידישער טעריטאָריע.

וואָרפט ארויס דעם נאַציאָנאַלען עלעמענט פון דער גאַנצער פראָלעטאַריש אידישער בעוועגונג; האַלט זיך נאָר פאַר יענע עקאָנאָמישע יסודות, וואָס שפּיעלען די ערשטע ראָלע נאָר אויף איהר אויבערפלעך, און יעמאָלט וועט די אויפגאַבע פון דעם אידישען פאָלק און ממילא אויך פון דער אידישער ארבייטערשאַפט פערוואַנדעלט ווערען אין גאָר אַ גאַנץ אַנדער ציעל.

די אויפגאַבע וועט יעמאָלט בעשטעהן נאָר אין דעם, אַז די פינף אָדער די ווייס־איך־וויפיעל מיליאָנען אידען זאָלען קאָנען אין זייער געיעג נאָך אַ בעסערער עקאָנאָמישער עקזיסטענץ, צוזעיען זיך איבער דעם גאַנצען ערד־רונד אַזוי, אַז איין איד זאָל אויסקומען אויף אַ מיריאַדע ניט אידען, איין איד אויף אַ הונדערט טויזענד, ווייל נאָר אין אַזאַ פּראָפּאָרציע וועלען אידען בלייבען אונבעמערקט; נאָר אין אַזאַ פּראָפּאָרציע וועלען זיי קאָנען אין גאַנצען צופּאַסען זיך

צו דער נייער פרעמדער סביבה; נאָר אין אַזאַ פּראָפּאָרציע וועלען זיי זיין געצוואונגען צו געמישטע חתונות מיט אנדערע פעלקער און פערווירקליכען די האָפנונג, אַז אין אַ פּאָר דורות אַרום זאָל קיין זכר ניט בלייבען ניט פון דעם אידישען פאָלק, ניט פון דער אידישער פראַגע און ניט פון זיין אייביגען שאָטען — דעם אנטיסעמיטיזם.

אָט דאָס איז דאָך באמת געווען דער פּראָגראַם פון דער אידישער אסימילאַטאָרישער בורזשואַזיע. און ניט ווייט פון איהם איז איצט אויך דער פּראָגראַם פון יענע „עכטע" אידישע מאַרקסיסטען, וואָס פערשטעהען, וואוהין עס מוז פיהרען דער ריין עקאָנאָמישער קלאַסען־שטאַנדפּונקט אין אונזער פראַגע. אָבער דער פּראָגראַם האָט זיך צושלאָגען און צושלאָגט זיך טאָג־טעגליך אָן דעם לעבעדיגען אידישען פאָלקס־אָרגאַניזם, וואָס קאָן ניט צומאָהלט ווערען אויף שטויב און אריינדרינגען אונבעמערקט, ווי די דיענסטע גלאָז־שפּליטערלעך אין די ענגסטע פאָרען פון דער מענשהייט, ווייל צו־שטאַרק לעבט אין איהם און ברויזט אין איהם די קראַפט פון דער אידישער נאַציאָנאַלער בעהעפטונג.

אָבער אויב דאָס איז אַזוי, היינט צו וואָס אָבנאַרען זיך אַרער אַנדערע מיט דער בעהויפּטונג, אַז דער אידישער פּראָלעטאַריאַט טראַכט ניט וועגען קיין שום נאַציאָנאַליזם? צו וואָס אויסטראַכטען אויף איהם דעם בלבול, אַז ער איז דער איינציגער עקאָנאָמישער קלאַס אין דער וועלט, וועמעס געדאַנקען און מעשים עס ווערען דיקטירט נאָר פון זיין קלאַסען־לאַגע אין דעם ברייט־שניט פון דער מענשהייט און אַז זיין לאַגע אין דעם נאַציאָנאַלען לענג־שניט האָט אויף איהם קיין ברעקעל שליטה ניט?

עס איז פאַר מיר, געוויס, גאַנץ קלאָר, אַז די פולע בערעכטיגונג פון דעם אידיש סאָציאַליסטישען נאַציאָנאַליזם (אויב ער דאַרף זיך פאַר וועמען עס איז פערענטפערן) קאָן ווי סע נשאָפּט־ליך איינגעפונדעוועט ווערן נאָר אויף דעם פונדאַמענט פון אַן אידעאַליסטישער קולטור־פילאָסאָפיע און געשיכטס־פילאָסאָפיע.

אָבער דער פּראָבלעם פון אַזאַ טעאָרעטישער בעגרינדונג געהט ניט אריין אין די ראַהם פון אונזער היינטיגען ארטיקעל, וואָס האָט

צו טהאָן מיט די שיכות'ען צווישען עקאָנאָמישען מאַטעריאַליזם און נאַציאָנאַליזם. די דאָזיגע שיכות'ען קאָנען קלאָר געמאַכט ווערן אפילו ווען מען זאָל אין גאַנצען לאָזען אָן א זייט די גרונד־טעאָרע־מען פון דעם קולטור־פילאָסאָפישען אידעאַליזם. פאַר אונזער ציעל וועט זיין גענוג, ווען מיר וועלען — א חוץ דעם, וואָס מיר האָבען שוין געזאָגט, — נאָך דערצו בעווייזען, אז דער עקאָנאָמישער מאַ־טעריאַליזם אליין איז, בנוגע צום נאַציאָנאַליזם, געצוואונגען גע־וואָרען צו פערלאָזען זיינע אלטע פאָזיציעס און אוועקשטעלען זיך אויף א שטאַנדפונקט, וואָס איז זעהר נאָהענט צו דעם, וועלכען מיר פערטיידיגען אין אונזער היינטיגער ארבייט.

3.

עס לעבט אין דייטשלאַנד א קריטיקער פונ'ם מאַרקסיזם, וואָס טהוט, קיין עין הרע, שוין עטליכע יאָהר נאָך־אַנאַנד, לאַנגזאַם און פאָרזיכטיג, — שוין אביסעל צו־פאָרזיכטיג, — אונטערזוכען די יסודות פון דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם.

רופען רופט מען איהם — קאַרל קויטסקי.

קאַרל קויטסקי איז ניט עדואַרד בערנשטיין. ער וועט ניט אָנ־הויבען, מעשה שייגעץ, צו טייטען מיט'ן פינגער אויף א צופוילט אָרט און פאָדערן מיט א געפילדער מען זאָל עס תיכף ומיד ארויס וואַרפען. אדרבה! קויטסקי וועט זיך פריהער פון אלץ א וואָרף טהאָן אויף די געגנער פונ'ם מאַרקסיזם, וואָס הויבען ניט אָן בלומרשט צו פערשטעהן אין איהם א וואָרט, אָדער וואָס ווילען ניט, אויס שנאה צום פראָלעטאַריאַט, איינזעהען זיין אמת'ען כאַראַקטער. דערנאָך וועט ער, אין דעם רעש פון דער פאָלעמיק ארויסוואַרפען דאָס צופוילטע שטיקעל מאַרקסיזם און תיכף אריינשטעלען אַנשטאָט איהם א ברעקעל פון א געזונטערען מאַטעריאַל. און ערשט יעמאָלט וועט ער אָנהויבען מיט נצחון צו טייטען אויף דעם פ ע ר ב י ־ ט ע נ ע ם אָרט, כדי צו בעשעהמען מיט איהם די קריטיקער אין זייער ווייטען האלז אריין... וואו האָבען זיי דאָ געזעהען דעם טעאָ־רעטישען באַנקראָט? וואו האָבען זיי בעמערקט לאָז זיין א שאָטען פון צופוילט?

אזוי האָט ער זיך אין זיין צייט בעגאַנגען מיט דער טעאָריע פון דער מאַסען־פערעלענדונג, דער טעאָריע פון דעם אגראַר־סאָציאַליזם און אַ סך אַנדערע טעאָריען פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט. אויף דעם זעלבינען שטייגער נעהמט ער זיך איצטער אין זיין לעצטער ארבייט: „עמיק און מאַטעריאַליסטישע געשיכטס־אויפפאַסונג" „פאַררוכטען" די יסודות גופא פון'ם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם. ער וואַרפט דער ביי ארוים, אין דעם רעש פון דער פאָלעמיק, די גאַנצע מאָראַל־פילאָסאָפיע פון קאַרל מאַרקס און ברענגט אריין אָנשטאָט איהר מעהר ראַציאָנאַלע און מעהר וויסענשאַפטליכע אַנשויאונגען.

פאַר מאַרקס'ן פון דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט", אין דעם סוף פערציגער יאָהרען פון דעם פאָריגען יאָהרהונדערט, איז די „מאָראַל" געווען, ווי יעדע אידעאָלאָגיע, ניט מעהר ווי אַ פּראָדוקט פון דעם קלאַסען־קאַמף. ניט נאָר די פערשיידענע מאָראַלישע אַנשויאונגען און לעהרען, וואָס האָבען זיך געביטעט אין דעם פערלויף פון דער היסטאָרישער ענטוויקלונג, נאָר אויך די זיטליכקייט גופא, ד. ה. יענע בשותפות'שע סימנים זייערע, וואָס בלייבען ניט געביטעט אין אַלע היסטאָרישע עפּאָכען און וואָס מאַכען, אַז די אַלע פערשיידענאַרטיגע אַנשויאונגען זאָלען געהערען צו דער זיטליכקייט און ניט צו דער וויסענשאַפט אָדער, לאָמיר זאָגען, צו דער קונסט, — אפילו אָט יענע גרונד־סמנים פון מאָראַליטעט האָט אויך דער „מאַניפעסט" ארויסגעדרונגען פון דעם פאַקט, וואָס אַלע פערשיידענע היסטאָרישע עפּאָכען האָבען געהאַט אַן אַלגעמיינעם שטריך: — דעם שטריך פון קלאַסען־קאַמף. אָט פון דעם שטריך איז ביי זיי, ביי אַלעמען, אויסגעוואַקסען אַ מאָראַל.

דער „מאַניפעסט" האָט אויך אָנגעוויזען, אַז דער פּראָלעטאַריאַט איז פריי פון וועלכע עס איז מאָראַלישע אידעאַלען, ווי ער איז פריי פון אַ וועלכע עס איז „אידעאָלאָגיע" בכלל. „דעם פּראָלעטאַריאַט שטעהט ניט פאַר צו פערווירקליכען וועלכע עס איז אידעאַלען", האָט ענגעלס געזאָגט, און זיין געדאַנק איז געוואָרען אַ לאָזונג, וועלכען די מאַרקסיסטישע ליטעראַטור האָט זעהר אָפט איבערגע'חזר'ט. דער עיקר האָט דאָס מיט גרויס התמדה געטהאָן

קוימסקי גופא. ביי דער בורזשואזיע, האט ער אמאל געזאגט, זענען דא „אידעאלען", דער פראלעטאריאט האט נאר „ציעלען".

אבער שוין אין דער פאלעמיק אנטגעגען דיוהרינגען, אין דעם סוף זיבעציגער יאהרען, איז ענגעלס געווען געצוואונגען צו פער־לאזען יענע טעארעטישע פאזיציע, וועלכע דער „מאניפעסט" האט פערנומען אין דער פראגע פון „מאראל". די זיטליכקייט עקזיסטירט ניט נאר פאר דער בורזשואזיע, נאר אויך פאר דעם פראלעטאריאט. הייסט עס, ס'איז דא עפעס אלגעמיין־מענשליכעס אין די יסודות פון זיטליכקייט, אבער דער אלגעמיין־מענשליכער „עפעס" ווערט אנגעפילט מיט א פערשיידענעם אינהאלט, עס ווענדעט זיך אן דעם קלאס, וואס גלויבט אין איהם. די „מאראל" פון דעם פראלע־טאריאט שטעלט מיט זיך פאר די זיטליכקייט פון דער צוקונפט, ווייל דער פראלעטאריאט איז דער טרעגער פון דער צוקונפטיגער געזעלשאפט, בעת די „מאראל" פון די הערשענדע קלאסען דריקט מיט זיך אויס דעם יושר פון דער מענשהייטס פערגאנגענהייט און איז ממילא פער'משפט צום טויט אין איינעם מיט דעם גאנצען אלטען סדר פון לעבען.

דאס איז שוין א היבשער שריט אויף דעם וועג פון „אידעא־לאגיע", און נאך א גרעסערען שריט אויף דעם זעלביגען וועג מאכט קוימסקי אין זיין לעצטען ווערק. ניט נאר יענע פארם פון מענש־ליכע קולטור, וואס רופט זיך „זיטליכקייט", איז געגעבען געווארען אין איינעם מיט דער מענשהייט (און נאך פריהער: מיט דעם געזעלשאפטליכען לעבען פון חיות) און ממילא איז זי בעשאפען גע־ווארען אין א צייט, וואס האט נאך ניט געקאנט וויסען פון א וועלכען עס איז קלאסען־קאמף, נאר אויך א וויכטיגער טייל פון דעם זיטליכען אינהאלט, געוויסע מאראלישע טוגענדען און לאסטערם האבען אויך אן אלגעמיין־מענשליכע בעדייטונג און האַ־בען זיך בעוויזען אין דעם פעריאד פון דעם זאאלאגישען לעבען אויף דער ערד, אהן א ברעקעל שיכות צו דעם קלאסען־קאמף.

אלע סאציאלע טוגענדען, ווי בטול־היש (זעלבסטלאזיגקייט), בעהארצטקייט (טאפפערקייט), טרייקייט און איבערגעבענקייט, דאס אונטערווארפען־זיך צו דעם ווילען פון דער מאיאריטעט, די ליעבע צום אמת און די ליעבע צו כבוד, — דאס הייסט די שעצונג

פון ליוב און טאָדעל, וועלכע די געזעלשאַפט טיילט אויס, — אַט די אַלע מעלות דרינגט קויטסקי ארויס, — און איינעם מיט אַלע דאַר־ ווינינסטען, — פון יענע סאָציאַלע בעדינגונגען, אין וועלכע די חיות האָבען געלעבט נאָך איידער עס האָט זיך בעוויזען אויף דער וועלט אַ מענשליכער בעשאַף. אויף דעם זעלביגען אופן ברענגט ער ארויס יענע טיפע און וויכטיגע בעדייטונג פאַר דער מ ע נ ש ־ ל י כ ע ר געזעלשאַפט, וואָס ליעגט אין דעם מענשליכען פ ל י כ ט ־ ג ע פ י ה ל און זיין י ו ש ר ־ ג ע פ י ה ל („געוויסען"). *)

קויטסקי ווייזט אויף, ווי אזוי די דאָזיגע אור־צייטליכע טו־ גענדען ווערען מאָדיפיצירט א דאַנק דעם קלאַסען־קאַמף; ווי אזוי זיי מוזען ווערען אלץ מעהר און מעהר אָבגעשוואַכט ביי די הער־ שענדע קלאַסען און אלץ מעהר און מעהר פערשטאַרקט ווערן, אלץ רייכער און רייכער אין פערשיידענע געשטאַלטען, ביי די אונטער־ דריקטע קלאַסען, דער עיקר, ביי דעם פּראָלעטאַריאַט. סוף־כל־סוף קומט ער צו אַ רעזולטאַט, וואָס קלינגט גאָר זעהר משונה'דיג און האָט גאָר א בעזונדערע בעדייטונג אין די ליפּען פון אַן „אָרטאָ־ דאָקסאַלען" מאַרקסיסט.

„דערזעלביגער פּראָצעס פון ענטוויקלונג", זאָגט ער, „וואָס ברענגט ארויס אין די קאָנסערוואַטיווע אָדער צו גרונד געהענדע קלאַסען אַן אלץ וואַקסענדע מאָראַלישע צולאָזענקייט, בעשאַפט אין די אויפקומענדע קלאַסען, אין אַן אלץ וואַקסענדער מאָס, א סומע פון ערשיינונגען, וועלכע מיר נעהמען ארום מיט דעם נאָמען ע ט י ש ע ר א י ד ע א ל י ז ם, אַן אידעאַליזם, וואָס דאַרף נים צונויפגעמישט ווערן מיט דעם פילאָסאָפישען. גראָד די אויפ־ קומענדע קלאַסען זענען דאָס רוב נוטה צו דעם פילאָסאָפישען מאַ־ טעריאַליזם, אנטגעגען וועלכען עס קעמפען די צו מפלה פער'־ משפט'ע קלאַסען פון יענעם מאָמענט אָן, ווי נאָר זיי ווערט קלאָר, אַז די ווירקליכקייט טראָגט ארויס א „חייב־מיתה" פאַר זיי, און אַז

---

*) קאַרל קויטסקי, עטהיק אונד געשיכטס־אויפפאַססונג. איין פער־ זוך. שטוטגארט, דיעטץ. 1906.

די ישועה קאָנען זיי דערוואַרטען נאָר פון איבער־נאַטירליכע, געטליכע אָדער זיטליכע קרעפטען". *)

עס קומט אויס, — לאָמיר בעמערקען, אגב אורחא, — אַ ביסעל פידרעכיג, ווען קויטסקי זאָגט דאָ, אַז קלאַסען, וואָס פערליערען אַלץ מעהר און מעהר זייער זיטליכקייט, דערוואַרטען זייער ישועה פון זיטליכע קרעפטען. און אַזעלכע פידרעכקייטען געפינען זיך אַ סך אין אָט דער ערסטער ערנסטער ארבייט פון דעם זיך רעפאָרמירענדען מאַרקסיזם. אָבער איצטער זאָל דאָס ניט זיין אונזער דאגה. פאַר אונז איז וויכטיג אנצואווייזען אויף דעם פאַקט, אַז פּרינציפּיעל שטרעקט דאָ קויטסקי אויס אַ פינגער דעם קולטור־פילאָסאָפישען אידעאַליזם, יענעם אַנטי־מאַרקסיסטישען שד, וואָס וועט — ווער ווייס? — אפשר נאָך אַמאָל די גאַנצע האַנד ארייננשלעפען.

דעם שמועס וועגען קויטסקי׳ס ביכעל האָבען מיר פערפיהרט ניט צוליעב יענע הנחות, וועלכע ער איז געצוואונגען צו מאַכען דעם קולטור־פילאָסאָפישען אידעאַליזם, הגם אויך די הנחות זענען זעהר וויכטיג פאַר אונזער שטרייט מיט די אָרטאָדאָקסאַלע מאַרקסיסטען וועגען דעם נאַציאָנאַליזם; גראָד אין די העכערע „אידעאָלאָגישע" צווייגען פון דער מענשליכער קולטור טרעטען די נאַציאָנאַלע פערשיידענקייטען ארויס אַם שטאַרקסטען; גראָד דאָרטען איז זעהר ווערטה אַזוי גרויס און גראָד אין יענעם ווערטה זייערען ליעגט זייער אמת׳ע מיסיע פאַר דעם מענשליכען פּראָגרעס.**)

אָבער איצטער האַלטען מיר נאָך ניט ביי יענעם ענין. מיר דאַרפען איצטער האָבען אין אויג יענעם אין העכסטען גראַד לעהררייכען פאַקט, אַז קויטסקי טראָגט דאָ אריין אַן אויסבעסערונג אין דעם יסוד גופא פון דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם, לעגט ארויף אַ לאַטע אויף יענעם פונדאַמענטאַלען פּרינציפּ, וואָס זאָגט, אַז אַלץ אין דער געשיכטע ווערט צוריק־געפיהרט צו די אופנים פון דער פּראָדוקציע און אויסבייט.

---

*) דאָרטען גופא, ז. 135.

**) זעה וועגען דעם אונזער אַרביט „דער סאָציאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראגע".

אין דער אמת'ן. די גאַנצע מאַרקסיסטישע ליטעראַטור איז אָנגעפילט מיט פערשיידענערליי פּרובען צו בעווייזען, ווי גערעכט ענגעלס איז, ווען ער זאָגט אין זיין גרונד־טעאָרעם, אז „אין דער לעצטער שורה פּאַסירט אַלץ אין דער געשיכטע לויט דעם, וואָס און ווי עס ווערט פּראָדוצירט און ווי די פּראָדוקטען ווערען אויסגע־ביטען צווישען זיך." אַלץ !... הייסט עס, אז אויך די נאַציאָנאַלע פערשיידענקייטען און דער קאַמף פון נאַציאָנען, און דער קאַמף פון שבטים פאַר דער נאַציאָנאַליטעט און די בעוואוסטע ענטוויקלונג פון די אייגענע נאַציאָנאַלע סימנים, — דאָס אַלץ מוז אין דער לעצ־טער שורה אַרויסגעדרונגען ווערן פון די פּראָדוקציאָנס אופנים און די אויסבייטס־אַרטען.

און די אופנים פון דער פּראָדוקציע, ווי אויך די אַרטען פון דעם אויסבייט, דאַרפען פון זייער זייט ד י ר ע ק ט צוריק־געפיהרט ווערן צו דעם צושטאַנד פון די פּראָדוקטיוו־קרעפטען, ד. ה. צו דעם גראַד און אַרט, ווי אַזוי דער מענש פיהרט דורך זיין ט ע כ נ י ש ע איבערהאַרשאַפט איבער דער נאַטור. די פּראָ־דוקטיוו־קרעפטען בעשאַפען דורך די פּראָדוקציאָנס־אופנים די געזעלשאַפטליכע אומשטענדען פון דער אַרבייט, די איינטיילונג פון דער געזעלשאַפט אין קלאַסען, דעם קלאַסען־קאַמף און אַלע „אידעאָלאָגישע" איבער־שטיבלעך, וואָס ווערן אויפגעבויט אויף איהם.

א שטיינדעלע האָט מען ניט געטאָהרט א ריהר טהאָן אין דיע־דאָזיגער האַרמאָנישער סכעמע, מען זאָל תיכף ניט דערהערען דעם אויפגעציטערטען אויסגעשריי: „דער מאַרקסיזם, און ממילא דער גאַנצער סאָציאַליזם, איז אין געפאַהר!"

אָט אויף איינעם פון די הויפּט־טעזיסען אין יענער סכעמע, וואָס זאָגט, אז דער אופן פון דער פּראָדוקציע העננט אַב דירעקט פון דעם צושטאַנד, אין וועלכען עס געפינען זיך די פּראָדוקטיוו־קרעפטען, מיט דער געגעבענער טעכניק, און נאָר פון איהם אַליין, הויבט איצטער אויף זיין אַפּיקורסישע האַנד קאַרל קויטסקי.

אומזיסט האָט מאַרקס גע'טענה'ט און געקנעלט, אז די נ ע צ י י ג פון דער פּראָדוקציע זענען דער הויפּט־מאָמענט, דער בעשליסענדער מאָמענט א י ן ד ע ר ג א נ צ ע ר ענטוויק־

לונג פון דער געזעלשאפט; אז לויט די פּראָדוקציאָנס־געצייג פון אַ וועלכער עס איז געזעלשאפט קאָן מען זי ווידער אין גאַנצען אויפבויען אַקוראַט אזוי, ווי די פּאַלעאָנטאָלאָגען שטעלען ווידער צונויף דעם גאַנצען אָרגאַניזם פון אַ לאַנג פערשוואונדענער חיה, נאָך אַן אויסגעגראָבענעם צאָהן איהרען. *)

קויטסקי איגנאָרירט אָט די אַלע השערות פון מארקס און די מאַרקסיסטען און בעווייזט, אז דער אופן פון דער פּראָדוקציע ווערט בעשטימט דורך די „געגעבענע מאַטעריעלע בעדינגונגען", צווישען וועלכע די טעכניק שפּיעלט, אמת, זעהר אַ וויכטיגע ראָליע, אָבער ניט די איינציגע ראָליע. כדי קלאָרער צו מאכען די שאלה, וועלכע אַנדערע מאַטעריעלע בעדינגונגען ווירקען, אַ חוץ דער טעכניק, אויף דעם אופן פון דער פּראָדוקציע, ברענגט קויטסקי אַ ביישפּיעל פון דער פּרימיטיווער פויערים־באַלאַבאַטיש־קייט און רעכענט אויס פערשיידענע בעדינגונגען, אין וועלכע עס שפּיעלען זיך אָב איהרע טעכנישע פּראָצעסען.

סוף־כל־סוף קומט ער צו אזא רעזולטאַט: „ווי וואָס פאַר אַ נאַטור פון דעם לאַנד, ווי וואָס פאַר אַ כאַראַקטער פון איהרע שכנים („יע נאָך דעם וועזען זיינער נאַכבאַרען"), וועט די פּויערים'שע באַלאַבאַטישקייט ווערן, ביי דערזעלבער טעכניק, דער פונדאַמענט פון זעהר פערשיידענע געזעלשאַפטליכע פאָרמען. אָט די בעזונדערע געזעלשאפטליכע פאָרמען, אין איינעם מיט די נאַטירליכע, בילדען וייטערע יסודות, וואָס גיבען צו אַן אייגענאַרטיגע געשטאַלט דער וייטערער ענטוויקלונג, וואָס וואַקסט פון זיי אַרויס".**)

אויף אזא'ן אופן זעהען מיר, אַז אין דער צאָהל פון יענע „מאַטעריעלע בעדינגונגען" וואָס לעגען אַרויף זייער שטעמפּעל

*) זעה די בעקאַנטע שטעל אין „קאַפּיטאַל", ווי אויך די בראָ־שיור „לוין־ארבייט און קאַפּיטאַל" און בעלטאָוו'ס פּירושים צו דעם גרונד־טעזיס, וואָס שטימען אין גאַנצען צונויף מיט דעם גייסט פון דעם אָרטאָדאָקסיאַלען מאַרקסיזם: „דער מאָניסטישער בליק אויף דער גע־שיכטע" (רוסיש), צווייטע אויפלאַגע, ס. פּ—ג. 1905, זייטע 110 און ווייטער.

**) ק. קויטסקי, ד. ג., ז. 116.

אויף די פּראָדוקציאָנס־אופנים, אויף זייער ווייטערדיגע ענטוויקלונג און אויף די ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון דער גאנצער געזעלשאַפט, טראָגט קויטסקי אריין, א חוץ דער טעכניק און דער ג ע אָ ג ר א פ י ש ע ר ס ב י ב ה (וואָס דאָס האָט שוין מארקס געטהאָן אין דעם שפּעטערען פּעריאָד פון זיין ענטוויקלונג און נאָך איהם — בעלטאָוו), נאָך א נייעם פאַקטאָר, דעם נ א צ י אָ נ א ל ע ן, די צווישען־פעלקערליכע בעציעהונגען, דעם פאַקט, וואָס די מענשהייט איז צושניטען אין דער לענג אין פעלקער. אָט דער פאַקטאָר טרעט דאָ דערוויילע ארוים אונטער זעהר א שעמעוודיגען נאָמען: „דער כאראקטער פון די שכנים".

אזוי פאָרמולירט, פּרעטענדירט נאָך ניט דער נאַציאָנאַלער פאַקטאָר צו שפּיעלען א זעלבסטשטענדיגע ראָליע אין דער היסטאָרישער ענטוויקלונג און צו פאָדערען אלע זיינע רעכט. עס איז, אקוראַט ווי ער וואָלט וועלען אראָבוואַרפען פון זיך די אחריות פאַר דער ראָליע, וואָס ער מוז נעהמען אויף זיך, און ווינקט אויף די „שכנים", וואָס, א דאנק זיי, איז ער, נעבעך, געצוואונגען צו צושטערען די שעהנע הארמאָניע פון דער אלטער מארקסיסטישער סכעמע.

אָבער אין א פּאָר בלעטלעך ארום געוועהנט ער זיך שוין איין אין זיין נייער ראָליע פון א זעלבסטשטענדיגע היסטאָרישע קראַפט און נעהמט שוין איבער די אחריות גלייך אויף זיך. „דער נייער געזעלשאַפטליכער צושטאנד" זאָגט קויטסקי, „הענגט אָב ניט פון דער ארט פון דעם זיטליכען אידעאַל, נאָר פון די געגעבענע מאטעריעלע בעדינגונגען *), פון דער טעכניק, פון דער נאטירליכער סביבה, פון דעם כאראקטער פון די שכנים און די אבות פון דער עקזיסטירענדער געזעלשאַפט א. אז. וו."
„דער כאראקטער פון די שכנים און די אבות!" וואָס איז דען

*) עס איז כאראקטעריסטיש, וואָס קויטסקי געברויכט דאָ ניט דעם געוועהנליכען אויסדרוק: „די מאטעריעלע בעדינגונגען פון דער פ ר אָ ד ו ק צ י אָ ן". אזא׳ן אויסדרוק קאָן ער שוין ניט אָנווענדען, ווייל זיין נייער היסטאָרישער מאטעריאליזם איז שוין ניט קיין ריין עקאָנאָמישער. ער האָט דערצו אויך נאָך א געאָגראַפישער און א עטנאָ־גראַפישער.

דאָס אַזוינס, אויב ניט אַ מעהר „וויסענשאַפטליכער“ אויסדרוק פאַר דעם נאַציאָנאַלען פאַקטאָר? און וואָס אַזוינס אַנדערס קאָן בעדייטען אַט די ציטאַט פון קויטסקי, אויב ניט דעם געדאַנק, אַז די ערקלעהרונג פון היסטאָרישע ערשיינונגען, — און אַ פשיטא שוין פון די נאַציאָנאַלע ערשיינונגען, — דאַרפען מיר זוכען ניט נאָר אין דער געאָגראַפישער סביבה און אין דער טעכניק, וואָס וואַקסט נאַטירליך אין איהר אַרוים, ניט נאָר אין דעם ברייט־שניט פון דער מענשהייט אויף קלאַסען, נאָר אויך אין דעם לענג־שניט איהרען אויף שבטים און פעלקער?

און גאַנץ האַרמאָניש מיט דעם נעאָ־מאַרקסיסטישען בליק קויטסקי׳ס אויף דער ראָליע, וואָס „די שכנים און די אבות פון דער געגעבענער געזעלשאַפט“ שפּיעלען אין דער היסטאָרישער ענט־וויקלונג, קלינגט אויך זיין ראַדיקאַל־נייע שטעלונג צו דעם נאַציאָ־נאַלען פּראָבלעם, וועלכע מען קאָן בעמערקען אין זיינע שפּעטערדיגע אַרבייטען וועגן דעם ענין.

אָבער אויב דאָס איז אַזוי, אויב דער נאַציאָנאַלער פאַקטאָר איז אַן אור־צייטליכער, אַ פּרימיטיווער, אַזאַ, וואָס קאָן ניט צוריק־געפיהרט ווערן צו די „מאַטעריעלע בעדינגונגען פון דער פּראָדוק־ציאָן“, אַזאַ, וואָס פאַרנעהמט אַן אייגענעם פּלאַץ צווישען אַלע אַנ־דערע „מאַטעריעלע בעדינגונגען“, וועלכע זאָלען אין דער לעצטער שורה געבען אונז די מאַטעריאַליסטישע דערקלעהרונג פון דער גע־שיכטע, איז יעמאָלט טויג שוין ניט די אַלטע פאָרמולע פון מאַרקס און ענגעלס. זי האָט אָבגעלעבט איהר צייט און מוז פערביטען ווערן אויף אַ נייער.

איצטער קאָן מען שוין ניט זאָגען: „אַלץ אין דער געשיכטע שפּיעלט זיך אָב אין לעצטען חשבון לויט דעם, וואָס און ווי עס ווערט פּראָדוצירט און ווי די פּראָדוקטען בייטען זיך אויס צווישען זיך“. טראָגט מען אריין די הנחות, וואָס קויטסקי מאַכט, מוז מען דעם וואָרצעלהאַפטען טעזיס פון דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם פאָרמולירען נאָר אַזוי:

אַלץ אין דער געשיכטע שפּיעלט זיך אָב לויט דעם, וואָס פאַר אַ אייגענשאַפ־טען עס בעזיצען די פעלקער, אין אַ

וועלכע נאַטירליכער סביבה זיי לעבען, וואָס און ווי זיי פּראָדוצירען, ווי ביי זיי ווערן אויסגעביטען די פּראָדוקטען און אין וועלכע בעציהונגען זיי שטעהען צו די אנדערע פעלקער.״

קאָן מען אין גאנצען צופריעדען זיין מיט אַ־דער פאָרמעל פון דעם נייעסטען היסטאָרישען מאַטעריאַליזם? קאָן מען אויף איהם מיט זיכערקייט בויען אַ וויסענשאַפטליכע טעאָריע פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג? — די פראגען דארפען מיר איצטער לאָזען אָן א זייט.

על כל פנים איז די נייע פאָרמעל א סך ברייטער איידער די פריהערדיגע פון דעם אלטען מארקסיזם, ווייל זי נעהמט אריין אין זיך אי די טעאָריע פון דער געאָגראפישער סביבה, (דעם „באַקליזם״) אי די טעאָריע פון די ראסען־ווירקונגען (משה העסס, גאָבינאָ). על־כל־פנים לאָזט זי ניט דערטרינקען דעם נאַציאָנאַליזם אין דער „עקאָנאָמיע״ און לערנט אונז קוקען אויף יענעם פאקטאָר מיט ניכטערערע אויגען, איידער דאָס איז געווען מעגליך פריהער, בעת עס האָט געהערשט די אלטע פאָרמעל פון דעם אָרטאָדאָקסאַלען מארקסיזם.

פון די אלע רייד קומט ארויס, אז דער נאַציאָנאַליזם נויטיגט זיך שוין מעהר ניט אין היתירים און „הכשר'ס״ מצד דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם; אז ער דארף שוין ניט ברענגען קיין „קרבן חטאת״ פאר זיינע זינד און ניט אָבוואשען זיין טומאה אין א „מקוה כשרה״: דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם, בכבודו ובעצמו, האָט איהם ברידערליך ארויפגעשטעלט אויף דעם לייסטער פון יענע „מאַטעריעלע בעדינגונגען״, וואָס בעהערשען דעם גאנג פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג.

פיהרט מען דורך קאָנסעקווענט דעם נייען בליק, אז די געזעלשאַפטליכע און די היסטאָרישע ענטוויקלונג ווערט בעהערשט ניט נאָר פון דעם שפּיעל פון עקאָנאָמישע קרעפטען, נאָר אויך פון דעם פאַקט, וואָס די מענשהייט איז איינגעטיילט אין פעלקער, און וואָס יעדער קלאַס מוז געהערען צו א בעשטימטען פאָלק, מוז מען אונ־

פערמיידליך קומען צו א נייער טעאָריע פון דעם פראָלעטאַרישען קלאַסען־קאַמף, ווי א בעוואוסטזיניגען פּרינציפּ פאַר דעם פּראָלע־טאַריאַט'ס היסטאָרישע טהעטיגקייט.

צו וועלכער נאַציע דער פראָלעטאַריאַט זאָל ניט געהערען, וואָס עס זאָלען ניט זיין די בעדינגונגען פון זיין ווירקען אויף דער מענשליכער געשיכטע, טאָהר מען קיין מאָל ניט ארויסלאָזען פון זין, אז ער געהערט אין איין און דערזעלביגער צייט סיי צו דעם אַל־וועלטליכען, אינטערנאַציאָנאַלען קלאַס פון לוין־ארבייטער, סיי צו א בעשטימטער היסטאָריש־אויסגעוואַקסענער נאַציאָנאַליטעט, וואָס איהר גורל העננט זעהר פיעל אָב פון „דעם כאַראַקטער פון איהרע אבות".

אין דער ווירקליכקייט שטעהט דער אַל־וועלטליכער פּראָלע־טאַריאַט, ווי קאָסמאָפּאָליטיש עס זאָלען זיך ניט אויסדרוכטען זיינע אַנשויאונגען, אַלע מאָל אונטער דער דאָפּעלטער שליטה פון זיין דאָפּעלטער לאַגע: דער נאַציאָנאַלער און דער קלאַסען־לאַגע. און אומעטום טראָגט זיין קלאַסען־קאַמף דעם דאָפּעלטען שטעמפּעל אויף זיך.

די טעאָריע דאַרף זעהען אַניאָגען די ווירקליכקייט אין דעם פּונקט. זי דאַרף אריין־נעהמען אין איהר טעאָרעטישען בנין דעם פאַקט, וואָס ווערט איהר דיקטירט פון'ם לעבען, און דורך דעם נופא פערוואַנדלען די סטיכישע און אינסטינקטיווו־נאַציאָנאַלע אימ־פּולסען פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין קלאָרע בעוואוסטזיניגע ציעלען, וואָס זאָלען בעלויכטען ווערן מיט שטראַהלען פון דעם עטישען אידעאַליזם.

פערוואַנדלען דעם סטיכישען און אימפּולסיווען נאַציאָנאַליזם אין א בעוואוסטזיניג פּראָלעטאַריש־נאַציאָנאַלע פּאָליטיק איז נויטיג סיי פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט פון די הערשענדע נאַציאָנען, סיי פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט פון די אונטערדריקטע פעלקער. דער ערשטער דאַרף דאָס דערפאַר, ווייל זיין סטיכישער און אימפּולסי־ווער נאַציאָנאַליזם טרעט ארויס אין דער פּראַקטיקע ווי די שענד־ליכסטע, אומפערצייהליכסטע אונטערדריקונג פון א פרעמדען פאָלק, — אן אונטערדריקונג וואָס ווערט בעהאַלטען אונטער דעם מאַנ־טעל פון קאָסמאָפּאָליטישע פּראַזען. דעם אונטערדריקטען פּראָלע־

דר. ח. זשיטלאָווסקי

טאַריאַט אָבער זאָגט דער פּראָגרעסיוו־סאָציאַליסטישער נאַציאָנאַליזם אויסלערנען קלאָר צו רעכענען זיך מיט זיינע נאַציאָנאַלע אויפגאַבען, און איינזעהען, אַז ער האָט אַ רעכט צו אַ זעלבסטשטענדיגען נאַציאָנאַלען לעבען און אַז אויף איהם ליעגט די פליכט אַזאַ לעבען צו דערגרייכען. ער וועט יעמאָלט אויך פערשטעהן, אַז דאָס איז דער ערשטער בעדינג פאַר אַ ריכטיג אָוועקגעשטעלטען קלאַסען־קאַמף.

די אינווענינגסטע שיכות'ען צווישען דעם נאַציאָנאַליזם און דער קלאַסען־פּאָליטיק פון דעם פּראָלעטאַריאַט וועלען מיר פּרובען בעלייכטען אין אַ בעזונדער אַרבייט וועגען דעם ענין.

# דער נאַציאָנאַליזם און די קלאַסען־פּאָליטיק פון דעם פּראָלעטאַריאַט

.1

פון אַלע טעאָריעס, וואָס דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם האָט אַרויסגעבראַכט, האָט זיין לעהרע וועגען דעם קלאַסען־קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט אַנטגעגען דער בורזשואַזיע דעם גרעסטען ווערטה פאַר דעם מענשליכען פּראָגרעס. אָבער מען דאַרף אויף די לעהרע פון דעם קלאַסען־קאַמף ניט קוקען ווי אויף אַ שליסעל, וואָס זאָל אונז עפענען אַ ל ע קונציגע שלעסער פון דער מענשליכער געשיכטע. דאָס איז זי דערווייל נאָך ניט בכוח צו טהאָן, ווען אַפילו מען מוז צוגעבען, אַז אַ פולע פערבאָרגענע סודות פון דעם פּאָליטישען לעבען האָט מען אַ דאַנק דעם דאָזיגען שליסעל אַרויף געבראַכט אויף דער ליכטיגער שיין.

אַ סך וויכטיגער ווערט די קלאַסען־קאַמף־טעאָריע, ווען מען בעטראַכט זי, ווי אַ גרונד־פּרינציפּ פאַר דעם סאָציאַליסטישען קאַמף סיי אין דער געגענוואַרט, סיי אין דער צוקונפט: זי איז דער זיכערסטער פונדאַמענט פאַר יענעם קאַמף. זיכער זיין אין איהר שליעסליכען ערפאָלג קאָן נאָר אַזאַ פּאַרטיי, וואָס קאָן טעאָרעטיש און פּראַקטיש צונויפבינדען די רעאַליזירונג פון איהרע ענד־ציעלען מיט דעם קלאַסען־קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט. דער פּראָלעטאַריאַט איז דער אַוואַנגאַרד פון דער גאַנצער אַרבייטאָרי־שער בעפעלקערונג, און נאָר ער קאָן נעהמען אויף זיך די פיהרונג אין דעם קאַמף אַנטגעגען אַלע מעגליכע אַרטען, ווי צו עקספּלואַ־טירען די מענשליכע אַרבייט.

לכתחילה האָט דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם ניט געקאָנט אַריינפיהרען אין דער קאָנצעפּציע פון דעם קלאַסען־קאַמף וואָסערע

עס איז נאַציאָנאַלע מאָמענטען. זיין כלל־גדול אין דער געשיכטס־פילאָסאָפיע איז געווען דער געדאַנק, אַז „אין דער געשיכטע קומט אַלץ פאָר לויט דעם, וואָס און ווי עס ווערט פּראָדוצירט און אויף וואָס פאַר אַן אופן די פּראָדוקטען ווערען אויסגעביטען צווישען זיך". דעריבער האָט ער געמוזט שטרעבען דערצו, אַז אַלע ערויס־שיינונגען פון דעם נאַציאָנאַלען לעבען, אַלע אייגנצעלהייטען פון אַ נאַציאָנאַלען קאַמף זאָלען צוגעפיהרט ווערן צו עקאָנאָמישע ערשיי־נונגען, וואָס דאַרפען, לויט דער טעאָריע, ליעגען אויף זייער גרונט.

אין צוזאַמענקלאַנג דערמיט, האָט איהם נאַטירליך געמוזט ציהען צו יענעם בליק, וואָס איז זיך משער, אַז די קינפטיגע אויס־גלייכונגען פון דעם עקאָנאָמישען לעבען ביי די פעלקער מוז סוף־כל־סוף פיהרען אויך צו זייער נאַציאָנאַלער אויסגלייכונג, און אַז די קינפטיגע צוזאַמענגיעסונג פון אַלע איינצעלנע געזעלשאַפטען אין איין גרויסע אַל־וועלטליכע באַלאַבאַטישקייט מוז ניט אַנדערש ווי ברענגען דערצו, די איינצעלנע פעלקער זאָלען זיך צוזאַמענ־גיעסען אין איין קאָסמאָפּאָליטישע מענשהייט, אָהן וועלכע עס איז נאַציאָנאַלע פערשיידענקייטען. אָבער וואָס מעהר דער היסטאָרי־שער מאַטעריאַליזם האָט זיך גענומען ענטוויקלען, וואָס מעהר ער האָט זיך גענומען אריין טראַכטען אין דעם ווירקליכען גאַנג פון דער מענשליכער געשיכטע און אין די גרונד־קרעפטען, וואָס בע־הערשען איהם, אַלץ מעהר האָט ער זיך געמוזט נעהמען רעכענען מיט דעם נאַציאָנאַלען עלעמענט, און איינער פון די קאָמפּעטענ־טעסטע מאַרקסיסטישע טעאָרעטיקער, קאַרל קויטסקי, איז געווען געצוואונגען, כמעט ווי געגען דעם אייגענעם ווילען אָנצונעהמען, אַז דער נאַציאָנאַלער עלעמענט האָט פאַר די געשטאַלטונג און די פערענדערונג פון געזעלשאַפטען אקוראט אזא גרונדהאַפטע, אין קיין עקאָנאָמיק ניט צושמעלצענדע בעדייטונג, ווי די אופנים פון דער פּראָדוקציע און ווי די געאָגראַפישע סביבה.*)

די אַלטע מאַרקסיסטישע פאָרמעל, וואָס מיר האָבען אויבען ציטירט און וואָס איז אַזוי פיינדליך דעם נאַציאָנאַליזם, דאַרף

*) זעה אויבען אונזער אַרטיקעל: „דער עקאָנאָמישער מאַטעריאַ־ליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע".

איצטער, — נאָך די נייע ארבייטען פון קויטסקי, נאָך די וויכטיגע קאָררעקטיווען, וועלכע ער האָט פּאַקטיש אין איהר ארייגגעטראָגען, — קריעגען א גאַנץ אַנדער פּנים, וואָס קוקט שוין ניט אַזוי בעיז אויף דעם ריכטיג פערשטאַנענעם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ. אין האַר־מאָניע מיט קויטסקי'ס קאָררעקטיווען, קאָן מען איצטער זאָגען, אז אין דער געשיכטע קומט אַלץ פּאָר ניט נאָר לויט דעם, וואָס און זוי עס ווערט פּראָדוצירט און אויף וואָסערע אופנים די פּראָדוקטען בייטען זיך אוים צווישען זיך, נאָר אויך לפי דעם, אין וואָס פאַר א סביבה די פעלקער וואוינען, וואָס פאַר אייגענשאַפטען זיי האָבען און ווי זיי פערטראָגען זיך איינע מיט די אַנדערע.*)

אויב די ענטוויקעלונג פון דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם וועט אויך אויף ווייטער געהן אין דערזעלביגער ריכטונג, וואָס קויטסקי גיט איהם, יעמאָלט וועט ער מוזען אויפ'ן ראַדיקאַלסטען אופן איבערקוקען א סך און א סך פון זיינע פעסטע איינגעפונדע־וועטע טעאָריעם און דאָגמעס. שוין אויף דעם סמך פון יענער ברייטער געמאכטער גרונד־פאָרמעל קאָן מען בעשיינפּערליך בעווייזען, ווי ענג און אומברויכבאַר עס איז געוואָרען יענער גרונד־געדאַנק, וואָס זאָגט, אז „דער מענש איז אין זיין ווירקליכקייט א סכום פון געזעלשאַפטליכע שיכות'ן" (אוים מארקס'עם אַפאָריזמען אנטגעגען פייערבאַך'ן). איצטער קאָן מען שוין גאַנץ אין דעם זין פון דעם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם, צושרייבען די ווערטער: „און דערצו נאָך א סכום פון קלימאַטישע ווירקונגען, פון ראַסען־אייגענשאַפטען א. אז. וו."

.2

אין איהר איצטיגען צושטאַנד איז די מענשהייט צושפּאָלטען ניט נאָר אין ברייט־שניטען אויף קלאַסען, נאָר אויך אין לענג־

*) אייגענטליך האָט מען צו דער „פערריכטער" פאָרמעל געדאַרפט נאָך צוגעבען די ווערטער: „און לויט נאָך א סך און א סך אַנדערע זאַכען". געוויס, די פאָרמעל וואָלט יעמאָלט זעהר פיעל פערלאָרען אין איהר פּינקטליכקייט, אָבער דערפאַר וואָלט זי א סך געוואונען אין אמת'דיגקייט.

שניטען אויף פעלקער.*) די מעאָרעטישע אויספאָרשונג פון דעם פראָלעטאריאט׳ס קלאסען־פּאָליטיק אָן איהר פּראַקטישע דורכפיה־רונג מוזען זיך דעריבער רעכענען ניט נאָר מיט דעם פאקט, וואָס ער געהערט צו אַ בעשטימטען קלאַס, נאָר אויך מיט דעם פאַקט, וואָס ער געהערט צו אַ בעשטימטען פאָלק. דאָס בילד פון לענג־שניטען און ברייט־שניטען אין דער מענשהייט איז אַ פּאַסיגע סכע־מע, וואָס קאָן אונז קלאָר אילוסטרירען די צווישען־שיכות פון די קלאַסען־מאָמענטען און די נאַציאָנאַלע מאָמענטען אין דעם לעבען פון דעם פראָלעטאריאט.

אַ מעהר אָדער וועניגער קלאָרע אָדער מטושטש׳ע פאָרשטעלונג פון אַזאַ בילד ליעגט אויף דעם גרונט פון אַלע געזעלשאַפטליכע שטרעמונגען און לעהרען, אויף וויפיעל זיי האָבען צו טהאָן מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע און מיט איהר שיכות צו דעם פּראָבלעם פון דעם קלאַסען־קאַמף. עס איז ניטאָ קיין איין טעאָריע אין אַזעלכע געזעלשאַפטליכע לעהרען, וואָס זאָל ניט קאָנען אַ־פּריאָרי ארויס געדרונגען ווערן פון דעם „כזה“. און צוריק איז שווער צו געפינען אַ טעאָריע, וואָס קאָן ארויסגעדרונגען ווערן פון דעם „כזה“ און וואָס זאָל ניט האָבען איהרע פערטרעטער אין דעם מאָדערנעם געזעלשאַפטליכען געדאַנק.

ביי דעם ערשטען אָנבליק פון אַזאַ בילד פון דער מענשליכער איינטיילונג אין לענג־פּאַסען און ברייט־פּאַסען, וואַרפט זיך קודם כל אין די אויגען יענער אומשטאַנד, וואָס „קעסטעלעך זענען קעס־טעלעך“, וואָס די לענג־שניטען שיידען זיך מיט קיין זאַך ניט אָב פון די ברייט־שניטען. אין צונויפקלאַנג מיט דעם געפינען מיר אַ סך דענקער און טעאָרעטיקער, וואָס שטעלען זיך גאַנץ גלייך סיי צו דער קלאַסען־טיילונג, סיי צו דער פעלקער־טיילונג פון דער מענשהייט.

אייניגע פון זיי זאָגען: אַקוראַט ווי די ברייט־פּאַסען, די קלאַסען־שניטען, מוזען דאָך ווען עס איז פערשווינדען פון דעם לעבען, ווייל איין קלאַס (דער פראָלעטאַריאט) וועט איינשלינגען אַלע אַנדערע, אַזוי מוזען בלי ספק פערשווינדען אויך די לענג־

*) פערגל. דעם אויבען ציטירטען אַרטיקעל.

פּאַסען, די פעלקער־שניטען, ווייל די מענשהייט וועט איינגעשלונגען ווערן פון איין איינציגער קולטור, וואָס וועט איינגעהמען די גאַנצע וועלט און זי אונטערוואַרפען אונטער איהר הערשאַפט. און אין דערזעלביגער מאָס, אין וועלכער עס איז אנגענעהם צו זעהען, ווי די קלאַסען ווערען אַלץ מעהר און מעהר איינגעשלונגען פונ׳ם פּראָלעטאַריאַט, איז אויך אַ נחת־רוח צו הערען, אַז קליינע פעלקער־לעך ווערען איבערגעקאַכט אין דעם אָרגאַניזם פון אַ וועלכער עס איז גרעסערער נאַציע, וועלכע וועט פון איהר זייט זיך ניט אויסדרעהן פון נאָך אַ גרעסערער, וואָס וועט אָם־ירצה־השם איינשלינגען אויך זי. עס איז אַקוראַט אַזוי „רעאַקציאָנער" צו קעמפּפען אַנטגעגען דער פּראָלעטאַריזאַציע פון אַ וועלכען עס איז קלאַס, ווי עס איז „שאָוויניסטיש" צו קעמפּפען אַנטגעגען דער דע־נאַציאָנאַליזאַציע, דער אַסימילאַציע פון אַ וועלכען עס איז פּאָלק.

אַנדערע ווידער גלויבען אין דער אייביגער עקזיסטענץ סיי פון קלאַסען, סיי פון פעלקער. די פעלקער וועלען צווישען זיך אייביג רייסען זיך וועגען דער אויבערהערשאַפט איבער אַ שטיקעל פון דעם ערד־באַל און אינוועניג אין יעדען פּאָלק וועלען די קלאַסען אייביג ראַנגלען זיך וועגען די פּראָדוקטען, וואָס זיי בעקומען פון זייער לאַנד, פון זייער נאַציאָנאַלען אייגענטום אויף דעם שטיקעלע ערד־באַל.

פאַרהאַן נאָך אַזעלכע, וואָס גלויבען אויך אין דער אייביגער עקזיסטענץ פון פעלקער און קלאַסען, נאָר מחמת דער טיעפער גוט־הארציגקייט זייערער זעהען זיי אין דער צוקונפט דעם אידילישען פריעדען אַנשטאַט דעם פיינדליכען קאַמף. דאָס זענען דערהויפּט די בורזשואַזע טהעאָרעטיקער פון דעם „אייביגען פריעדען" און די אָנהענגער פון דער „עטישער בעוועגונג", וואָס איז אַ געוויסע צייט געשטאַנען אין דעם צענטר פון דעם אינטערעס ביי דעם אייראָ־פּעאישען געזעלשאַפטליכען געדאַנק.

זייער גאַנצער אידעאַל פון סאָציאַלע רעפאָרמען איז בעשטאַ־נען אין דעם, מען זאָל אַ ביסעל מעהר אויסגלייכען די לאַגע פון די ברייט־פאַסען און די לענג־פאַסען, און דער אידעאַל וואָלט אין גאַנצען מקוים געוואָרען יעמאָלט, ווען די מענשהייט וואָלט לגמרי און אויף אייביג אָנגענומען די געשטאַלט פון אַ שאַך־ברעט: יע־

דער קלאַס פון יעדען פאָלק וואָלט זיך געזעסען אין זיין קעסטעלע און וואָלט זיך געלעבט בשלום ושלוה מיט שכנים׳שע קעסטעלעך. „לעבען און לאָזען לעבען", — אָט דאָס איז דער דעוויז פון יענע פריעדליעבענדע דענקער. דער פאַבריקאַנט דאַרף לעבען, און דער ארבייטער, און דער שענקער. עס דאַרף לעבען דער פראַנצויז, און דער דייטש, און דער רוס.

קריטיש פאַנאַנדערצוקלייבען זיך אין אַלע טעאָריעס, וואָס זענען אויסגעוואַקסען אויף דעם שטח פון א פאָלקאָמענער אַנאַלאָגיע צווישען דער קלאַסען־טיילונג פון דער מענשהייט און איהר פעלקער־טיילונג, זאָגען מיר זיך דאָ אָב. אויך יענע טעאָריע וועלען מיר לאָזען אָהן א גרינדליכערען ענטפער, וואָס וויל אונז איינוויינען מיט דעם ליעדעלע, אַז אַלע פעלקער וועלען פערשווינדען, ווי עס וועלען פערשווינדען אַלע קלאַסען. בנוגע צו איהר וועלען מיר זיך דאָ נאָר פערגינען דעם פערגעניגען נאָך א ביסעל ברייטער פונאַנדער־צו־וואלגערן די אַנאַלאָגיע צווישען קלאַסען און פעלקער.

מיר וועלען פון איהר אַרויסברענגען אזא דרשה: אקוראַט אזוי, ווי אַלע קלאַסען וועלען איינגעשלונגען ווערן פון דעם ניעדעריגסטען, דעם אונטערדריקסטען קלאַס, ד. ה., פון דעם פראָלעטאַריאַט, וועלען אויך אַלע פעלקער מוזען איינגעשלונגען ווערן פון דעם אונטערדריקטעסטען פאָלק, פון דעם פראָלעטאַריער צווישען פעלקער, דעם לאַנד־לאָזען פאָלק, פון די א י ד ע ן. דערפון איז קלאָר, ווי דער ליכטיגער טאָג, אז אַלע פעלקער וועלען זיך צונויפגיסען אין איין א י ד י ש ע ר מענשהייט און אז דער קינפטיגער לשון פון אָט דער מענשהייט וועט זיין ניט נאָר די אידישע שפּראַך, — אין דעם פאַל וואָלט די אַנאַלאָגיע געווען נאָך ניט גענוג פונאַנדערגעוואַלגערט, — נאָר דוקא יענער מאָסקווער אידישער זשאַרגאָן, וואָס בעשאַפט אזעלכע אויסדריקען, ווי „די דערעוו׳יעם פאַכניען מיט א פּריאַטנעם זאַפּאַך" („די בוימער שמעקען מיט אן אנגענעהמען ריח"), ווייל אָט דער באמת „צעהן־טיסיאַטשי־כפּרות"־זשאַרגאָן שטעהט אויף דער ניעדעריגסטער שטופע פון אַלע אידישע דיאַלעקטען.

אָהן שפּאַס קאָנען מיר אָבער בנוגע צו דער דאָזיגער אַנאַלאָגיע צווישען קלאַסען־פערשווינדען און פעלקער־פערשווינדען דערווייל

זאָגען נאָר איינס: לא הרי זה כהרי זה, יענס איז ניט גלייך צו דעם. די ברייט־פאַסען ליעגען איינע אויף דעם אַנדערען. מיט זייער גאַנצער לאַסט דריקען די אויבערשטע שיכטען אויף דער אונטערסטער. עס איז בכן קיין חדוש ניט, וואָס אין דער אונ־טערסטער, דער צוגעדריקטעסטער שיכט וואַקסט אָן אַ שטרעבען אין גאַנצען אַראָבצוואַרפען די אויבערסטע פון זיך. און גיט זיך איהר דאָס איין, יעמאָלט ווערט די גאַנצע מענשהייט פערוואַנדעלט אין איין אַרבייטער־קלאַס. גאַנץ אַנדערס מיט די לענג־שניטען. זיי ליעגען איינער לעבען דעם אַנדערן, ווענינגסטענס דאַרף דאָס אַזוי זיין על פי טעאָריע. און ווערען זייערע לאַגעס באמת אויסגע־גליכען, הערט אויף איין פאָלק צו זיין מעהר מיוחס פאַר דעם אַנדער פאָלק, יעמאָלט זעהט מען בשום אופן ניט איין, פאַר וואָס איין לענג־שניט, איין פאָלק זאָל זיך פלוצים פערוועלען קריכען דעם אַנדערן אין מויל אַריין, ער זאָל איהם צוקייען און איינשלינגען. ממילא מוזען אַלע פעלקער זיך פּאַראַלעל ענטוויקלען און וואַקסען אין דער הויך, און פון אַ פערשווענדען קאָן דאָ גאָר קיין רייד ניט זיין.

אַ סך מעהר אויפמערקזאַמקייט פערדיענען יענע געדאַנקען און בעטראַכטונגען, וועלכע בענוגענען זיך ניט מיט דער אַנאַלאָגיע צווי־שען די קלאַסען־פאַקטאָרען און די נאַציאָנאַלע פאַקטאָרען, ווען מען נעהמט זיי אָבגעזונדערט איינעם פון דעם אַנדערן ווי זעלבסט־שטענדיגע קרעפטע, — יענע געדאַנקען און בעטראַכטונגען, וואָס לאָזען זיך אַראָב טיעפער אין דעם ענין און ווילען אויסגעפינען די צווישען־ווירקונג פון דעם קלאַסען־מאָמענט און דעם נאַציאָנאַלען. ליידער, „פאַכניען" אויך אין יענע לעהרען ניט אַלע „דרעוו'יעס" מיט אַ „פריאַטנעם זאַפאַך".

טראַכט מען זיך טיעפער אַריין אין זיי, בעקומט מען דעם איינדרוק, אַקוראַט ווי פאַר די אויגען אויך פון יענע טעאָרעטיקער, וואָלט זיך געטראָגען דיזעלביגע סכעמע פון לענג־שניטען און ברייט־שניטען אין דער מענשהייט, אָבער מיט דעם חלוק, וואָס פאַר זיי איז בולט אַרויסגעטרעטען דער פאַקט, אַז די ברייט־פאַסען און די לענג־פאַסען שניידען איבער איינעם דעם אַנדערן; די קלאַסען־טענדענצען און די נאַציאָנאַלע טענדענצען האַקען־איבער איינע

דער אנדערער דעם וועג. וואָס מעהר איהר ציעהט פאַנאַנדער דעם „קוואַדראַטעל“ אין דער לענג, אין זיין נאַציאָנאַלער ריכטונג, אַלץ שמאָלער ווערט זיין פערנעהם אין דער ברייט, אין דעם בעוואוסטזיין פון זיין קלאַס. און צוריק: מיט דעם פאַנאַנדערציעהען פון זיין פערנעהם אין דער ברייט, פון זיין קלאַסען־פערנעהם, ווערט אַלץ ענגער און ענגער דער אָרט, וועלכען דאָס „קוואַדראַטעל“ פערנעהמט אין דעם נאַציאָנאַלען פאַס. די קלאַסען־אינטערעסען און די נאַציאָנאַלע אינטערעסען, דער קלאַסען־בעוואוסטזיין און דער נאַציאָנאַלער־בעוואוסטזיין געפינען זיך אין אַ שטענדיגען אַנטאַגאָניזם: וואָס שטאַרקער עס ווערט איינער, אַלץ שוואַכער — דער אַנדערער.

אומעטום, וואו דער מענשליכער געדאַנק געפינט פאַר זיך אַן אַנטאַגאָניזם פון צוויי שטרייטענדע קרעפטען, קאָן מען אַוועקשטעלען אַזאַ כלל. דער מענשליכער שכל איז נוטה פטור צו ווערען פון דעם אַנטאַגאָניזם אויף צוויי אופנים: אָדער ער וויל דערוועגען איינע פון די שטרייטענדע קרעפט צו גונסטען פון דער אַנדערער, אָדער ער שטרעבט פאַנאַנדערגרעניצען די ספערען פון זייער ווירקונג אַזוי, אַז ביידע קרעפטען זאָלען אויפהערען צו שאַדען איינע דער אַנדערער. דער ערשטער וועג איז דער וועג פון דעם „מאָניזם“; דער צווייטער וועג, דער וועג פון דעם פשרה־מאַכעריישען „דואַליזם“, פאַר וועלכען דער אַלטער העגעל האָט שוין געפּורנען די פאָרמעל: אין איין טאַש איינס, אין דער אַנדערער דאָס אַנדערע.

בנוגע אונזער אַנטאַגאָניזם פון נאַציאָנאַלע און קלאַסען־טענדענצען אין'ם פראָלעטאַריאַט האָבען די ביידע וועגען פון'ם טעאָרעטיטען געדאַנק זעך אויסגעדריקט אין פערשיידענע שטרעמונגען.

קודם כל האָבען מיר דאָ צו טהאָן מיט דעם ריין־נאַציאָנאַליסטישען געדאַנקען־שטראָם. וואָס וויל לגמרי דערוועגען יעדען קלאַסען־קאַמף אין דעם נאָמען פון אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע אינטערעסען און ציעלען. די סואַוואָרינס און קרושעוואַנס פון אַלע פעלקער און צייטען זיינען די פערטרעטער פון אַזאַ שטרעמונג.

לויט די טעאָרעטישע מיינונגען פון אָט דער ריכטונג שוואַכט אָב דער קלאַסען־קאַמף די קראַפט פון דעם נאַציאָנאַלען גאַנצען און, דער עיקר, די קראַפט פון יענע הערשענדע שיכטען, וואָס

שטעהען בראש פון דעם פאָלק און פיהרען זיין היסטאָרישען קאמף פאַר נאַציאָנאַלע בעפרייאונג אָדער נאַציאָנאַלע הערשאַפט איבער אנדערע. די „ענג־עגאָאיסטישע“ און „פרעסערישע“ אינסטינקטען פון די ארבייטער־מאַסען דאַרפען געהאַלטען ווערן אין צוים צוליעב די אידעאַלען פון דער נאַציאָנאַלער גרוים. דערפאַר דאַרפען די נאַציאָנאַלע אינסטינקטען פון די מאַסען מיט וואָס מעהר ליידענשאַפט פאַנאַנדער געבלאָזען ווערן אין אַ פלאַקער פון אונענדליכען האַס צו די „פרעמדע“. ביי אונז אידען זענען די אַלגעמיינע ציוניסטען די טרעגער פון דעם דאָזיגען שאָוויניסטיש־נאַציאָנאַלען אידעאַל. שוין אין יענער צייט, ווען אונזער „חבת־ציון“ איז צום ערשטען מאָל ארויס אין קאמף אַנטגעגען דעם אידישען סאָציאַליזם, האָבען געגליהמט אין איהם יענע סואוואָרין־קרושעוואַנישע פונקען פון האַס צו אַלע מענשען, אַ חוץ אידען, און פון דער פולער פעראַכטונג צו אַלע עקאָנאָמישע בעדערפעניסען פון די מאַסען. אין איינעם מיט דער ענטוויקלונג פון דער „חבת־ציון“ האָבען יענע פונקען זיך באַלד דאָ, באַלד דאָרטען פאַנאַנדערגעברענט אין גיהנים־פלעמעלעך, און עס איז געווען אַן ענמת־נפש, און אַ חדוש, און אַ צער צו זעהן אַזעלכע פיגורען, ווי משה ליב ליליענבלום, מיט קרושעוואַן־סואוואָרין’שע פּאַקעלען אין די הענד. איצטער ליעגען יענע פונקען ווידער בעגראָבען אונטער דעם אַש פון דעם אויסגעברענטען בורזשואַזען ציוניזם, אָבער זיי זענען תמיד אָנגעגרייט ווידער אַרויס צו רייסען זיך ביי דער ערשטער בעסטער געלעגענהייט.*)

די אַלגעמיין־ציוניסטישע בעוועגונג איז בלי ספק אויסגעבונדען מיט די קלאַסען־אינטערעסען פון דער אידישער בורזשואַזיע, אָבער דאָס הייסט נאָך גאָר ניט, אַז זי שטאַמט ארויס נאָר פון זיי.

---

*) דאָס איז געווען געשריעבען אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, ווען דער ציוניזם האָט דורכגעלעבט אַ שריפה־צייט. מיט דעם נצחון פון דער רעאַקציע איז ער ווידער געקומען צו זיך, און די נאַציאָנאַל־שאָוויניסטישע טענער האָבען זיך נאָך מעהר פערשטאַרקט אין איהם. גאָר ניט צו דערטראָגען גרילצען זיי איצטער אין ארץ־ישראל. וואו דאָס רוב קאָלאָניסטען איז ביז צו דעם העכסטען גראַד שאָוויניסטיש און אין ניט אַ קלענערען גראַד אַרבייטער־פיינדליך, ווייל די אידישע אַרבייטערשאַפט, דערהויפט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע, איז, ווי זיי זאָגען, אַ סכנה פאַר’ן ישוב... (1914)

מיר האָבען דאָ פאַר זיך, ווי אין יעדער ריין נאַציאָנאַליסטישער בעוועגונג, ניט נאָר די קלאַסען־אינטערעסען פון דער בורזשואַזיע, נאָר אויך דעם איינזייטיגען פאַנאַטישען גלויבען אין אַ פּרינציפּ, וואָס ווערט אַרויסגערוקט פון דעם לעבען גופא, און דאָס שטרעבען מקריב צו זיין אויף דעם מזבח פון דער הייליג־געוואָרענער עבודה־זרה אַלע שטרעמונגען און אידעאַלען, וואָס גהען להיפך צו איהר.

די צווייטע שטרעמונג פון דעם „מאַניזם־איבער־געוואַלד“ ווערט אין אונזער פראַגע אַרויסגערופען פון די סאָציאַליסטען, און שטעלט מיט זיך פאַר דעם שאַרפסטען היפך צו דער ערשטער. דאָרטען, אין דעם בורזשואַזען נאַציאָנאַליזם, ווערט דער פּרינציפּ פון דעם אַרבייטערס קלאַסען־קאַמף געשאָכטען אויף דעם מזבח פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסען. דאָ, אין דעם סאָציאַליסטישען קאָס־מאָפּאָליטיזם, ווערען די נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע אינטערעסען פון'ם פּראָלעטאַריאַט געבראַכט פאַר אַ קרבן צוליעב זיינע קלאַסען־אינטע־רעסען און אידעאַלען.

די אַרבייטער, לערנט אונז דער סאָציאַליסטישער קאָסמאָפּאָ־ליטיזם, דאַרפען פערגעסען, צו וועלכער נאַציע, צו וועלכען פאָלק זיי געהערען. פאַר זייערע אויגען דאַרף תמיד לויכטען נאָר איין ציעל — דער טריאומף פון דעם אַלוועלטליכען פּראָלעטאַריאַט איבער דער אַל־וועלטליכער בורזשואַזיע. אין דער מאָס, אין וועל־כער דער אַרבייטער וועט געדענקען, אַז ער געהערט צו אַ בעשטימ־טען פאָלק, אין דערזעלביגער מאָס וועט ביי איהם אָבגעשוואַכט ווערן דער געפיהל פון קלאַסען־סאָלידאַריטעט מיט דעם פּראָלעטאַ־ריאַט פון די אַנדערע פעלקער און אין דערזעלביגער מאָס וועט אויך טעמפּ ווערען דער בעוואוסטזיין פון זיין קלאַסען־היפך צו דער איינענער בורזשואַזיע, מיט וועלכער ער איז נאַציאָנאַל פערבונדען.

אַט פאַר וואָס מען מוז אין דעם בעוואוסטזיין פון דעם פּראָ־לעטאַריאַט אויסוואָרצלען יעדען געדאַנק פון וועלכע עס איז נאַצי־אָנאַלע אויפגאַבען און ענערגיש קעמפען אַנטגעגען דעם, אַז אין זיין פּאָליטיק זאָלען אַריין געטראָגען ווערן וועלכע עס איז נאַציאָ־נאַלע עלעמענטען.

אויך ביי די נאַציאָנאַל־אונטערדריקטע פעלקער שטעהען די טעאָרעטיקער און פּראַקטיקער פון דער אַרבייטער־פּאָליטיק כמעט

אויף דעמזעלביגען שטאַנדפּונקט. זיי מאַכען יע כלומרשט קאָנצעסיאָנען דעם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ. ווי דאָס רוב פון אונזערע „בונדיסטען" האַלטען זיי פאַר א טאַקטישען, אָבער בשום אופן ניט קיין פּרינציפּיעלען פעהלער, ווען מען זאָל זיך לגמרי ניט רעכענען מיט די נאַציאָנאַלע געפיהלען פון דעם פּראָלעטאַריאַט. מען דאַרף, עצה'ן זיין, צו־וואַרפען די דאָזיגע געפיהלען, ווי א הונט א ביין, וועלכע עס איז נאַציאָנאַלע רעכט, כדי דער נאַציאָנאַלער בעוואוסטזיין פון דעם פּראָלעטאַריאַט זאָל זיך דערווערגען מיט דער ביין און אין גאַנצען אָברוימען זיין פּלאַץ פאַר דעם קלאַסען־בעוואוסטזיין.

פיעל נעהענטער צום לעבען און זיינע פאָדערונגען שטעהען די פערטרעטער פון'ם „פריערשאַפענעם דואַליזם". זיי פערשטעהען, אז מיט א ביין קאָן מען ניט אָנזעטיגען דעם נאַציאָנאַלען הונגער פון דעם פּראָלעטאַריאַט, און די געשיכטע האָט זיי געלערנט, אז אין דעם פּונקט, ווי אין א סך אַנדערע, קומט דער אַפּעטיט מיט'ן עסען.

דער קלאַסען־בעוואוסטזיין און דער נאַציאָנאַלער בעוואוסטזיין פון דעם פּראָלעטאַריאַט, שטערען איינער דעם אַנדערן, נייטראַליזירען איינער דעם אַנדערן. דאָס איז אמת. אָבער דאָס קומט פאָר נאָר יעמאָלט, ווען זיי שטויסען זיך אין איינעם צונויף אויף איין שטח פון טעטיגקייט, ווען זיי גיעסען צונויף זייערע פערשיידענע אויפגאַבען אין איינעם. מען דאַרף זיי פונאַנדער פיהרען בעזונדער, וועט יעדער פון די פאַקטאָרען זיך קאָנען ענטוויקלען פריי. כדי עס זאָל פערשווינדען די מעגליכקייט פון א קאָנפליקט, דאַרף מען ביידע בעפרייען פון דעם אומדערטרעגליכען צוזאַמען־לעבען אין איין ספערע און פונאַנדערגרעניצען די ממשלות, וואו יעדער קאָן בעזונדער געוועלטיגען אויף זיין אָרט.

אין איהר עקאָנאָמישער טעטיגקייט, אין די גרעניצען פון איהר פאָלק, זאָל די אַרבייטערשאַפט ניט נאָר שטענדיג קעמפען אַנטגעגען דער בורזשואזיע פאַר א בעסערע עקאָנאָמישע צוקונפט; לאָז זי אויך שטרעבען דערצו, עס זאָל אין גאַנצען אָבגעשאַפט ווערען די הערשאַפט פון דער בורזשואזיע, אויף אייביג בטול ווערן די פריוואַטע איינצעל־בעלעבאַטישקייט. אָבער דאָרטען, וואו עס וואַקסען

אַרויס אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע אינטערעסען; דאָרטען, וואו איין פאָלק שטעלט זיך פּנים לפּנים אַוועק אַנטגעגען אַן אַנדער פאָלק, — אין דעם קאַמף פאַר וועלט־הערשאַפט אָדער פאַר אַ בעסערער לאַגע אויף דער ערד, — דאָרטען, אויף דעם פעלד פון דער אינטערנאַציאָנאַלער, „פרעמדלענדישער“ פּאָליטיק, איז דער קלאַסען־קאַמף ניט אויף זיין אָרט, און די שטים פון דעם קלאַסען־היפך דאַרף ווערן אַנטשוויגען. די בורזשואַזיע און דער פּראָלעטאַריאַט דאַרפען זיך דערלאַנגען די הענד און געדענקען, אַז זיי זענען קינדער פון איין פאָטערלאַנד, פון איין נאַציע. אין קאָמפּאַקטע, צונויפגעפרעסטע מאַסען דאַרפען זיי ביידע, מיט בשותפות'שע כוחות אַרויסרייסען פון דעם פרעמדען דאָס, וואָס עס וועט שפּעטער, אַ דאַנק דעם קלאַסען־קאַמף, אַריבערגעהן אין גאַנצען אין די הענד פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

אַזוי זעהט אויס דער גרונד־פּרינציפּ פון אַלע, מעהר אָדער ווייניגער ראַדיקאַלע „נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטען“; וואָס עצה'ן אין דייטשלאַנד דעם דייטשען פּראָלעטאַריאַט, ער זאָל וואַטירען דעם „קאַיזער“ וואָס מעהר פּאַנצער־שיפען און מאַרטירעס, און אין פראַנקרייך דעם פראַנצויזישען פּראָלעטאַריאַט — ניט פערגעסען די נאַציאָנאַלע עולה, וואָס דייטשלאַנד האָט אָנגעטהאָן פראַנקרייך, ווען עס האָט צוגערויבט עלזאַס און לאָטארינגען. די „רע־וואַנש“־ליעדער, וועלכע דער „נאַציאָנאַליסטישער סאָציאַליסט“ ראָשפּאָר זינגט אין פראַנקרייך, און דער „הייל דיר אים זיעגעס־קראַנץ“, וואָס די דייטשע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטען, ווי למשל דער פּאַסטאָר נאומאַן, זינגען אין דייטשלאַנד, גיעבען אונז אַ פּרעכ־טיגע אילוסטראַציע צו דעם טיפּ נאַציאָנאַל־דענקענדע סאָציאַליס־טען, וואָס האָבען אַרויס געבראַכט די דואַליסטישע פּשרה, צווישען קלאַסען־קאַמף און נאַציאָנאַליזם.

צו דעמזעלביגען טיפּ געהערען אויך אונזערע נאַציאָנאַל־סאָ־ציאַלע טהוערם פון די פערשיידענסטע שאַטירונגען: די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּועלי־ציון, די ציוניסטען־סאָציאַליסטען וכדומה. ווי אַלע אַנדערע נאַציאָנאַל־סאָציאַלען האָבען זיי אין איין מאָש זעהר אַ ראַדיקאַלען פּראָגראַם פון קלאַסען־קאַמף פאַר דעם פּראָ־לעטאַריאַט, וואָס וויל, לויט זיין גרונד־טענדענץ ניט האָבען קיין

מגע־ומשא מיט דעם נאַציאָנאַליזם, און אין דער צווייטער טאָש טראָגען זיי אַרום פּראָיעקטען פון אַ ריין נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, בערעכענט אויף דעם ענגסטען צוזאַמען־ווירקען מיט דער אידישער בורזשואַזיע, וואָס האָבען דעריבער אין דער פּראַקטיקע קיין ברעקעל שייכות ניט צו דעם קלאַסען־קאַמף פון דעם פּראָלעטאַריאַט.*)

.3

דערמיט האָבען מיר סקיצירט אַלע וויכטיגסטע פּראָגראַמען, וואָס וואַקסען אַרויס פון יענער טעאָריע, אַז דער נאַציאָנאַליזם קאָן אין איין און דעמזעלביגען שטח ניט הויזען מיט דער קלאַסען־פּאָליטיק פון דעם פּראָלעטאַריאַט. מיר ווייסען אַליין גאַנץ גוט, אַז מיר האָבען דאָ אַרומגענומען מיט איין רייף אַ סך גרופּפּען און שטרעמונגען, וואָס האָבען אַ גאַנץ פערשיידענעם ווערטה פאַר דעם פּראָגרעס פון דער מענשהייט און פאַר דעם סאָציאַליזם, וואָס לעהנט זיך אָן אויף דעם קלאַסען־קאַמף אַנטגעגען דער בורזשואַזיע בפרט.

שטעלט מען זיך אויף דעם שטאַנדפּונקט פון דעם סאָציאַליזם און זיינע אינטערעסען, טאָהר מען גאַנץ זיכער ניט צונויפמישען אין איינעם די אָנהענגער פון דעם קרושעוואַן־סואוואָרינ׳שען פּראָגראַם, מיט די נאַציאָנאַלע־סאָציאַלען על פּי נוסח ראָשפּאָר אָדער נאַימאַן; זיי ביידען ניט־מיט די אידישע אַסימילאַטאָרען פון דער „איסקראַ“, די אידישע אַסימילאַטאָרען פון די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערען און די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערען פון די אַסימילאַטאָרען (דאָס זענען צוויי פערשיידענע אידישע „עס־ער“־טיפּען, וואָס וועגען

*) אין דער לעצטער צייט האָט זיך דער ענין דער שטאַרק פערענדערט ביי די פּועלי ציון און די ס. ס. די טעאָריע פון „צוויי פּאָהנען“, ווי זי האָט צ. ב. אַמאָל געהערשט ביי די אַמעריקאַנער פּועלי־ציון, האָט שוין כמעט ביי אַלעמען פערלאָרען דעם קרעדיט, לפּחות אין דער טעאָריע. אין דעם לעבען, פערשטעהט זיך, זענען נאָך ניט אין גאַנצען פערשוואונדען די טרעגער פון „צוויי פּאָהנען“, אָבער זייער ראָליע און די ענטשפּרעכענדע פּאַרטייען איז שטאַרק אָבגעשוואַכט. סיידען דער איצטיגער וועלט־קריעג, וואָס האָט כמעט־שוין גאַנץ גרויס(?)

... — ווען עס איז אן אנדערס מאל); די לעצטע גים־מיט די „בונדיסטען“ און די ציוניסטען־סאציאליסטען פון אלערליי פארבען.

די אידישע רעוואלוציאנערען פון אלע שאטירונגען נעהמען אן דעם פרינציפ פון דעם פראלעטארישען קאמף אנטגעגען דער בורזשואזיע אין דעם נאמען פון א סאציאליסטישען אידעאל; זיי אלע שטעלען זיך איין פאר דער סאלידאריטעט פון דעם פראלעטאריאט פון אלע פעלקער. דאס אליין גראבט אויס א טיעפען תהום צווישען דער ריין־בלוטיגער אלוועלטליכער קרושעוואן־חוליגאנצ און דעם דאשפאר־נאומאנ'שען נאציאנאלען סאציאליזם פון איין זייט, און דער סאציאליסטישער אינטעליגענץ מיט אלע איהרע שאטירונגען פון דער אנדערער, — א תהום, וואס קאן מיט קיינע בריקען קיין מאל ניט צוגעדעקט ווערן.

דער סאציאליזם, דער קלאסן־קאמף און די צווישען־פעלקערליכע סאלידאריטעט זענען גענוג בעשטימטע און קלארע, גענוג גרויסע פרינציפען, זיי זאלען אונז געבען א רעכט צורעכענען צו איין פארטיי אלע עס־דעקען און עס־ערען, פע־פע־עסעס און עס־עסעס, פועלי־ציוניסטען, בונדיסטען און די טרעגער פון אלערליי מעגליכע אנדערע סאציאל־רעוואלוציאנערע ראשי־תיבות'ען און נעמען, ווי זיי זאלען זיך ניט שטעלען איינע צו די אנדערע, ווי זיי זאלען ניט קוקען אויף דער נאציאנאלער פראגע.

דערהויפט איז וויכטיג צו געדענקען, אז די ציוניסטען־סאציאליסטען און דאס רוב פון די פועלי־ציון פון אלע פארבען, ניט קוקענדיג דערויף, וואס זייער דואליסטישער פראגראם האט א פאטאלע עהנליכקייט מיט דעם דואליסטישען פראגראם פון די נאציאנאל־סאציאלע פארטייען, געהערען פארט צו אונז אלעמען, ווייל זיי שטעהען אויך מיט אונז אויף איין זייט פון יענעם תהום, וואס טיילט אונז אלעמען אב פון דער קרושעוואן־דאשפארישער חוליגאנצ.

אונזערע נאציאנאל־סאציאלע שיידען זיך בולט אב פון זייערע פראגראם־קרובים ביי די אנדערע פעלקער א דאנק דעם פאקט, וואס זיי האבען אויפ'ן ישארפסטען אופן פונאנדערגעריסען דעם נעשלאסענעם קרייז פון יענע סאציאל־שאוויניסטישע אידעען, וואס קאנען ניט צוגעבען די ברידערליכע סאלידאריטעט פון פעלקער. דורך דעם גופא זענען זיי אידעאיש ארויין אין יענער גרויסער משפחה

פון דער אַלוועלטליכער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָס האָט אויף איהר פאָהן אָנגעשריעבען די גלייכקייט און ברידערשאַפט פון פעלקער, די סאָלידאַריטעט פון אַלע, וואָס אַרבייטען, אָהן א חלוק פון פאָלק צו פאָלק.

אויב די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי וואָלט שוין איצטער געהאַט א דעה אויף דעם גורל פון אונזער וועלט, וואָלטען מיר שוין איצטער ניט געהאַט מעהר קיין נאַציאָנאַלע פראַגע. ניט דערפאַר, וואָס אַלע פעלקער וואָלטען זיך צונויפגעקנאָטען אין איין גלייכמעסיגען אומבעשטימטען שטיק טייג, נאָר דערפאַר, וואָס דער סאָציאַליזם וואָלט שוין געפונען גענוג וועגען און מיטלען, ווי אזוי צו קאָווירען אַלע פעלקער ניט נאָר דאָס אבסטראַקטע רעכט, נאָר אויך די פאַקטישע מעגליכקייט פון א פרייער ענטוויקלונג. פאַר דעם נאַציאָנאַלען לעבען, אָהן וועלכע עס איז גרעניצען און שטערונגען.

די צרה איז נאָר, וואָס דער סאָציאַליזם האָט נאָך קיין כוחות ניט דאָס דורכצופיהרען און וואָס דער פּראָלעטארישער קלאַסען־קאַמף גופא נויטיגט זיך נאָך שטאַרק אין א קאָנטראָל מצד דעם סאָציאַליסטישען געדאַנק, דוקא אויף דעם פעלד פון די נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען, מיט וועלכע דער פּראָלעטאַריאַט איז בעקאַנט געוואָרען לפי ערך נאָר ניט לאַנג. דאָ קאָן די פּראָגראַם־פעהלערן פון די איינצעלנע פּראָלעטארישע פּאַרטייען א סך מעהר מוחל זיין, איידער ערגעץ אין אַן אַנדער פעלד פון דער סאָציאַלער פּאָליטיק, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס די פעהלערן קאָנען זיך אָברופען מיט א גרויסער סכנה אויף דעם גאַנצען פּיהר פון דעם פּראָלעטארישען קאַמף און אויף דער גאַנצער לאַגע פון יענעם פאָלק, צו וועלכען דער פּראָלעטאַריאַט געהערט.

אָט פאַרוואָס מיר טאָהרען ניט, ווי די אַלט־אידישע פּרושים און סופרים, אָבגרעניצען זיך פון די סאָציאַליסטען־ציוניסטען און די פּועלי־ציון מיט דער פרומער מסירה'לע: „זעהט, זיי חבר'ן־זיך מיט דער בורזשואַזיע!" ווי וועה עס זאָל אונז ניט טהאָן, וואָס זיי „חבר'ן זיך", זעהען מיר פון דעסטוועגען אין דעם ניט דעם מעות פון זייער האַרצען, ניט די אָבשוואַכונג פון זייער גינציגקייט צו די אינטערעסען פון דעם אַרבייטער־קלאַס, ניט זייער פּאַרטײ־

קייט צו פערקויפען יענע אינטערעסען צו די אידישע עקספּלואטאַ־טאָרען פון אידישער און ניט אידישער ארבייט. מיר זעהען אין דעם דעם גרייז פון זייער טעאָרעטישען געדאנק, — אַ גרייז, וועל־כען זיי מאכען בשותפות מיט אַלע אויבען אויסגערעכענטע סאָציאַ־ליסטישע ריכטונגען.

דער גרייז בעשטעהט, ווי מיר האָבען געזעהען, אין דעם, וואָס מען נעהמט אָן, אז דער נאַציאָנאַליזם, — דער בעוואוסטזיין, אז מיר געהערען צו אַ בעשטימטען פאָלק און אז מיר זענען פערבונדען מיט איהם, — און דער קלאסען־בעוואוסטזיין, — ד. ה., דער בע־וואוסטזיין, אז מיר געהערען צו אַ בעשטימטען קלאַס און זענען פערבונדען מיט איהם, — זענען אין זייער תוך אַנטאַגאָניסטיש איינער צום אנדערען, און אז מאכען שלום צווישען זיי, — אויב מען קאָן איבערהויפּט מאכען שלום צווישען זיי, — קאָן מען נאָר אין יענעם פאַל, ווען מען וועט שארף פּאַנאַנדערגרעניצען די טעטיג־קייטס־ספערען פון די צוויי פיינדליכע פּרינציפּען.

דער גרונד פון דעם דאָזיגען טעות ליעגט אין דער אבסטראַק־טער, סכעמאַטישער פאָרשטעלונג, וואָס ווייזט אונז, אז די נאַציאָ־נאַלע לענג־פאַסען און די סאָציאַלע ברייט־פאַסען האַקען זיך איבער, פערשטעלען איינע די אנדערע דעם וועג. דערביי פערגעסט מען, אז דאָס איז ניט מעהר ווי אַ סכעמע און אז זי מאכט דורך אין ווירקליכען לעבען, ווי יעדע טעאָרעטישע סכעמע, זעהר וויכטיגע פערפלאָנטערונגען אונטער דעם דרוק פון יענע קאָנקרעטע אומ־שטענדען, צווישען וועלכע זי דאַרף אַרויסווייזען איהר ווירקונג. די אויספאָרשונג פון יענע ווירקליכע אומשטענדען, וואָס ווערן בע־שאַפען פון די פערשיידענאַרטיגע צונויפגעפלאָנטערטע לעבענס־פאַקטען, וואָלטען אַרויף געבראַכט אונזער סאָציאַליסטישען גע־דאַנק, — און ממילא אויך די גאַנצע טהעטיגקייט פון אונזער אַרבייטער־קלאַס, — צו אַ גאַנץ אנדער בליק אויף דעם ענין. קודם כל וואָלט מען געדאַרפט אריינציהען אין רעכענונג יענעם זיכערען פאַקט, אז די סאָציאַלע און די נאַציאָנאַלע פּאַנאַנדערשניטען פון דער מענשהייט, זענען ניט די איינציגע פּרינציפּען, וואָס טיילען פּאַנאַנדער די מענשהייט אין איינצעלנע גרופּען; אז אַ חוץ דעם זענען נאָך דאָ אנדערע גרופּירונגען: פּאַרטייען, רעליגיעס, פילאָ־

סאָציאַלישע ריכטונגען און אַז. וו., א. אַז. וו., — וואָס ווירקען מאָדיפיצירענדיג אויף דעם געגנשפּיל פון די סאָציאַלע און די נאַציאָנאַלע עלעמענטן.

לאָמיר דאָ דערמאָהנען, ווי אַ ביישפּיעל, יענע אומגעהויערע ראָליע, וועלכע דער קאַטאָליציזם שפּיעלט אין דעם עקאָנאָמישען און דעם פּאָליטישען קאַמף פון די קאַטוילישע אַרבייטער אין דייטשלאַנד, וועלכע דער זעלבינער קאַטאָליציזם שפּיעלט אין דעם פּאָליטישען, עקאָנאָמישען און דעם *נאַציאָנאַלען* קאַמף פון דעם פּוילישען פּראָלעטאַריאַט, וואָס פילט איצטער אָן מיט אזאַ'ן אימפּעט די ציילען פון דער שאָוויניסטיש־פּוילישער „נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע"; לאָמיר ניט פערגעסען די גרויסע ווירקונג, וועלכע דערזעלבינער קאַטאָליציזם און דער קריסטענטום בכלל האָבען אויף דעם *אַנטי־סעמיטיזם*, און ווי אַזוי דער לעצטערער ברענגט אַריין וויכטיגע פערענדערונגען אין יענער אַטמאָספערע, וואו דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט קומט אויס צו פיהרען זיין עקאָנאָמישען, פּאָליטישען און נאַציאָנאַלען קלאַסען־קאַמף.

דאָס זענען אַלץ פאַקטען, וואָס זענען אויסגעוואַקסען אין דעם „אידעאָלאָגישען איבערבוי", אין דער רעליגיע, אָבער וואָס רייסען זיך אַריין אויף אַ גאַנץ שפּיהרליכען אופן אין די עקאָנאָמישע און די נאַציאָנאַלע יסודות, און מאַכען אומ'ברחמנות'דיג אַ תל פון זייער קלאָרען, גלייכליניגען סכעמאַטיזם.

אָבער אויף די פאַקטען פון דעם „אידעאָלאָגישען איבערבוי" וועלען מיר זיך איצטער ניט אָבשטעלען. מיר האָבען ביי זיך אליין גענומען אַ תקיעת־כף, אַז אין אונזערע איצטיגע בעטראַכטונגען זאָלען מיר ניט אַרויספאָהרען מיט דער ווירקונג פון יענע אידעאָלאָגישע פאַקטאָרען, וואָס דאַרפען נאָך קעמפען פאַר זייער גלייכבערעכטיגונג אין דער מאַרקסיסטישער טעאָריע מיט די „וואָרצעלהאַפטע" פאַקטאָרען און וואָס מוזען, ביז וואַנען־וואָס, בלייבען זיצען אין יענעם תחום המושב, וואו די הערשענדע טעאָריע האָט זיי געגעבען אַ „פּראַוואָ־זשיטעלסטוואָ", אַ „וואוינונגס־רעכט".

אמת, די גרעניצען פון יענעם „תחום המושב" זענען אין דער לעצטער צייט בעדייטענד ברייטער געוואָרען. איין קאַטעגאָריע פון די פאַקטאָרען, די נאַציאָנאַלע, איז אפילו אויסגעגליכען געוואָ־

רען אין איהרע רעכט מיט די „וואָרצעלהאַפּטע“. אָבער די איבע־ריגע זענען אַלץ נאָך געצוואונגען צו בלייבען אין די „אויבערשטיב־לעך“, וואָס מען האָט אויסגעבויט פאַר זיי, און זיי טאָהרען זיך נאָך אַלץ ניט בעווייזען אין די „וואָרצעלהאַפּטע“ אַפּאַרטאַמענטען, סיידען זיי ברענגען אַ פּאָלמאַכט פון אַ וואָסערען עס איז „ערשטער גילדיע“ עקאָנאָמישען אינטערעס.

לאָמיר דעריבער לאָזען אין אַ זייט, — אויף וויפיעל דאָס וועט זיין מעגליך, — די ווירקונג פון די אידעאָלאָגישע שטרעמונ־גען אויף דעם גאַנג און די ריכטונג פון דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וואָס אַ וועלכער עס איז קלאַס מוז טרייבען. אין דער פּיעלזייטיגער ווירקליכקייט גופא געפינען מיר גענוג דאַטען, וואָס פליעסען ארויס פון דעם קלאַסען־קאַמף און פון די נאַציאָנאַלע לעבענס־נויטען, און וואָס מאָדיפיצירען אין אַ גרויסער מאָס דעם אַנטאַגאָניזם, וועלכער דאַרף על פּי טעאָריע הערשען צווישען דעם קלאַסען־בעוואוסטזיין און דעם נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין.

אין דער ווירקליכקייט נעהמט יענער אַנטאַגאָניזם אָן זעהר פערשיידענע פאָרמען און טרעט ארויס מיט אַ זעהר פערשיידענער קראַפט, עס ווענדט זיך אָן דעם, מיט וועמען מיר האָבען דאָ צו טהאָן: מיט דער בורזשואזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט פון אַ ה ע ר ש ע נ ד ע ן פ א ל ק, אָדער מיט דיביידע קלאַסען פון אַן א ו נ ט ע ר ד ר י ק ט ע ן פאָלק, אָדער, לסוף, מיט די געזעל־שאַפטליכע קלאַסען פון אַזאַ פרייער און זעלבסטשטענדיגער אומה, וועמען דער מזל האָט בעהיט סיי פון נאַציאָנאַלער שקלאַפעריי, סיי פון נאַציאָנאַלער אויבערהערשאַפט איבער אַן אַנדער פאָלק.

## .4

אין דער עלטערער געשיכטע, ווי אויך אין דער איגנערער, זענען דאָ פעלען, וואו דער הערשענדר קלאַס פון אַ וועלכער עס איז געזעלשאַפט איז אין דערזעלביגער צייט געוואָרען די הערשענדע נאַציע און וואו דער אונטערדריקטער פאָלק איז בעשטאַנען דורכ־אוים פון ארבייטער־עלעמענטען, וואָס פלעגען עקספּלאָאַטירט ווערען פון דעם הערשענדען פרעמדלינג. עס איז לייכט צו פערשטעהן,

אַז אין אַזעלכע פעלען קאָנען די עקאָנאָמישע אינטערעסען און די נאַציאָנאַלע אינטערעסען בשום אופן ניט זיין אַנטאַגאָניסטיש. אדרבה, זיי געהן האנד אין האנד אין ביידע פיינדליכע לאַגערן.

דער הערשענדער קלאַס איז פעראינטערעסירט סיי אין זיין עקאָנאָמישער איבערמאַכט, סיי אין זיין נאַציאָנאַלער הערשאַפט. דאָס אייגענע איז מיט דעם אונטערדריקטען פאָלק; אין דערזעלבינער מאָס רייסט ער זיך צו בעפרייען, — אויב ער האָט נאָר לעבענס־כוחות אין זיך, — סיי פון דעם עקאָנאָמישען איבערהאַר, סיי פון דעם נאַציאָנאַלען בעדריקער.

די פּוילישע „שליאַכטא“, וואָס האָט געהערשט איבער די קליין־רוסישע און די ווייס־רוסישע פּויערים, האָט אַרויפגעלעגט אויף ביידען אַ צווייפאַכען יאָך און אַרויסגערופען אין זיי דעם שטרעבען צו אַ צווייפאַכער בעפרייאונג: אַן עקאָנאָמישער און אַ נאַציאָנאַלער.

אין אַזעלכע פעלען פערהאַלטען זיך דער נאַציאָנאַליזם און דער קלאַסען־בעוואוסטזין איינער צו דעם אַנדערען ניט ווי פייער און וואַסער, נאָר ווי פייער און נאַפט־בריקעטען: דער פייער שמעלצט פאַנאַנדער די נאַפט און די פאַנאַנדערגעשמאָלצענע נאַפט מאַכט פון איהר זייט שטאַרקער דעם פייער.

ס'איז אמת, מען קאָן צולאָזען דעם געדאַנק, אויף וועלכע די מאַרקסיסטישע טעאָרעטיקער לעגען אַזוי פיעל וואָג, אַז אין דעם בעוואוסטזיין פון די פּויערים האָט דער נאַציאָנאַלער עלעמענט פאַרשטעלט מיט זיך דעם עקאָנאָמישען. עס קאָן זיין, אַז דעם דאָפּעלטען דרוק האָט דער פּויער געפיהלט נאָר ווי איין־איינציגען דרוק, וואָס שטאַמט פון איין־איינציגען קוואַל, — דעם נאַציאָנאַלען. נאָר אויך אין דעם פאַל האָט מען אסור אַ רעכט צו זאָגען, אַז ווי נאָר ער וואָלט זיך דערוואוסט, אַז ער ליידט ניט נאָר ווי אַ קליין־רוס פון אַ פּויל, נאָר אויך ווי אַ פּויער פון אַ פּריץ, וואָלט דער געפיהל פון זיין דרוק אויפ'ן שטעל פערמינערט ווערן אויף אַ העלפט און דער דאָרשט צו בעפרייען זיך וואָלט פאַרפלויגען, ווי רויך. פּסיכאָלאָגיש איז אַ סך ריכטיגער אָנצונעהמען, אַז דער ב ע־וו א ו ס ט ז י י ן פון דעם קלאַסען־דרוק וואָלט נאָך שאַרפער געמאַכט דעם בעוואוסטזיין פון זיין נאַציאָנאַלער פערשקלאַפטקייט.

דער ענין ווערט אַ סך מעהר פערוויקעלט און פערפּלאָנטערט דאָרטען, וואו ניט נאָר דער הערשענדער קלאַס פון אַ וועלכען עס איז פאָלק, נאָר אַלע זיינע קלאַסען, טרעטען ארויס אין דער ראָליע פון נאַציאָנאַלע בעדריקער און וואו אויך מצד פון דעם אונטערדריקטען פאָלק פיגורירען שוין דורכאויס דיפערענצירטע געזעלשאַפטליכע שיכטען. אָבער אויך דאָ געהט דער נאַציאָנאַליזם ניט אַלע מאָל להיפך צו דעם קלאַסען־בעוואוסטזיין.

עס איז ניט נויטיג אַ סך צו דערקלעהרען, פאַר וואָס די בורזשואזיע פון דעם הערשענדען פאָלק וועט ווי אַן אויג אין קאָפּ אָבהיטען סיי איהר קלאַסען־מאַכט, סיי איהר נאַציאָנאַלע איבערהערשאַפט; ווי אַזוי איהר נאַציאָנאַלער שאָוויניזם העלפט איהר גרייליך אונטער אין דער עקספּלאָאַטאַציע פון דעם פרעמדען און ווי אַזוי איהר עקאָנאָמישע איבערמאַכט פערשטאַרקט איהר נאַציאָנאַלע לאַגע. די עקאָנאָמישע און די נאַציאָנאַלע אינטערעסען פון דער בורזשואזיע געהען דאָ סאָלידאַריש האַנד אין האַנד און ממילא קאָן דאָ גאָר ניט גערעכט זיין פון אַן אַנטאַגאָניזם צווישען איהר קלאַסען־בעוואוסטזיין און איהר נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין.

אָבער שוין ניט אַזוי אויסגעטאָקט און איינדייטיג זיינען די צווישען־שיכות׳ען פון דעם נאַציאָנאַלען און דעם קלאַסען־עלעמענט ביי דער בורזשואזיע פון דעם אונטערדריקטען פאָלק. די פּאָליטיק פון יענעם קלאַס איז אונטערגעוואָרפען צו גאַנץ בעדייטענדע שוואַנקונגען.

אין איינע פעלען, אונטער דער שליטה פון איינע היסטאָרישע אורזאַכען, בינדט זי צונויף איהר גורל מיט דעם גורל פון איהרע אונטערדריקטע ברידער און בלייבט טריי דעם געדאַנק פון נאַציאָנאַלער בעפרייאונג אפילו ווען זי מוז זיך דערביי אָבזאָגען פון אַלערליי קלאַסען־פאָרטיילען, וועלכע זי וואָלט געווינען ווען זי וואָלט פערראַטען די אינטערעסען פון איהר פאָלק.

די אידישע בורזשואזיע איז איספּאַניע איז געגאַנגען אויף די פלאַקערס און אין גלות, האָט זיך אָבגעזאָגט פון אַלע איהרע קלאַסען פאָרטיילען און עקאָנאָמישע איבערוואָגען, איז אָבער געבליבען טריי איהר פאָלק. דער נאַציאָנאַלער עלעמענט, לעבעדיגער געמאַכט און אונטערגעהיצט פון דער רעליגיעזער אידעאָלאָגיע, האָט דאָ

אַזוי שטאַרק גענומען די אויבערהאַנד איבער דער עקאָנאָמישער אויסרעכענונג, אַז די „עקאָנאָמיקע" איז דאָ אין גאַנצען דערשטיקט געוואָרען.

אין אַנדערע פעלען, אונטער אַנדערע היסטאָרישע אומשטענדען, פלעגט דיזעלביגע אידישע בורזשואזיע פערקויפען די אינטערעסען פון איהר פאָלק פאַר אַ טאָפּ פּעטע לינזען. און נים נאָר די אידישע בורזשואזיע בעגעהט זיך אַזוי מיט איהר פאָלק.

יעדע בורזשואזיע פון אַן אונטערדריקטען פאָלק געפינט זיך אין אַ צווייפאַכער לאַגע. נאָר דער סכום פון אַלע היסטאָרישע בעדינגונגען, פון אידעאישע טראַדיציעס און מאַטעריעלע אומשטענדען ברענגט אַרויס אין יעדען געגעבענעם פאַל די ענטשיידונג, אויף וועלכער זייט זי זאָל זיך וואַרפען: שטעלען זיך אויף דעם שטאַנדפּונקט פון איהרע א י צ ט י ג ע, צייטווייליגע מאַטעריעלע פאָרטיילען און זיך אַסימילירען מיט דער הערשענדער בורזשואזיע, אָדער מקריב זיין די קלאַסען־אינטערעסען פון דעם מאָמענט צוליעב די נאַציאָנאַלע און קלאַסען־אינטערעסען פון דער צוקונפט, ווען דאָס פאָלק וועט זיך בעפרייען פון דעם פרעמדען יאָך און זי, די בורזשואזיע, וועט ווערן זיין איינציגער הערשענדער קלאַס.

מען מוז מודה זיין לזכות פון אַזאַ אונטערדריקטער בורזשואַזיע, אַז די פעלען פון אַסימילאַציע און דעם שאַכערן מיט די פאָלקס־אינטערעסען צוליעב צייטווייליגען מאַטעריעלען נוצען, — די פעלען, ווען די נאַציאָנאַלע און די עקאָנאָמישע אינטערעסען געהען זיך ביי איהר פונאַנדער, — זענען אַ סך זעלטענער אין דער געשיכטע, איידער די פעלען פון קלאַסען־זעלבסט־אָפּפער אין דעם נאָמען פון דער פאָלקס־בעפרייאונג.

נאָר יעמאָלט, ווען די נאַציאָנאַלע ענערגיע פון אַ פאָלק האַלט אין אָבשוואַכען, ווען די האָפענונגען אויף אַ נאַציאָנאַלע ווידערגעבורט ווערן פערבלאַסט, נאָר יעמאָלט איילען זיך די בורזשואַזיע מייז צו פערלאָזען דעם זינקענדען נאַציאָנאַלען אָקרענט און אַריבערפעקלען זיך, אויב דאָס איז נאָר מעגליך, אויף יענעם פרעמדען. אָבער גרויסען אָקרענט, פאַר וועמען די געשיכטע האָט אָנגעגרייט אַ לאַנגע נסיעה.

בעווייזט זיך אָבער ווידער אַ האָפנונג אויף אַ זעלבסטשטענ־דיגע נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ, אַזוי הויבט די בורזשואַזיע ווידער אויף איהר קאָפּ, איהר נאַציאָנאַלער בעוואוסטזיין שטייגט, און דער אַנטאַגאָניזם צווישען דעם נאַציאָנאַלען און דעם קלאַסען־בע־וואוסטזיין פערשווינדט אויף דאָס ניי.

די געשיכטע פון דעם פוילישען און דעם אידישען פאָלק איז פול און פיעל מיט ביישפיעלען פון אַזעלכע שוואַנקונגען, און יעדער קאָן אליין זיך פאַנאַנדערקלייבען אין די צווישען־שיכות'ען פון דעם נאַציאָנאַלען און דעם קלאַסען־בעוואוסטזיין ביי די אַלט־העברעאי־שע העלעניסטען, ביי די אידישע בורזשואַזע אַסימיליאַטאָרען, ביי די „אַלגעמיינע" ציוניסטען, ביי די „דערגרייכער", ביי די פוילישע „אונאָדאָווצעס", און ביי — אויך דער פוילישער „נאַראָדאָווער דע־מאָקראַטיע". אומעטום וועט מען געפינען דעם כלל, אַז דער נאַציאָ־נאַלער בעוואוסטזיין און דער קלאַסען־בעוואוסטזיין געהען זיך נאָך אין זעלטענע אויסנאַהמען פאַנאַנדער און אַז ביי דער ערשטער בעסטער געלעגענהייט שטרעבען זיי צונויפצוגיעסען זיך אין איינעם.

אָבער דאָס איז ביי דער בורזשואַזיע. וואָס טהוט זיך מיט דעם ענין ביי דעם פּראָלעטאַריאַט? קאָן אויך ער צושטעהן צו דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דער בורזשואַזיע? מוז ניט זיין פּאָליטיק אַלע מאָל און אין אַלע פּרטים זיין אַ היפּך צו דער פּאָלי־טיק פון זיין עקאָנאָמישען שונא? ניין, ניט אַלע מאָל און ניט אין אַלע פּרטים.

לאָמיר קודם כל נעהמען דעם פּראָלעטאַריאַט פון אַ וועלכען עס איז הערשענדען פאָלק, און לאָז דאָס זיין דער פּראָלעטאַריאַט פון דער ענגלישער נאַציע, וואָס איהר מאַכט איז אויפגעבויט אויף די פאַרשקלאַוואונג פון אַ סך פרעמדע פעלקער אויף דעם „שוואַר־צען" און דעם „געלען" מאַטעריק.

מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז אויב די ענגלישע בורזשואַ־זיע איז דורכגעדרונגען מיט „אימפּעריאַליזם" און אויב איהרע אינטערעסען פערלאַנגען, אַז פרעמדע פעלקער זאָלען אונטעריאָכט ווערען אונטער איהר הערשאַפט, האָט דאָס ביי דעם ענגלישען פּראָלעטאַריאַט בעדאַרפט זיין פּונקט פערקעהרט. האָט מען אין

זין די אבסטראַקטע סכעמע פון דעם פּראָלעטאַרישען קלאַסען־קאַמף, קאָן מען לייכט ארויסברענגען, אין וואָס עס דאַרף בעשטעהן די פּאָליטיק פון דעם ענגלישען פּראָלעטאַריאַט.

דער אַרבייטער דאַרף ניט דאגה׳נען פאַר די אינטערעסען פון דער בורזשואַזיע און איהם דאַרפען ניט אַהרען איהרע נאַציאָנאַלע חשבונות מיט די פרעמדע פעלקער. כל זמן ער איז געצוואונגען צו טראָגען אויף זיינע אַקסלען די הערשאַפט פון דעם עקספּלאָאַטירענדען קלאַס, האָבען די אַרבייטער נאָר איין אויפגאַבע: שטיקער־ווייז ארויסצורייסען די מאַכט פון דער בורזשואַזיע׳ס הענד און דעם עקאָנאָמישען באָדען פון אונטער איהרע פיס.

„איצטער אַרבייטען מיר אויף דיר נייען שעה אין מעת־לעת. מאָרגען וועלען מיר אָנהויבען אַרבייטען אַכט שעה, פינף שעה און איבערמאָרגען וועלען מיר אין גאַנצען אויפהערען צו אַרבייטען אויף דיר. איצטער בעקומען מיר פון דיר נאָר פופציג פּראָצענט פון די פּראָדוקטען, וואָס מיר אַרבייטען אויס, מאָרגען וועלען מיר פאַרדערן זיעבעציג פּראָצענט, נייענציג פּראָצענט און איבערמאָרגען וועלען מיר צונעהמען די גאַנצע הונדערט. אָט דאָס איז דער זין פון אונזער פּאָליטיק. וואָס לוינט אונז צו מישען זיך אין דיינע קריעגערישע אוואַנטיורען איבער אַלע וועלטע ים׳ען, — אוואַנטיורען, וואָס פיהרען נאָר דערצו, אַז די לעצטע זעפּטען ווערן אויסגעזויגט פון אונזערע אייגענע ברידער־אַרבייטער, וועלכע די פאַרשקלאַווסט אין די פרעמדע לענדער".

אזוי אַן ערך האָט דער ענגלישער פּראָלעטאַריאַט בעדאַרפט רעדען צו דער ענגלישער בורזשואַזיע. צומאָל פיהרט ער אַזעלכע רעיד, ד. ה. ניט ער, נאָר זיינע סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגען; אָבער די ענגלישע בורזשואַזיע, דער לבן הארמי, פערקרימט די אויגען אַן אַ זייט און ענטפערט צניעות׳דיג:

„ס׳איז אמת, מיר זענען צוויי פערשיידענע קלאַסען, און אונזער ביקאָנספיעלד האָט אפילו געזאָגט, אז מיר זענען כמו צוויי פערשיידענע פעלקער. איך וועל דעריבער גאָר ניט פּרובען אַפּעלירען צו דיין נאַציאָנאַלען געפיהל. אָבער פון דעסטוועגען מעגסטו דאָך אַ חשבון־טהאָן, וואָס וועט ארויסקומען, ווען איך וועל מיך

אבזאגען פון מיינע וואנטיורען אין די מרחקים: מען וועט דאך דארפען פשוט צושליעסען דאס קרעמעל... פון וועלכע הכנסות מיינע וועסטו יעמאלט רייסען די זיעבעציג פראצענט, די נייענציג פראצענט? לאז זיין אונזערע אינטערעסען זענען אין דער היים אנטאגאניסטיש, פון דעסטוועגען געהען זיי דאך האנד־אין־האנד אין דעם ענין פון... עה... פון פארשפרייטען אונזער העכערע קול־טור און ציוויליזאציע צווישען די ווילדע און די בארבארישע פעלקער".

וואס האט געדארפט זיין די נאציאנאלע פאליטיק פון דעם ענגלישען פראלעטאריאט אין אזא לאגע? — אין דעם שיין פון דעם אינטערנאציאנאלען סאציאליסטישען אידעאל האט דער ענט־פער פון דעם פראלעטאריאט געדארפט זיין אזא:

„איך וויל ניט קיין זיעבעציג פראצענט, וואס זענען בעשאפען געווארען ניט נאר פון מיין שוויים און בלוט, נאר אויך פון דעם שוויים און בלוט פון מיינע אומגליקליכע ברידער־ארבייטער, וואס ווערען דערשטיקט אין די טובות פון דיין ציוויליזאציע און דיין קולטור. איך דארף ניט דיין נאציאנאלע מעכטיגקייט און בין דיר מוחל יענע עקאנאמישע פארטיילען פאר מיין קלאס, וואס זענען פערבונדען מיט איהר, אויב זי איז בעגרינדעט אויף דער אומפער־שעהמטער עקספלאאטאציע פון מיין אייגען בלוט און פלייש, די מאסען פון דער ארבייטענדער מענשהייט".

אזוי האט בעדארפט זיין דער ענטפער פון דעם ענגלישען פראלעטאריאט אין דעם ליכטיגען שיין פון דעם סאציאליסטישען אידעאל און זיין לעהרע וועגען דער אינטערנאציאנאלער סאלידא־ריטעט פון אלע ארבייטער. אבער אין דער ניט אזוי ליכטיגער סאציאלער ווירקליכקייט איז דער ענטפער אין בעסטען פאל א טיעפער שווייגען — א צייכען פון א בעדויערליכער צושטימונג.

געפיהרט פון זיין קלאסען־לאגע און פון די אינטערעסען, וואס פליעסען פון איהר ארויס פאר דער געגענווארט, קאן דער ענגלי־שער פראלעטאריאט ניט אבזאגען יענעם צווייג, אויף וועלכען ער זיצט. דאס העכסטע, וואס מען קאן פון איהם דערווארטען, איז, ער זאל ניט צולאזען, אויף וויפיעל דאס ליעגט אין זיין מאכט, קיין צולאזענקייטען און וואקבאנאליעס אין יענער סאלאניאלער

פּאָליטיק, וועלכע זיין בורזשואַזיע איז געצוואונגען צו פיהרען, אין דער מורא, טאָמער פערליערט זי איהר איינפלוס אויף דעם וועלט־מארק.

פאַרדערן מעהר פון דעם ענגלישען פּראָלעטאַריאַט האָט מען געוויס אַ רעכט און מען זאָל עס טהאָן. אויף די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנגרעסען, דאָרטען, וואו עס טרעט אַרויס עפּענט־ליך דער יושר פון דער ארבייטערשאַפט פון דער גאַנצער וועלט, דאָרטען, ניש'קשה, וועט אויך דער ענגלישער פּראָלעטאַרער אויפ־הויבען זיין שטים פון פּראָטעסט אַנטגעגען דער עראָבערישער קאָ־לאָניאַלער פּאָליטיק פון די אייראָפּעאישע מלוכות, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס אָט די פּאָליטיק ליעגט אין די ענטוויקלונגס־אינטע־רעסען פון'ם קאַפּיטאַליזם און וואָלט בעדאַרפט מחמת דעם אונ־טערשטיצט ווערן פון אַן ענג פערשטאַנענעם מאַרקסיסטישען שטאַנדפּונקט.

אָבער דאָ רעדען מיר ניט וועגען דעם, וואָס מען וואָלט בע־דאַרפט פאָרדערן פון דעם ענגלישען פּראָלעטאַריאַט, נאָר וועגען דעם, וואָס דער ענגלישער פּראָלעטאַריאַט ט ה ו ט און וואָס ער איז, אַ דאַנק זיין נאַציאָנאַלער לאַגע און זיין קלאַסען־לאַגע, גע־צוואונגען צו טהאָן. און די לאַגע זיינע איז אַזאַ, אַז מיר מוזען אין זיין שטעלונג צו דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דער בורזשואַ־זיע אונטערשיידען צוויי מאָמענטען.

אין די גרעניצען פון זיין אייגענעם פאָלק בנוגע צו זיינע אייגענע קלאַסען־אינטערעסען איז ביי איהם ניטאָ קיין אַנטאַגאָ־ניזם צווישען זיין קלאַסען־בעוואוסטזיין און זיין נאַציאָנאַלען־בע־וואוסטזיין, אדרבה, ביידע פערשטאַרקען איינער דעם אַנדערן. דער ענגלישער פּראָלעטאַריאַט איז צו ענטוויקעלט, ער זאָל זיך לאָזען פאַנגען אין דעם נעץ פון פּאַטריאָטישע פראַזען, מיט וועלכע די ענגלישע בורזשואַזיע רעכענט פאַר נויטיג צו בעפּוצען איהרע ווילדע אַנפאַלען אויף די פרעמדע פעלקער, און אויב ער געהט ביז צו אַ געוויסען גראַד האַנד אין האַנד מיט דער בורזשואַזיע איז דאָס בפירוש דערפאַר, וואָס זיינע קלאַסען־אינטערעסען שטימען דאָ צונויף מיט זיינע נאַציאָנאַלע אינטערעסען, ווייל נאָר זייער בפריע־

דיגונג גיט איהם יענעם מאַטעריעלען באַזיס, אויף וועלכען ער קאָן מיט ערפאָלג פיהרען זיין קלאַסען־קאַמף.

בנוגע ווידער צו קלאַסען־אינטערעסען פון די אַנדערע פעלקער, וואָס ווערן געהאַלטען פערשקלאַפט צו דעם גאַנצען ענגלישען פאָלק, ד. ה. אגב, אויך צו דעם ענגלישען פראָלעטאַריאַט, — בנוגע זיי פערליערט ער זיין קלאַסען־בעוואוסטזיין און ווערט פערבלענדט דורך דעם נאַציאָנאַלען אינטערעס.

דאָ האָבען מיר פאַר אונז אַ קלאָרען און ריינעם ביישפּיעל פון אַן אַנטאַגאָניזם צווישען קלאַסען־בעוואוסטזיין און נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין. דאָ טרעט אָפען אַרויס דער אומגעהויערער שאָדען פון דעם נאַציאָנאַלען פאַקטאָר, וואָס דערשטיקט די אינטערנאַציאָנאַלע קלאַסען־סאָלידאַריטעט. אָבער דער אַנטאַגאָניזם און דער שאָדען וואָס פליעסט פון איהם איז על פּי נויטווענדיגקייט אויסגעוואַקסען אויף דעם באָדען פון יענעם עקאָנאָמישען קלאַסען־קאַמף, וואָס דער ענגלישער פּראָלעטאַריאַט איז געצוואונגען צו פיהרען אין די גרעניצען פון זיין אייגענער נאַציע, וועלכע לעבט פון אונטערדריקען פרעמדע פעלקער.

.5

דעם כלל, וואָס מיר האָבען געפונען אויף דעם ביישפּיעל פון דעם ענגלישען פּראָלעטאַריאַט, קאָן מען פּאָזיטיוו אָנווענדען אויף אַלע אַרבייטער־קלאַסען פון אַלע הערשענדע פעלקער. אומעטום, וואו עס איז פאַרהאַן אַ נאַציאָנאַלער אַנטאַגאָניזם צווישען פעלקער, מוז דער נאַציאָנאַלער אַנטאַגאָניזם בלי ספק זיך אָברופען אויף דעם קלאַסען־קאַמף פון זייערע פּראָלעטאַריאַטען.

דאָס איינציגע מיטעל פּטור צו ווערן פון נאַציאָנאַלע אַנטאַגאָניזמען ביי דעם פּראָלעטאַריאַט פון פערשיידענע נאַציאָנען איז פּטור צו ווערן פון דעם נאַציאָנאַלען ווידערשטאַנד, וואָס הערשט צווישען די פעלקער. די ברידערליכע סאָלידאַריטעט צווישען די אַרבייטער־קלאַ־

סען פון דער גאַנצער מענשהייט וועט אַרייַנטרעטען אין לעבען נאָר יעמאָלט, ווען עס וועלען פערשווינדען די נאַציאָנאַלע קאָנפליקטען צווישען פאָלק און פאָלק, ד. ה. יעמאָלט, ווען אַלע פעלקער וועלען ווערען ווי נאַציאָנען, ניט נאָר ווי מענשען גלייכבערעכטיגט און פון גלייכער קראַפט.

כּל זמן אָבער איין פאָלק וועט הערשען איבער אַן אַנדער פאָלק, וועט די בורזשואַזיע פון דעם הערשענדען פאָלק אויסנוצען די אונטערדריקונג אין איהרע אייגענע קלאַסען־אינטערעסען, און דער פּאַרטייל, וועלכען זי וועט בעקומען דערביי, וועט אויך מוזען קומען צונויץ דעם פּראָלעטאַריאַט פון דעם הערשענדען פאָלק, ווייל ער וועט פערשטאַרקען דערביי דעם באַזיס פון זיין עקאָנאָמישען קלאַסען־קאַמף. דער פּראָלעטאַריאַט וועט דעריבער, אין בעסטען פאַל, זיך מאַכען כּלא ידע פון זיין נאַציאָנאַלער אויבערהערשאַפט און שווייגענדיג אונטערשטיצען די נאַציאָנאַלע פּאָליטיק פון דער בורזשואַזיע. דאָס וועט ניט גערן להיפך צו זיין קלאַסען־בעוואוסטזיין; אדרבה דאָס וועט איהם נאָך מעהר פערשטאַרקען*).

נאָר בנוגע צו זיינע ברידער פון די „פרעמדע“ פעלקער ווערט זיין קלאַסען־בעוואוסטזיין פערטונקעלט, און שולדיג אין דעם איז ניט נאָר דער „נאַציאָנאַליזם“, ד. ה. דער פאַקט וואָס די מענשהייט ווערט צונויפגעשטעלט פון פערשיידענע נאַציעס און וואָס די נאַציאָנאַלע אינטערעסען זענען פערשיידען אפילו אין די גרעניצען פון איין־און־דעמזעלביגען קלאַס. שולדיג אין דעם איז אויך

*) שחנעץ אין דער געשיכטע איז אט דער סאָציאָלאָגישער כּלל ניט אַזוי קלאָר באַוויזן געוואָרן, ווי אין דעם איצטיגען קריעג, אין דער שטעלונג פון די אַרבייטער־פּאַרטייען און די סאָציאַליסטישע פיהרער צו זייער בורזשואַזיע און צו דער בורזשואַזער רעגירונג. „דער אימפּעריאַליזם ליעגט אין די אינטערעסען פון דעם פּראָלעטאַריאַט“, דאָס איז איז תּוך דער תּירוץ מיט וועלכען זיי פערענטפערען דעם פערראַטה פון אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט. (1917).

דער *עקאָנאָמיזם* — די פערשיידענקייט פון די קלאַסען־אינטערעסען אין די גרעניצען פון איין־און־דעמזעלבינען פאָלק.

די נאַציאָנאַלע פאָליטיק פון דעם הערשענדען פאָלק בנוגע דעם פּראָלעטאַריאַט פון די אונטערדריקטע פעלקער איז בעזונדערס אינטערעסאַנט דאָרטען, וואו זיי אַלעמען קומט אויס צו וואוינען כמעט אויף איין טעריטאָריע, אונטער דעם שוץ פון איין־און־דערזעלביגער שטאַאטליכער מאכט. דער תוך פון דעם ענין, וועלכען מיר האָבען אַרויסגעפונען פאַר דעם ענגלישען פּראָלעטאַריאַט בלייבט דערזעלביגער אויך דאָ. אָבער דאָ נעהמט ער אַן אייגענאַרטיגע פאָרמען.

דער פּראָלעטאַריאַט פון דעם הערשענדען פאָלק דאַרף פיהרען *אַ פּאָליטישען* קאַמף מיט זיין אייגענער הערשענדער בורזשואזיע. צוליעב דעם צוועק לוינט זיך איהם צו געהן האַנד אין האַנד מיט דעם פּראָלעטאַריאַט פון דעם אונטערדריקטען פאָלק. עס ליעגט אין זיינע אינטערעסען, אַז דער קאַמף זאָל געפיהרט ווערן פון איין־איינציגער, פעראייניגטע, אַל־פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי, וואָס איהרע קרעפטען וואַקסען אין דעם זעלבינען ערך, אין וועלכען אַלע פערטרעטער פון דעם אַרבייטער־קלאַס, אָהן אַ שום אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט, נעהמען אַן אַנטייל אין איהר.

אָבער די דאָזיגע סאָלידאַריטעט און פעראייניגונג לוינט איהם נאָר אויף דעם פעלד פון דעם פּאָליטישען קאַמף. גאַנץ אַנדערש ווערט די לאַגע, ווען מען קומט צו דעם עקאָנאָמישען קאַמף. אַ דאַנק זיין צוגעהעריגקייט צו דעם הערשענדען פאָלק, זיין פּריווילעגירטען נאַציאָנאַלען מעמד, וואָס איז פערבונדען מיט געוויסע עקאָנאָמישע פּאָרטיילען, לוינט זיך איהם בעסער זיין פון דערוויטענס פון זיינע „פרעמדע" אַרבייטס־חברים און געזינונגס־גענאָסען און אויף אַזאַ'ן אופן אויך זיי ניט צולאָזען צו נאָהענט צו די פּאָרטיילען, וועלכע ער געניעסט.

אָט די ביידע ווידער־אַן־אַנדיגע אינטערעסען פון דעם הערשענדען פּראָלעטאַריאַט, — דאָס שטרעבען צו סאָלידאַריטעט אין דער פּאָליטיק און צו איזאָלירונג אין דעם עקאָנאָמישען קאַמף, — ווערן בעפריעדיגט *דורך דער קאָסמאָפּאָליטישער טעאָריע*, וואָס פּאָרדערט, אַז די אַרבייטער־קלאַסען פון די

אונטערדריקטע פעלקער זאָלען דאָך אַ מאָל אַוועק־וואַרפען זייערע עגאָאיסטישע ענג־נאַציאָנאַלע פּאַר־אורטיילען און שוין ווערן אַ מאָל פּשוט מענשען, פּראָלעטאַריער, קינדער פון איין־איינציגען, ניט צוטיילטען פּראָלעטאַרישען קלאַס.

איך דאַרף דאָ ניט לאַנג דערקלערען, אַז די פּראַזע וועגען ווערן מ ע נ ש ע ן און „סתם־פּראָלעטאַריער" האָט ניט אין דער ווירקליכקייט קיין ברעקעל שכל'דיגען זין. איין מאָל פאר אלע מאָל דאַרף מען וויסען און געדענקען, אַז ס'איז ניטאָ אַזאַ מענשהייט, וואָס זאָל ליעגען ערגעץ־וואו דרויסען פון די נאַציעס און וואוהין מען זאָל קאָנען אַריינשפּרינגען, ווען מען שפּרינגט אַרויס פון דער אייגענער נאַציאָנאַלער הויט. מען קאָן ניט זיין „נאַציאָנס־לאָז" אויף דעמזעלביגען אופן, ווי מען איז „קאָנפעסיאָנס־לאָז". מען וואַרפט אַראָב פון זיך איין נאַציאָנאַלע הויט נאָר יעמאָלט, ווען אונטער איהר איז אויסגעוואַקסען אַן אַנדער נאַציאָנאַלע הויט, — די הויט פון אַן אַנדער נאַציאָנאַליטעט. הערט מען אויף צו זיין אַ איד, צ. ב., ווערט דער אידישער פּראָלעטאַריער ניט קיין מענש בכלל, ניט קיין סתם־פּראָלעטאַריער, נאָר דוקא אַ בעשטימטער מענש, אַ נאַציאָנאַל־קאָלירטער מענש: אַ פּויל, אַ רוס, אַ רוטען.

די מענשהייט ליעגט ניט דרויסען פון די פעלקער, נאָר אינ־וועניג אין די פעלקער. דער אויסרוף: „הערט אויף צו זיין קינ־דער פון אַ בעשטימטען פאָלק און ווערט מענשען", האָט נאָר איין־איינציגען קלאָרען און גערעכטען זין: „ענטוויקעלט אין זיך די געפיהלען פון ליעבע און ברידערשאַפט צו אַלע פעלקער פון דער מענשהייט און הויבט אויף אין זיך גופא ביז צו דער העכסטער מדרגה יענע מעלות, מיט וועלכע די מענשליכע נשמה איז אַזוי רייך". אָבער דער אויסרוף קאָן ניט בעדייטען: „שפּרינגט אַרויס פון אייער נאַציאָנאַלער הויט", ווייל תוך כדי דבור וואָלט ער בע־דאַרפט צוגעבען: „און שפּרינגט אַריין אין אַן אַנדער נאַציאָנאַלע הויט"*).

---

*) פגל. וועגען דעם ענין מיין ביכעל: „דער סאָציאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע", ווי אויך די צוויי לעקציעס „איד און מענש" אין דעם צווייטען באַנד „געזאַמעלטע שריפטען".

דער קאָסמאָפּאָליטיזם, וואָס ליגט אין דער טעאָריע די עקזיסטענץ פון נאַציאָנאַליטעטען, איז, ווי מען זעהט, אין דער פּראַקטיקע די פאָדערונג, אז די הערשענדע נאַציע זאָל אַסימילירען די אונטערדריקטע און אז די אונטערדריקטע זאָל דערביי ניט טאָהרען א פּיפּס־טהאָן.

אָבער גראָד אזא פּראַקטישע אַסימילאַציע אונטער דעם טעאָרעטישען מאַנטעל פון דעם ריינעם קאָסמאָפּאָליטיזם ליגט אין די אינטערעסען פון דעם הערשענדען פּראָלעטאַריאַט.

זי לוינט זיך איהם סיי פּאָליטיש, סיי עקאָנאָמיש.

די קאָסמאָפּאָליטישע אידעאָלאָגיע פערשטאַרקט די פּאָזיציע פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין זיין פּאָליטישען קאַמף אַנטגעגען דער בורזשואַזיע, ווייל די ארבייטערשאַפט פון די אונטערדריקטע פעלקער גיט איהם אוועק דעם גאַנצען סכום שטימען, וואָס געפינט זיך ביי איהר און די גאַנצע קלאַסען־ענערגיע, וואָס זי פערמאָגט.

פון דער אַנדער זייט אָבער בעשאַפט די אַסימיליאַטאָרישע פּראַקטיקע אויף דעם פעלד פון דעם עקאָנאָמישען קאַמף א געוויסען נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ן צ ע נ ז, וואָס איז א חוב פאַר אַלע מיטגליעדער פון דעם פּראָלעטאַריאַט און וואָס פערקלענערט די צאָהל פון קאָנקורענטען אויף דעם מאַרק פון אָרגאַניזירטער ארבייט.

וואָס אויף א העכערער שטופע די לוין־ארבייט שטעהט אין דעם פּרט פון אָרגאַניזאַציע, אַלץ מעהר בעמערקט זיך אין איהר די טענדענץ — צווינגען די באַלאַבאַטים זיי זאָלען אַנערקענען די ארבייטער־יוניאַנס. און וואָס אָרגאַניזירטער א וועלכע עס איז ארבייטער־בראַנשע איז, אַלץ גרינגער ווערט איהר דורכצופיהרען אזא אַנערקענונג. א דאַנק דעם קאָנען די ארבייטער קאָנטראָלירען דעם ארבייט־מאַרק און צווינגען — אויף אזא אָדער אויף אַן אַנדער אופן — די באַלאַבאַטים, זיי זאָלען אין זייערע געשעפטען זיך בענוצען נאָר מיט אָרגאַניזירטע ארבייטער.

האַנד אין האַנד מיט אָט דער טענדענץ געהט ביי דער אָרגאַניזירטער ארבייט דאָס קלאָרע שטרעבען צו אָ ר ג אַ נ י ז י ר ע ן די צאָהל מיטגליעדער אין דער געגעבענער בראַנשע, האַלטען זייער צאָהל אויף א בעשטימטער הויך, און דערמיט בעשאַפען די מעגליכקייט אויפצוהייבען דעם לוין פון דער ארבייט.

צוליעב דעם לוינט אַן אַנדערס מאָל א גוט אָרגאַניזירט ארבייטער־יוניע, אז א געוויסער טייל ארבייטער פון איהר פראָ־פעסיע זאָל בלייבען ד ר ו י ס ע ן פון דער אָרגאַניזאַציע. זאָלען זיי פערקויפען זייער ארבייטס־קראַפט פאר וויפיעל זיי קאָנען, מיט דעם תנאי, אז זיי זאָלען ארבייטען אין קלענערע אונטערנעהמונגען, ביי ניט וויכטיגע באַלאַבאַטים. דער עיקר פאר דער יוניע איז — אז דער שטענדיגער און דער עקאָנאָמיש־וויכטיגערער ארבייטס־מארק פון א וועלכער עס איז פראָפעסיע זאָל זיך געפינען אונטער איהר קאָנטראָל; און וואָס העכער די יוניע שטייגט אין איהר אָרגאַניזאַציע, וואָס שטאַרקער און פעסטער זי ווערט, אַלץ שווע־רער און שווערער ווערט דער אריינטריט אין איהר.

די געשיכטע פון דער ארבייט אין ענגלאַנד און אין אמעריקאַ שווימעלט מיט ביישפּיעלען פון קינסטליך בעשאַפענע פריוויליע־גיעס פאר די גליקס־קינדער פון דער אָרגאַניזירטער ארבייט און ניט ווענינער ביישפּיעלען קאָן מען אָנפיהרען פון אונגערעכטע בע־גרעניצונגען, וואָס פאַלען אוים אויף דעם גורל פון די ניט־אזוי גליקליכע קינדער פון דערזעלביגער ארבייט.

שטרענגע איינטריטס־בעדינגונגען אין דער יוניע, איינטריטס־געלד, הויכע מאָנאַטליכע אָדער וועכענטליכע צאָהלונגען, א שווע־רער און אָפטמאָל לכתחילה האָפנונגס־לאָזער עקזאמען, — דאָרטען, וואו עקזאמענס זענען איינגעפיהרט, — די בעגרעניצונג פון דער צאָהל לעהרלינגע, וועלכע מען מעג אויפנעהמען, גרויסע פערזיכע־רונגס־פּרעמיען, — אָט דאָס אַלץ זענען מיטלען, וואָס האַלטען אָב דעם צופלוס פון ארבייטער אין א בעשטימטער בראַנשע און וואָס גיעבען דעם אָרגאַניזירטען פּראָלעטאַריאַט די מעגליכקייט אויסצו־קעמפען וועלכע ניט איז דערטרעגליכע בעדינגונגען פאר זייער לע־בען און ארבייט.

די קעהרזייט דערפון (לוידער איז אויף דער וועלט ניטאָ קיין זאַך אָהן א קעהרזייט), די קעהרזייט דערפון בעשטעהט אין דעם, וואָס די פּראָפעסיאָנעלע יוניעס בעשאַפען „אריסטאָקראַטישע“ גראַדאַציעס אין דער ארבייטער־וועלט, פון די בעסט־אָרגאַניזירטע, רייכע און כמעט, ווי אין גאַנצען אָבגעשלאָסענע

יוגיעס ביז צו די ניעדעריגסטע שיכטען פון דעם לומפּענפּראָלעטאריאט.

אַט די קעהרזייט פון דער מעדאַל לאָזט זיך פיהלען בעזונדערס שטאַרק אויף דעם רוקען פון יענע ארבייטער־קלאַסען, וואָס געהערען צו די אונטערדריקטע פעלקער. דעם הערשענדען טאָן פון דער ארבייטער־בעוועגונג גיט כמעט אומעטום אָן דער פּראָלעטאַריאַט פון דעם הערשענדען פאָלק. ער בעשטימט די נאָרמען פאַר אַלע ארבייטער־שיכטען פון זיין לאַנד און דורך זיין קאָסמאָפּאָליטיש־אַסימיליאַציאָנער טעאָריע דערלאָזט ער ניט, אַז די נאַציאָנאַל־אונטערדריקטע ארבייטער זאָלען ארויסטרעטען, ווי אַ זעלבסט־שטענדיגע מאכט אויף דעם פעלד פון דעם עקאָנאָמישען קאַמף.

קודם ווערן אַלע „אַריסטאָקראַטישע“ בעגרעניצונגען שאַרפער אַנגעווענדט אויף די ארבייטער פון די אונטערדריקטע פעלקער, איידער אויף די ארבייטער פון דער הערשענדער נאַציאָנאַליטעט. דאָס מאכט שווערער פיר יענע דעם אַריינטריט אין די פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס. און דערנאָך ווערט דער אַריינטריט אַהין נאָך ענגער געמאכט דורך דעם „נאַציאָנאַלען צענז“, ווי מיר האָבען דאָס אויבען אָנגערופען.

דער „נאַציאָנאַלער צענז“ בעשטעהט אין דעם, וואָס נאָר די גאַנץ אַסימילירטע ארבייטער קאָנען זיך פיהלען מעהר אָדער ווייניגער גוט אין דער אָרגאַניזאַציע פון דעם פרעמדען הערשענדען פּראָלעטאַריאַט. די נאָך גאָר ניט אַסימילירטע מאַסען, וואָס שטעהען אויף אַ ניעדעריגערער שטופע פון ענטוויקלונג, האָבען אַליין ניט די העזה צו קריכען אין די „הויכע פענסטער“ פון די פּריווילעגירטע ארבייטער און בלייבען אין אַ פערגליווערטען ניעדעריגען מעמד. אין דעם צושטאַנד זייערען בלייבען זיי דערפאַר, וואָס די אַסימיליאַציע נעהמט ביי זיי אַוועק די ענערגישסטע קעמפער און בעדייכערט מיט זיי די ציילען פון דעם הערשענדען פּראָלעטאַריאַט.

אַ דאַנק די הערשענדע קאָסמאָפּאָליטיש־אַסימיליאַטאָרישע אַנשויאונגען ביי די ארבייטער־שאַפטען פון די אונטערדריקטע פעלקער, קאָן זיי גאָר אין זינען ניט ארויפקומען, זיי זאָלען ארויסטרעטען ווי אַ זעלבסטשטענדיגע בעוואוסטזיניגע מאכט, ווי אַ בעזונדער קלאַס פאַר זיך, וואָס דאַרף פיהרען זיין קאַמף ניט נאָר אַנטגעגען

דער בורזשואזיע, נאָר אויך אנטגעגען דעם פּריוויליעגירטען ארבײטער־קלאַס פון דער הערשענדער נאַציאָנאַליטעט.

דער ניעדריגער מעמד פון דער נאַציאָנאַל־אונטערדריקטער ארבײטערשאַפט הויבט זיך אָן איבערבײטען צו גוטען נאָר יעמאָלט, ווען בײ איהר דערוועקט זיך קודם כל איהר מ ע נ ש ל י כ ע ר זעלבסט־בעוואוסטזײן און — אין אײנעם מיט איהם — יענע צוויי אַטריבוטען זײנע, וואָס קאָנען ניט אבגעטײלט ווערן, ניט פון איהם און ניט אײנער פון דעם אנדערן. די צוויי אטריבוטען זענען: דער ק ל אַ ס ע ן בעוואוסטזײן און דער נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר בעוואוסטזײן.

אָבער וועגען דעם וועלען מיר רעדען שפּעטער. דערווײלע דאַרפען מיר אָנווייזען נאָך אויף אײן פּונקט, אײדער מיר קאָנען פאַרטיג ווערען מיט דער כאַראַקטעריסטיק פון דעם נאַציאָנאַלען עלעמענט, וואָס טרעט אזוי בולט ארויס אין דער קלאַסען־פּאָליטיק פון דעם נאַציאָנאַלן־הערשענדען פּראָלעטאַריאַט.

6.

עס זענען דאָ אויף דער וועלט ווערטער און געזעלשאַפטליכע לאָזונגען, וואָס דאָס הארץ הויבט אָן צו צאַפּלען פון פרייד, ווי נאָר מען דערהערט זיי, אקוראַט ווי צו אונזער אויער וואָלט דערגרייכט דער קול פונ׳ם „שופר של משיח“, וואָס ברענגט אונז די בשורה פון א קינפטיגען גערעכטען און פּרעכטיגען לעבען אויף דער וועלט. אָבער קוים לאָזען זיך יענע געזעלשאַפטליכע לאָזונגען אראָב פון זייער טעאָרעטישער הויך אויף אונזער זינדיגער ערד, ווערען זיי, אין דער אטמאָספערע פון דעם הערשענדען אומרעכט, פערוואנדעלט אין זייער אייגענעם היפך: זיי פערשטאַרקען נאָך די הערשענדע אומגערעכטיגקייט, אנשטאַט צו מאכען פון איהר א תל.

אזא לאָזונג איז, צ. ב., די בירגערליכע פרייהייט און די גלייכקייט פון אלעמען פאַר׳ן געזעץ. וואָס קאָן זײן העכער און אידעאַלער פון אָט די צוויי פּרינציפּען, וואָס גיבען צוריק דעם מענשען זײן מענשליכען יש, וואָס בעפרייען דעם מענשען פון דער אומוועדיגער אפּטרופּסות, אין וועלכער די ביוראָקראַטיע האָט איהם געהאַלטען צוליעב איהרע אייגענע אינטערעסען!

און פון רעסטוועגען — וואָס פאר א געפעהרליכער כלי־זיין זענען אָט די צוויי פרינציפען געוואָרען אין דער האנד פון דער בורזשואזיע אנטגעגען דעם פראָלעטאריאט, ווי נאָר די אידעאלען האָבען פון דעם הימעל פון דער אלגעמיינער פאָליטישער פרייהייט אראָבגעניעדערט אין יענע ניעדערונגען, וואו עס קומט טאָג־טעגליך פאר דער קאמף פון ארבייט אנטגעגען קאפיטאל.

„מיר זענען אלע פרייע בירגער", טענה'ן די קאפיטאליסטען. „דעריבער איז דאָס א חוצפה פון אייך, ווען איהר מישט זיך אריין אין אונזערע פריוואט־געשעפטען מיט די ארבייטער. מיר זיינען אלע גלייכבערעכטיגט פאר'ן געזעץ, דעריבער טאָהרט איהר, געזעצגעבער, גאָר ניט א טראכט טהאָן, ווי אזוי צו פערהיטען די אינטערעסען פון די ארבייטער להיפך צו די אינטערעסען פון די קאפיטאליסטען."

עס געהערט צו די גרעסטע פערדיענסטען פון דעם סאָציאַליסטישען געדאנק, וואָס ער האָט אויפגעדעקט דעם גאנצען שאָרען פון יענע אבסטראקטע, שעהן קלינגענדע פאָרמעלן, ווען זיי מוזען אָנגעפילט ווערען מיט אן אינהאלט, וואָס ווערט געשעפט פון עקאָנאָמישע אונטעריאָכונג און שקלאפעריי. עס קאָן ניט זיין קיין גלייכקייט צווישען דעם קאפיטאליסט און דעם ארבייטער, כל זמן איינער איז א קאפיטאליסט און דער אנדערער איז אן ארבייטער. מיר קאָנען ניט האָבען קיין רעספעקט צו א „פרייען" אָבמאַך, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען צווישען א וואָלף און א שעפס.

צווישען אזעלכע הויך־קלינגענדע מעלאָדיעס פון דעם „שופר של משיח" געפינט זיך אויך דער הימן, וואָס ווערט געזונגען צוליעב דער אינטערעסען־סאָלידאריטעט פון אלע פראָלעטאַריער דאָרטען, וואו איין ארבייטערשאפט האָט די געשיכטע אוועקגעשטעלט אין דער נאציאָנאלער לאגע פון א וואָלף און די אנדערע ארבייטערשאפט מוז אין איהר נאציאָנאלער לאגע שפּיעלען די ראָלע פון א שעפס.

אויך דאָ דארף דער סאָציאַליסטישער פרייער געדאנק זיך ניט שרעקען פאר די טראדיציעס. עס איז זיין ח ו ב אויפצודעקען די פאַלשקייט, וואָס ליעגט פערבאָרגען אין דער פאָרמעל; עס איז זיין ח ו ב אָנצואווייזען אויף יענער ספערע פון פערגוואלטיגונג, וואָס פערוואנדעלט די פאָרמעל אין איהר אייגענעם היפך; עס איז זיין ח ו ב צו פאָדערן, אז די פערגוואלטיגונג זאָל אָבגע־

שאַפט ווערן, כדי די שטים פון דעם „שופר של משיח“ זאָל ניט מגולגל ווערן אין דעם „הכצעקתה“ פון דעם יושר, וואָס ווערט געטראָטען מיט די פיס.

איין פאָלק האָט א וואָרף געטהאָן אויף דער ערד אן אנדער פאָלק, האָט ארויפגעדריקט זיין קניע אויף דער ברוסט און ווערגט מיט די שטאָהלענע פינגער די האלז אזוי, אז די נשמה האלט זיך קוים איין אין דעם גוף... קומען דאָ צוגעהן ס אַ צ י א ל י ס ט ע ן און רעדען הויכע רעד וועגען דעם, אז ס׳איז ניטאָ קיין נפקא מינית צווישען פאָלק און פאָלק, אז אלע זיינען גלייך און האָבען די גלייכע אינטערעסען אין דעם קלאסען־קאמף, אז מען טאָהר זיך ניט אריינמישען אין אזעלכע קלייניגקייטען, ווי די צווישען־פעלקערליכע סכסוכים אין דעם פּראָלעטאריאט און אז מען דארף א וואָרט ניט ארויסלאָזען וועגען יענע סכסוכים, ווייל דאָס וואָלט געקענט זיין א שאָדען צו דעם קלאסען־בעוואוסטזיין...

און אַז דו טייטסט אָן אויף דער לאַגע פון דעם אונטערדריקטען פאָלק, אויף זיינע אומערטרעגליכע וועהטיגען, אויף זיין דאָרשט נאָך לופט, ליכט און א פרייען נאציאָנאלען לעבען, ענטפערן זיי מיט א „וויסענשאפטליכער“ קאַלטקייט: „וואו זעהט איהר דאָ א נאַציאָנאלען לעבען? אייער פאָלק איז שוין אין גאנצען בלאָה און האָט שוין לאנג די צונג אויסגעשטרעקט“...

קודם כל — אוועק מיט די פינגער פון דעם האלז! לאָזט פריי אָבעטהעמען! אראָב מיט דער קניע פון דער ברוסט! לאָזט אוועקשטעלען זיך אויף די פיס!... דערנאָך וועלען מיר זעהען: איז נאָך דאָ כוחות אויף צו לעבען, אָדער די מערדערישע פינגער האָבען שוין אָבגעטהאָן זייער׳ס...

דער דעוויז פון בירגערליכע פרייהייט און אלעמעס גלייכקייט פאר׳ן געזעץ איז אין די הענד פון די אונטערדריאַכטע קלאסען געוואָרען א גוטער כלי־זיין פאר דעם קאמף מיט יענע געוואלד־טהאַטען און אונגלייכקייטען פונ׳ם לעבען, וואָס האָבען פערוואנדעלט דעם דעוויז אין זיין אייגענעם היפך. אקוראט אזוי ווערט אויך דער דעוויז פון קלאסען־סאָלידאריטעט צווישען אלע ארבייטער, פון זייער אלעמעס גלייכקייט, שוין איצטער א כלי־זיין אין די הענד פון יענע ארבייטער, וואָס געהערען צו די אונטערדריקטע נאציאָנאליטעטען.

זיי קעמפפען מיט זיין הילף אַנטגעגען יענע געוואַלד־טהאַטען און אונגלייכקייטען, וואָס פערוואַנדלען דעם סאָלידאַריטעטס־דעוויז אין א וויסטע פראַזע, אָדער נאָך ערגער — אין א שעהנעם פּרוכת, וואָס פערדעקט די פערשקלאַפונג פון איין ארבייטער־קלאַס דורך דעם אנדערן.

יע, די אינטערעסען פון אלע ארבייטער־קלאַסען זענען סאָלידאַ־ריש, און זיי אלע זענען גלייכבערעכטיגט, ווייל עס קאָן ניט זיין קיין גלייכע אינטערעסען דאָרטען, וואו עס זיינען ניטאָ קיין גלייכע רעכט. דעריבער מוזען א ל ע רעכט, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט פון דער הערשענדער נאַציע האָט, צוגעטיילט ווערן אויך צו דעם פּראָלעטאַריאַט פון די אונטערדריקטע פעלקער.

די שפּראַך פון דעם נאַציאָנאַל־אונטערדריקטען פּראָלעטאַריאַט דאַרף געניעסען די זעלבע רעכט, וואָס די שפּראַך פון דעם נאַציאָ־נאַל־הערשענדען פּראָלעטאַריאַט. דאָס רעכט צו פיהרען די אייגענע אנגעלעגענהייטען און די מעגליכקייט אריין צו מישען זיך אין דעם לעבענס־גאַנג פון דעם אייגענעם פאָלק, וואָס דער הערשענדער פּראָ־לעטאַריאַט האָט, דאַרפען געגעבען ווערן אויך דעם אונטערדריקטען.

היות אָבער ווי די אלע רעכט האָט דער הערשענדער פּראָלע־טאַריאַט ניט ווי א פּראָלעטאַריאַט, נאָר ווי א טייל פון א בעשטימ־טען פאָלק, מוזען דעריבער א ל ע נ אַ צ י אָ נ א ל ע רעכט געגעבען ווערן צו יענע אונטערדריקטע פעלקער, וואָס די ארבייטער־קלאַסען זיינען א טייל פון זיי.

מיר האָבען זיך דאָ א ביסעלע געלאָזט פערפיהרען מיט דעם, וואָס עס ז אָ ל זיין, בעת מיר זענען נאָך גאָר ניט פארטיג מיט דער שילדערונג פון דעם, וואָס עס א י ז.

די נאַציאָנאלע פּאָליטיק פון דעם הערשענדען פּראָלעטאריאט, דאָרטען, וואו זי בעגעגענט ניט קיין פּראקטישען און אידעאָלאָגישען צוריקשטויס פון יענער נאַציאָנאלער פּאָליטיק, וואָס דער אונטער־דריקטער פּראָלעטאריאט מוז פיהרען, ווערט כאראקטעריזירט דורך דיזעלביגע גרונד־שטריכען, וואָס אונז האָט געבראַכט דער אנאַליז פון דער לאַגע ביי דעם ענגלישען פּראָלעטאַריאַט.

בנוגע צו דער אייגענער בורזשואַזיע זייער ברענגט זיין נאַ־ציאנאלער בעוואוסטזיין קיין ברעקעל שאַדען זיין קלאַסענבעו־

גאוסטזיין. דער פאקט, וואָס ער געפינט זיך אין א נאַציאָנאַל־הער־שענדער לאגע, טהוט בשום אופן ניט פערשטעלען אין זיינע אויגען יענעם פאקט, וואָס ער איז עקאָנאָמיש אונטערדריקט.

טרעפען מיר, אז זיין קלאסען־בעוואוסטזיין איז צו שוואך ענטוויקעלט, שטאמט דאָס ניט דערפון, וואָס דער ארבייטער איז גע־זעטיגט מיט זיין נאציאנאלען שטאָלץ, נאָר פשוט דערפון, וואָס דער קלאסען־בעוואוסטזיין, איז ניט אזא פלאנץ, וואָס קאָן וואקסען אין א ווילדען צושטאנד. ער איז א קולטור־פלאנץ פון העכסטען גראד, וואָס דארף פערזעעט ווערן, וואָס פאָדערט א גוט בעאקערטען באָ־דען און פערלאנגט, מען זאָל שטענדיג און אויפמערקזאם ארום איהר ארומגעהן.

אומעטום אָבער, וואו די אלע בעדינגונגען זיינען דורכגעפיהרט געוואָרען, וואו דער קלאסען־בעוואוסטזיין שטעהט אין זיין רייב־סטער בליהונג, ליידט ער א האָר ניט פון דעם, וואָס די פּריווילע־גירטע לאגע פון זיין פאָלק ברענגט אויף דעם ארבייטער־קלאס גע־וויסע, גאנץ בערייטענדע עקאָנאָמישע פאָרטיילען, ער ליידט א האָר ניט פון דעם, אָבער נאָר בנוגע צו דער אייגענער בורזשואזיע.

קוים שווימען אָבער ארויף די נאציאָנאלע אינטערעסען פון זיינע קלאסען־ברידער, וואָס געהערען צו די אונטערדריקטע פעלקער, קוים האָט ער זיך צו רעכענען מיט ז י י ע ר ע עקאָנאָמישע אינ־טערעסען, אזוי ווערט זיין קלאסען־בעוואוסטזיין דורכגעריסען אויף א פאטאלען אופן. אין דעם פאל ווערן זיינע אויגען פערבלענדט. זיין נאציאנאלע לאגע פערשטעלט פאר איהם יענעם קלאסען־חוב זיינעם, וואָס ער איז שולדיג צו זיינע ארבייטער־ברידער פון די אונטערדריקטע פעלקער.

קומען־קומט דאָס פון יענעם גרונד־געזעץ, וואָס מיר האָבען אויבען פאָרמולירט און וואָס זאָגט, אז די פּאָליטיק פון דעם פּראָלע־טאריאט ביי א וועלכען עס איז פאָלק ווערט דיקטירט ניט נאָר פון דעם פאקט, וואָס ער געהערט צו א בעשטימטען קלאס, נאָר אויך פון דעם פאקט, וואָס ער געהערט צו א בעשטימטען פאָלק.

זיין נאציאָנאלע פאָליטיק ווערט געשטיצט און געפיהרט פון יענע אידעאָלאָגען זיינע, וואָס הערען ניט אויף צו פּילדערן אנטגע־גען דעם שאָדען, וואָס דער „נאציאָנאליזם" טראָגט אריין אין דעם

קלאַסען־בעוואוסטזיין. דאָס גאנצע פילדערן און ליארעמען פון יענע קאָסמאָפּאָליטישע אידעאָלאָגען האָט א ברעקל נים אין זין — אויפצואוועקען דעם געפיהל פון קלאסען־חוב, וואָס איז ביי דעם הערשענדען פּראָלעטאריאט פערטונקעלט געוואָרען, א דאנק זיין גינסטיגער נאציאָנאלער לאגע. פונקט פערקעהרט! אין זין האָבען זיי נאָר דערביי: אבצושוואכען דעם נאציאָנאלען געפיהל פון יענע ארבייטער־מאסען, וואָס געהערען צו די אונטעריאָכטע פעלקער, פערטושען זייערע נאציאָנאלע אינטערעסען, ווייל זיי געהען להיפך צו די נאציאָנאלע און עקאָנאָמישע אינטערעסען פון דעם נאציאָנאל־הערשענדען פּראָלעטאריאט.

## 7.

די גאנצע לאגע בייט זיך איבער, האָבען מיר געזאָגט, ווי נאָר אויף דער סצענע טרעט ארויס דער אויפגעוואכטער פּראָלעטאריאט פון די אונטערדריקטע פעלקער.

זיין פּאָליטיק ווערט, נאטירליך, אויך דיקטירט פון יענעם וואָרצעלהאַפטען אומשטאנד, וואָס ער געהערט צו א בעשטימטען קלאס און צו א בעשטימטען פאָלק. אָבער די לאגע פון זיין פאָלק און פון זיין קלאס איז אזא, וואָס צווינגט איהם, בעוואוסטזיניג אריין צו טראָגען דעם נאציאָנאלען עלעמענט אין זיין קלאסען־פּאָליטיק. און טהאָן דאָס מוז ער נים ל ה י פ ך צו זיין קלאסען־בעוואוסטזיין, נאָר מחמת אין איהם איז אויפגעוואכט געוואָרען זיין קלאסען־בעוואוסטזיין און מיט איהם אויך זיין אלגעמיין־מענשליכער און זיין נאציאָנאלער זעלבסט־בעוואוסטזיין.

דערצו איז זיין לאגע אזא, אז ער איז געצוואונגען פריהער אָדער שפּעטער צונויפצופאָרען דעם נאציאָנאלען עלעמענט פון זיין פּאָליטיק מיט דעם קלאסען־עלעמענט אויף אזא'ן אופן, אז עס זאָל אין גאנצען פערשווינדען דער אנטאגאָניזם, וואָס הערשט צווישען זיי.

דער פּראָלעטאריאט פון א וואָסער עס איז אונטערדריקטער נאציאָנאליטעט געפינט זיך אין א לאגע וואָס איז שטארק פערשיידען פון די אומשטענדען, אין וועלכע עס לעבען דער פּראָלע־

טאַריאַט פון אַ הערשענדער נאַציע, פון איין זייט, און דער פּראָלע־טאַריאַט פון אַ זעלבסטשטענדיג, קיינעם ניט אונטערדריקטען פאָלק פון דער אנדער זייט.

דער ארבייטער־קלאַס פון אַ פרייען, קיינעם ניט אונטערדרי־קענדען פאָלק איז אומבעוואוסט נאַציאָנאַל. ער רעדט „פּראָזע", גאָר ניט וויסענדיג, אַז דאָס איז „פּראָזע". ער פיהלט ניט זיין נאַציאָנאַליזם, ווי אַ מענש מיט געזונטע צייהן אין מויל שפּירט ניט זיינע צייהן.

אָבער שוין דער פּראָלעטאַריאַט פון אַ הערשענדער נאַציאָנאַ־ליטעט קאָן ניט זיין גלייכגילטיג צו דעם נאַציאָנאַלען פּראָבלעם; עס קאָן ניט זיין אַנדערס: ער מוז זיך פריהער אָדער שפּעטער אָנ־שטויסען אָן דעם פאַקט פון דער נאַציאָנאַלער פערשיידענקייט, וואָס הערשט צווישען דעם ארבייטער־קלאַס פון זיין געבורטס־לאַנד. ער מוז פיהלען, אַז עפּעס איז ביי איהם געבליעבען שטעקען אין די צייהן און ווען ער הויבט אָן פערדערען די צייהן מיט אַלערליי קאָס־מאָפּאָליטישע טעאָריעס, טהוט ער דאָס האַלב בעוואוסט, האַלב אומ־בעוואוסט, אונטער דעם מעכטיגען בעפעהל פון זיין נאַציאָנאַלער קלאַסען־לאַגע.

נאָך שאַרפער מוז אבער דער פּראָלעטאַריאַט פון אַן אונטער־דריקטען פאָלק שפּיהרען דעם פאַקט פון דער נאַציאָנאַלער פערשיי־דענקייט אין דעם ארבייטער־קלאַס פון זיין לאַנד, ווייל יענער פאַקט איז אויסגעשריעבען געוואָרען אויף זיין אייגענעם רוקען.

און וואָס מעהר ער הויבט אָן פאַנאַנדער צו בויגען און אויסצו־גלייכען זיין רוקען, אַלץ שאַרפער מוז ער אנהויבען צו פיהלען דעם „פאַקט", וואָס איז אויסגעשריעבען אויף איהם. זיין געדאַנק מוז דעריבער זוכען אַן אויסוועג אין דעם ווירקליכען לעבען גופא און ניט אין טעאָריעס, מיט וועלכע מען קאָן פאַררעדען די צייהן, ווייל פערשווייגען דעם פאַקט קאָן ער ניט, און פערמאַסקירען איהם ליעגט ניט אין זיינע אינטערעסען.

צווישען די פּראָלעטאַריער פון פערשיידענע נאַציאָנאַליטעטען קומען פאָר, ווי בעקאַנט, צונויפשטויסען אויף אַ ריין עקאָנאָמישען פעלד, פון וואַנען דער פּראָלעטאַריאַט פון דעם אונטערדריקטען פאָלק געהט כמעט תמיד ארויס מיט אַן אונטערגעשלאָגענעם אויג.

שוין דער פאקט אליין קאָן אויף איינעם ווירקען, ווי מיט אן אייזען איבער'ן קאָפּ און פאנאנדערברעגען דעם נאציאנאלען זעלבסט־בעוואוסטזיין. אָבער אין דעם אקארשט בעגינגען פון דעם ארבייטער'ס אויפוואכען איז זיין בעוואוסטזיין נאָך ניט קלאָר. אפט מאָל איז זיין געפיהל נאָך שטארק אָבגעטעמפּט: דער אייגענער מענשליכער כבוד שטעהט נאָך אויף א ניעדעריגער מדרגה, און דעריבער שפּיהרט מען ניט אזוי שטארק יענע פאקטען, אדער זייערע אמת'ע בעדייטונג טרעט ניט אזוי קלאָר ארויס.

דערפאר מוז זיך דער נאציאָנאלער בעוואוסטזיין פאנאנדערברענגען אין א העלער פלאַם, ווען עס קומט צו נאציאָנאלע רייבונגען אין זיין אייגענעם **אלגעמיין־מענשליכען** לעבען.

דער פּראָלעטאריער איז ניט נאָר א פּראָלעטאריער, ער איז דערצו נאָך, „אזוי צו זאָגען", א מענש. און אויב ניט אלץ, וואָס האָט א שייכות צו דעם פּראָלעטאריאט, דארף אינטערעסירען יעדען מענשען בכלל (עס זענען שוין דאָ א סך, — באמת, **אזוי־צו־זאגען** — מענשען, וואָס זיי ארט די גאנצע עקסיסטענץ פון דעם ארבייטער־קלאַס מיט אלע פּראָבלעמען, וואָס זענען מיט איהר פערבונדען, ווי דער פאר־א־יאָהריגער שנעי) מוז דאָך אלץ, וואָס האָט א שייכות צו דעם מענשען בכלל על פּי הכרח האָבען אויך א שייכות צו דעם פּראָלעטאריאט.

אבער אן אבסטראקטער סתם־מענש איז א זאך, וואָס איז ניטא אין דער מציאות; אין דער קאָנקרעטער ווירקליכקייט איז ער דוקא א מענש פון א וועלכער עס איז נאציאָנאליטעט, און אויב מען טהוט אָב עפּעס א מאוסע זאך א בעשטימטער מענשליכער נאציאָנאליטעט, רופט זיך דאָס אָב גלייך אויף איהרעביידע קלאסען, אויף איהר פּראָלעטאריאט און אויף איהר בורזשואזיע. יע, אויף דעם ארבייטער־קלאַס נאָך מעהר איידער אויף דעם בורזשוא, ווייל עס איז שוין די טבע פון דעם ארבייטער'ס דארען רוקען אזא, אז ער דארף צוציעהען צו זיך אלערליי מהומות און שטורעמס, ווי א פערשפּיצטער אייזענער שטאנג אויפ'ן דאך ציעהט צו צו זיך דעם דונער און דעם בליץ. ער פיהלט נאָך שארפער די מאוסע זאך, וואָס מען האָט איהם אָבגעטהאָן.

אמת, אין דער ערשטער צייט וועט דער פּראָלעטאַריאַט פון א וועלכער עס איז אונטערדריקטער נאַציאָנאַליטעט, — לאָז דאָס זיין „צום ביישפּיל", די אידישע נאַציאָנאַליטעט, — אין דער ערשטער צייט, זאָג איך, וועט דער פּראָלעטאַריער ניט מאַכען קיין פּסיכאָלאָגישע אַנאַליזען און וועט זיך אפשר ניט קאָנען אָבגעבען קיין קלאָרען דין וחשבון, ווער ערשטער פּראָטעסטירט אין איהם אנטגעגען דער מאוס'ער מעשה: דער פּראָלעטאַריער, דער איד, אָדער דער מענש בכלל. אין זיינע גערדאַנקען זיינען אָט די דריי מהות'ען זיינע נאָך ניט דיפערענצירט, און אין זיינע געפיהלען רעוואָלטירט ער מיט איין איינציגען ניט פונאנדערגעטיילטען אידיש־מענשליך־פּראָלעטאַרישען פּראָטעסט.

אָבער די ערפאהרונגען פונ'ם לעבען לערנען איהם ביסלעך־ווייז אויס, ווי צו בעגעהן זיך מיט א פּסיכאָלאָגישען אַנאַליז. דער אַרבייטער הויבט אָן בעמערקען, אז א געוויסע אַרט פּורעניות שיט זיך אויף זיין קאָפּ ניט דערפאר, וואָס ער איז א גוטער אָדער א שלעכטער מענש, ניט דערפאר, וואָס ער פערדיענט זיין שטיקעל ברויט אויף אזא'ן אופן אָדער אויף אַן אַנדערן, נאר, — אָהן א ברעקעל שיכות צו זיין „מענשליכקייט" און זיין פּראָפעסיע, — פּשוט און פּירוש דערפאר, וואָס ער איז א איד, א קינד פון א בעשטימטער נאַציאָנאַליטעט.

און אזוי ווי קויטסקי'ן און די „איסקרא" האָט ער נאָך ניט געשטודירט, קומט איהם גאָר אויפ'ן זין גיט ארויף, אז עס איז גאָר ניטאָ אויף דער וועלט אזא זאַך, ווי א אידישע נאַציאָנאַליטעט. אדרבא־מחמת דער פּשטות פון זיין מוח און דעם מאַנגעל פון העבערע וויסענשאַפטליכע קענטעניס, דוכט זיך איהם גאָר אויס, אז עס איז ניטאָ אזא וועלט, וואו עס זאָל ניט זיין קיין אידישע נאַציאָנאַליטעט: די אַלטע וועלט און די נייע וועלט זיינען אין א גלייכען גראַד בעגליקט מיט איהר געגענוואַרט, און אומעטום האָגלען אויף איהר די זעלביגע צרות, פון וועלכע אויך זיין רוקען האָט שוין וועה געטהאָן ניט איין מאָל.

ער בעמערקט ווייטער, אז פון דיזעלביגע פּורעניות ליידט ניט נאָר דער אידישער פּראָלעטאַריאַט, נאָר אויך, — אין א גרעסערער אָדער קלענערער מאָס, — דער אידישער בורזשוא. אויף אזא'ן אופן

קומט ער סוף־כל־סוף צו דעם ריכטיגען שלום, אז אויף וויפיעל עס איז א איד, זענען זיינע צרות ניט קיין אנדער זאך, ווי די אלגעמיינע נאציאָנאל־אידישע צרות...

אָט דער פאקט, וואָס דער ארבייטער הויבט אָן צו פיהלען די נאציאָנאלע צרות, די „כל ישראל“־צרות, ווארפט ארויף א שטיקעל טרה־שחורה אויף דעם אנהענגער פון א ריינעם קלאסען־בעוואוסט־זיין ביי דעם פראָלעטאריאט. דער „כל־ישראל“־פונקט, ציטערט ער, וועט מוזען פערטונקלען די ריינקייט פון דעם פראָלעטארישען קלאסען־געדאנק.

און מיר האָבען זיך דאָ ניט וואָס צו אמפערן. מיר מוזען צוגעבען, אז דער געפיהל פון נאציאָנאלע סאָלידאריטעט צווישען דעם פראָלעטאריאט און דער בורזשואזיע פון א וועלכען עס איז אונטערדריקטען פאָלק איז אזא נאטירליכער און אומבעצווינגבארער געפיהל, אז זיך בעפרייען פון איהם קאָן מען בשום אופן ניט, כל זמן אויף דער וועלט וועלען נאָך זיין נאציאָנען און כל זמן עס וועלען הערשען רייבונגען צווישען זיי. *)

פונדעסטוועגען דוכט מיר, אז די געפאהר פון דעם „כל ישראל“ געפיהל פאר דעם קלאסען־בעוואוסטזיין פון דעם פראָלעטאריאט איז זעהר שטארק איבערטריעבען.

אין פראנקרייך איז אויף דעם קאָפּ פון דעם ארמעע־קאפּיטאן דרייפוס אראָבגעפאלען יענער דאמאָקלעאישער שווערד, וואָס הענגט אומעטום איבער דעם קאָפּ פון יעדען אידען: מען האָט אָבגעטהאָן א מאוסע מעשה מיט א מענשען פשוט און בפירוש דערפאר, וואָס ער שטאמט פון אידען.**) מיין געפיהל האָט געמוזט, נאטירליך, רעוואָלטירען און פראָטעסטירען אנטגעגען דעם אנטיסעמיטיזם און אין דער זעלביגער צייט ווערן פול מיט רחמנות צו דעם פערפאָלגטען

*) די פאקטען פון דעם גרויסען אייראָפּעאישען קריעג האָבען בעוויזען, אז דאָס איז אמת ניט נאָר בנוגע צו די קלאסען פון אן אונטער־דריקטען פאָלק, נאָר אויך בנוגע צו די קלאסען פון י ע ד ע ן פאָלק, וואָס ווערט אָנגעשטעלט פנים לפנים צו א נאציאָנאלער געפאהר. (1915)

**) פערגלייך די פרענק־מעשה אין אטלאנטא (דזשאָרדזשיא), אין די פעראייניגטע שטאאטען אין דעם יאָהר 1915 (לייען: דעם פופצעהנטען יאָהר פון דעם צוואנציגסטען יאָהר־הונדערט.)

אידישען אפּיצער. הייסט דאָס דעריבער, אז ביי מיר האָט זיך דער־וועקט א סימפּאַטיע צו דער אומנות פון אן אפּיצער? בשום אופן ניט!

אויב איך האָב נאָך פריהער געלייקענט אין דער פּראָפּעסיע פון ארגאניזירטען און לעגאַליזירטען מענשען־מאָרד, וועלען מיינע סימפּאטיעס צו דעם פערפאָלגטען דרייפוס, דעם א י ד ע ן, אָדער אפילו צו דעם פערפאָלגטען דרייפוס, דעם מ ע נ ש ע ן, אויף א האָר ניט פערמינערן מיין האס צו די העלדען פון די מענשליכע שחיטות.

אפילו ביי די אָבגעשטאָנענדסטע מאסען איז די נשמה פון דעם איצטיגען מענשען אזוי דיפערענצירט און צונויפגעזעצט, אז עס איז איהם ניט שווער סוף־כל־סוף פאנאנדערצוקלייבען זיך אין יענע מ אָ מ ע נ ט ע ן, וואָס רופען ארויס אין איהם די אדער יענע סימפּאַטיע אָדער אנטיפּאַטיע.

שטעלט אייך פאָר, א נאָרמאַל ענטוויקעלטער אידישער ארביי־טער דערוויסט זיך, אז פון מאָסקווע, צום ביישפּיעל, זענען ארויס־געטריעבען געוואָרען איין איד — א באַלאבאָס פון א „הייזעל“ און נאָך א איד — א וואָכערניק און אז פעריאָגט פון מאָסקווע האָט מען זיי ניט דערפאַר, ווייל זיי האָבען אריבערגעטראָטען די „מאָראַלישע“ גרעניצען, וואָס די איצטיגע געזעלשאַפט האָט אָנגע־מאַרקירט פאר יענע צווייגען פון אונזער מאָדערנער ציוויליזאציע, נאָר פּשוט און מעהר ניט ווי דערפאַר, וואָס זיי זענען אידען.

ווי א מ ע נ ש, וואָלט דער אידישער ארבייטער זיך אפשר געמאָגט פרעהען, וואָס מען האָט ארויסגעטריעבען אין הונגער און קעלט א הענדלער מיט „ווייסע שקלאַווענם“. ווי א פּראָלעטאריער וואָלט ער אפשר־געפיהלט א מאָראַלישע בעפריעדיגונג, וואָס איינער פון די ערגסטע פערטרעטער פון דער בורזשואזיע, א וואָכערניק, איז אין גאַנצען רואינירט געוואָרען. אָבער ווי א א י ד קאָן ער ניט ניט פיהלען יענע בעליידיגונג, וועלכע מען האָט אָנגעטהאָן זיינעם א ברודער, א קינד פון זיין אייגענער פערפאָלגטער נאציע, ווייל דער עגאָאיסטישער פונדאַמענט פון דעם רחמנות־געפיהל וועט איהם זאָגען:

„דער גרים־צאָרן, וואָס האָט געטראָפען דעם וואָכערניק, קאָן

אויף טרעפען, — און טרעפט אלע טאָג, — אויף דיך, דעם פראָלע־טאריער, ווייל אויך דו ביסט א איד."

אָט דער נאציאָנאל־געפיהל און אָט דער נאציאָנאל־בעוואוסט־זיין ווערן ארויסגערופען מיט אזא אייזערנער נויטווענדיגקייט, אז קעמפען אנטגעגען זיי איז אקוראט אזוי אוטאָפּיש, ווי קעמפען אנט־געגען די געזעצען פון דער נאטור.

אבער — אין דען דערפון געדרונגען, אז דער רחמנות מיט דעם אידען — דעם „הייזעל"־האלטער — און מיט דעם אידען — דעם וואָכערניק — קאָן פערוואנדעלט ווערן אין א סימפאטיע צו יענע „פרנסות" און אין א בעשטרעבען צו כשר'ן זיי?

אין אנדערע מאָל קאָן — אין אזא פאל — דער געפיהל פון דעם ארבייטער זיך גאָר אויסגיסען אין דער פאָרם פון בייזע פרייד צו יענע קרבנות פון אן אפענער אומגערעכטיגקייט: „כשר פער־דיענט! בעשמוצט ניט דעם אידישען נאָמען!" אָבער מען דאַרף ניט זיין קיין בעזונדער טיעפער פּסיכאָלאָג, כדי צו בעמערקען, אז אין אזא בייז־פריידיגען געפיהל איז דאָ ניט ווייניגער, אויב ניט נאָך מעהר נאציאָנאלע סימפאטיע, איידער אין דעם געפיהל פון דעם איינפאכען נאציאָנאלען רחמנות.*)

מען דאַרף שוין גאָר ווייניג האלטען פון דעם מענשענס נשמה, מען דאַרף שוין גאָר ניעדריג אבשעצען דעם געפיהל פון קלאסען־אנטאַגאָניזם, — וואָס איז ביי דעם ארבייטער נאָך פערשטאַרקט דורך דעם בעוואוסטזיין, אז דער אלגעמיין־מענשליכער יושר איז אויף זיין זייט, — מען זאָל קאָנען אָננעהמען, אז נאציאָנאלער מיט־געפיהל מיט דער אידישער בורזשואזיע קאָן אויף א לאנגער צייט דערשטיקען דעם געפיהל פון יענעם טיעפען סאָציאל־עקאָנאָמישען און מאָראלישען תהום, וואָס ליעגט צווישען די, וואָס עקספּלאָאטירען און די, וואָס ווערן עקספּלאָאטירט.

---

*) אזעלכע בייז־פריידיגע געפיהלען האָבען זייערע וואָרצלען אין די אומבעוואוסטע געפיהלען פון נ א צ י אָ נ אַ ל ע א ח ר י ו ת און נאציאָנאלען ש ט אָ ל ץ. מען פיהלט, אז יעדער איינער פון אונז איז מחויב אָבצוהיטען די מענשליכע חשיבות פון דעם גאַנצען פאָלק און מען ווערט בייז און אָנגעצונדען מיט נקמה אנטקעגען די, וואָס פאַרטרעטן מיט די פיס יענעם געבאָט. (1916)

דאָרטען, וואו דער נאַציאָנאַלער זעלבסט־בעוואוסטזיין פון דעם פּראָלעטאַריאַט פערשטעלט באמת מיט זיך זיין קלאַסען־בעוואוסטזיין, — דאָרטען קאָנען מיר, כמעט מיט מאַטעמאַטישער זיכערקייט זאָגען, אז ער האָט נאָך קיין קלאַסען־בעוואוסטזיין ג י ט ג ע ה א ט, אז איהם איז נאָך ניט קלאָר געווען דער תהום, וואָס טיילט איהם אב פון דער בורזשואזיע און אז ממילא איז גאָר לכתחילה ניט געווען וואָס צו פערטונקלען.

אבער אפילו אין דעם פאַל קאָן די נאַציאָנאַלע אונטעריאָכונג און דער פאַקט פון נאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט מיט דער בורזשואזיע וואָס מוז ארויספליעסען פון יענער אונטעריאָכונג, בשום אופן ניט זיין קיין מניעה פאַר דעם ערוואכען פון דעם קלאַסען־אַנטאַגאָניזם. די דיפערענצירטקייט פון דער מענשליכער נשמה גיט איהר די מעגליכקייט גרינג פונאנדערצוקלייבען זיך אין אָט דער דאָפּעלטער בוכהאַלטעריע און פיהרען בעזונדערע חשבונות פאַר איהרע פערשיידענע שטרעבונגען.

דאָס איז ניט קיין שווערערער חשבון, איידער דער, וועלכען צוויי בורזשואזע ווילדע חיות, וואָס קאָנקורירען איינער מיט דער אנדערער, דאַרפען פיהרען, ווען זייערע קלאַסען־אינטערעסען צווינגען זיי צו פעראייניגען זיך אין איינעם. ווי בעזונדערע קאָנקורענטען וואָלטען זיי איינער דעם אַנדערן אין א לעפעל וואסער דערטרונקען, אָבער ווי צוגעהעריגע צו איין־און דעמזעלבען קלאַס, טרעטען זיי ארויס סאָלידאַריש דאָרטען, וואו דאָס פאָדערן די אינטערעסען פון זייער קלאַס.

בתורת צוויי פערשיידענע קלאַסען מוזען די ארבייטערשאַפט און די בורזשואזיע פיהרען זייער אונפערמיידליכען היסטאָרישען קאַמף; אָבער בתורת צוויי טיילען פון איין־און־דעמזעלבען פאָלק, מוזען זיי אַלע מאָל ארויסטרעטען סאָלידאַריש דאָרטען, וואו זייערע נאַציאָנאַלע אינטערעסען זיינען דיזעלביגע.

8.

פון דעם, וואָס מיר האָבען נאָר וואָס געזאָגט, איז נאָך לחלוטין ניט געדרונגען, אז מען דאַרף אָבטיילען דעם נאַציאנאַלען עלעמענט

פון דעם סאָציאַלען, בעשאפען פאר איהם א בעזונדער ספערע, און אז אַט די „קלאסען־ריינע“ ספערע דאַרף בשותפות בעזאָרגט ווערן פון דער בורזשואזיע און דעם פראָלעטאריאט.

אזוי אויסטייטשען די נאַציאָנאלע סאָלידאריטעט וואָלט גער־הייסען אריינפאלען אין דעמזעלביגען פעהלער פון דעם „פריערשאַ־פענעם דואליזם“, אין וועלכען עס זענען אריינגעפאלען אונזערע ציוניסטען־טעריטאריאליסטען און די שטרעמונגען, וואָס זענען נאָהענט צו זיי.

א ביסעל א טיעפערער אנאליז וועט אונז בעווייזען די גאנצע אוננאַטירליכקייט און אומקלוגשאפט פון אזא נאציאָנאלער פּאָליטיק פאר דעם פראָלעטאריאט פון אן אונטערדריקטער נאציאנאליטעט.

עס איז געוויס נאטירליך, אז דער פראָלעטאריאט זאָל מיט־פיהלען מיט דער בורזשואזיע, אויף וויפיעל זי ליידט פון דיזעלבע נאציאנאלע צרות, וואָס זענען אויסגעפאלען אויף דעם גורל פון דעם גאנצען פאָלק: איז דאָך די ארבייטערשאפט אויך א טייל פון דעמזעלבען ליידענדען פאָלק.

עס איז אויך גאנץ נאטירליך, ווען פאר די אויגען פון די אר־בייטערשאפט שטעהט קלאָר און דייטליך דער פאקט, אז זיינע קלאסען־ליידען און זיינע נאציאָנאלע ליידען פליעסען ארוים פון צוויי פ ע ר ש י י ד ע נ ע קוואלען און אז עס מוזען דעריבער אנגעווענדט ווערן גאנץ פ ע ר ש י י ד ע נ ע מיטלען, כדי פטור צו ווערן פון זיי.

און פון דעסטוועגען זיינען די צוויי פערשיידענע ארטען צרות אזוי ענג צונויפגעבונדען און צונויפגעקניפּעלט אין דעם ל ע ב ע ן פון דעם פראָלעטאריאט, אז אפילו אלכסנדר מוקדון וואָלט מיט זיין שווערד ניט געקענט פאנאנדערהאקען דעם פעסטען קונציגען קני־פעל און מיט קיינע פלפולים וועט מען ניט קאָנען פאנאנדערנעהמען אין דעם ווירקליכען לעבען דאָס, וואָס לאָזט זיך אזוי לייכט פאנאנ־דערשיידען אין דעם פסיכאָלאָגישען אנאליז.

דער פראָלעטאריאט ליידט סיי פון זיין קלאסען לאגע אין די גרעניצען פון זיין פאָלק, סיי פון זיין נאציאָנאלער לאגע צווישען די פעלקער פון דער מענשהייט. דער אידישער ארבייטער טראָגט אויף זיין רוקען סיי דעם ארבייטער'ס צרות, סיי די אידישע צרות.

אָבער דאָס זענען ניט קיין צוויי באַזונדערע מאָמענטן, נאָר איין־איינציקער פּאַק, וואָס דריקט איהם מיט זיין משא. ער אַליין מוז געפינען אַן אויס־וועג סיי פון זיין עקאָנאָמישער, סיי פון זיין נאַציאָנאַלער לאַגע.

ס'איז אמת, אַז אויך די בורזשואזיע ליידט פון דיזעלביגע נאַציאָנאַלע צרות, אָבער בנוגע צו דער נאַציאָנאַלער פראַגע איז פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט קיין נפקא מיניה ניט, צו אויף זיין רוקען זיצען נאָך וועלכע עס איז קלאַסען, וואָס ליידען נאַציאָנאַל, ווי ער, אָדער ער איז דער איינציגער טרעגער פון זיין נאַציאָנאַליטעט און ממילא דער איינציגער קלאַס, וואָס דאַרף זעהן, זיך צו באַפרייען.

דער נאַציאָנאַלער דרוק ווירקט קודם כל אויף א י ה ם, און ער מוז איהם אראָבוואַרפען פון זיך, אַלץ איינס, וועלכע אַנדערע קלאַסען פון זיין פאָלק וועלען זיך דערביי באַפרייען.

עס איז אמת, די נאַציאָנאַלע פראַגע קאָן ניט פערענטפערט ווערען נאָר פאַר איין קלאַס, אָבער דערפון איז נאָך ניט געדרונגען, אַז אבסאָלוט א ל ע קלאַסען מוזען זיך באַשעפטיגען מיט איהר פערענטפערונג. אויב דעם פּראָלעטאַריאַט וועט זיך באמת איינגע־בען צו פערענטפערן די פראַגע, וועט ער, ווילענדיג־ניט ווילענדיג, זי מוזען פערענטפערן אין אַזאַ אומפאַנג, אַז אויך אַלע אַנדערע קלאַ־סען פון זיין פאָלק זאָלען זיך באַפרייען פון דעם נאַציאָנאַלען דרוק.

פון דעם פאַקט, וואָס די אינטערעסען פון דער בורזשואזיע און די אינטערעסען פון דעם פּראָלעטאַריאַט זענען טיילווייז סאָלידאַ־ריש, קומט נאָך ניט ארויס, אַז זיי מוזען דווקא ארבייטען אין איינעם, כדי צו דערגרייכען די געמיינזאַמע ציעלען. אָט דער אמת האָט שוין בעראַרפט זיין קלאָר פאַר יעדען איינעם, וואָס האָט זיך, לאָז זיין, נאָר אביסעל אריינגעטראַכט אין די אויפגאַבען פון דער געזעל־שאַפטליכער טהעטיגקייט. א ביישפּיעל פון דעם קאַמף פאַר פּאָלי־טישע פרייהייט וועט אונז קלאָרער מאַכען דעם ענין.

אין דער פּאָליטישער פרייהייט זענען פּראַאינטערעסירט, — אָדער דאַרפען זיין פּעראינטערעסירט, — די בורזשואזיע, דער פּראָ־לעטאַריאַט און די פּויערים. קאָאָרדינירען זייערע אַלעמעס ארביי־טען אויף דעם פעלד פונ'ם פּאָליטישען קאַמף איז זעהר א וואוילע זאַך, אָבער דורכאויס ניט קיין אבסאָלוט נויטווענדיגע. א חוץ דע... איז דאָס ניט אַלע מאָל מעגליך.

אויב דער פּראָלעטאַריאַט וואָלט אליין געהאַט גענוג כוחות אַראָב־צו־וואַרפען דעם אַלטען רעזשים, וואָלט געווען זעהר נאַריש פון זיין זייט — וואַרטען, ביז די אַנדערע צוויי שיכטען וועלען זיך אויך נעהמען פאַר דער זעלביגער געמיינזאַמער אויפגאַבע. און ווי איז, אַז זיי האָבען זיך נאָך גאַר ניט געכאַפּט צום שכל, אַז מען דאַרף פיהרען אַ פּאָליטישען קאַמף?

און עס וואָלט געווען אַ פערברעכען מצד דעם פּראָלעטאַריאַט, ווען ער וואָלט זיך געוואָלט איינרעדען, אַז עס לוינט פאַר איהם אָבצושיידען זיין פּאָליטישע אויפגאַבע פון זיין עקאָנאָמישען קלאַס־סען־קאַמף און איבערגעבען זי אין די הענד פון אַן אונפּאַרטייאישער אָדער אַ צווישען־פּאַרטייליכער אָרגאַניזאַציע, בלויז מחמת דעם טעם, וואָס אויך די אַנדערע שיכטען פון דעם פאָלק נויטיגען זיך אין דער זעלביגער פּאָליטישער פרייהייט.

דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט כוחות אליין צו פיהרען דעם קאַמף, דאַרף אויף קיינעם ניט וואַרטען, ביי קיינעם ניט פרעגען און פיהרען איהם אליין.

און דאָס, וואָס איז אמת פאַר איהם, איז אויך אמת פאַר יעדען אַנדער קלאַס. אויב די פּויערים וואָלטען געהאַט דעם ווילען און די קראַפט אויסצוקעמפען די פּאָליטישע פרייהייט, וואָלט אויך פאַר זיי געווען נאַריש און פערברעכעריש, ווען זיי וואָלטען זייער קלאַסען־קאַמף און זייער פּאָליטישען קאַמף אָבהענגיג געמאַכט פון דעם, וואָס און ווי עס וועלען טהאָן די אַנדערע שיכטען, וואָס נויטי־גען זיך אויך אין דער פּאָליטישער בעפרייאונג.

גאַנץ דאָס איינענע איז אויך מיט דער נאַציאָנאַלער פראַגע. ווער עס זאָל זי ניט פערענטפערן, אויב זי ווערט גאָר פער־ענטפערט, וועט דאָס זיין די בעפרייאונג ניט נאָר פון איין קלאַס, נאָר פון דעם גאַנצען פאָלק. אויב דער ציוניסטישער בורזשואַ־זיע וואָלט זיך איינגעגעבען צו בעקומען אַ טשאַרטער אויף אַ לאַנד, צוציהען אהין גרויסע קאַפּיטאַלען און עפענען די מעגליכקייט פון קאָלאָניזאַציע פאַר די ברייטע אידישע מאַסען, וואָלט די אידישע נאַציאָנאַלע פראַגע פערענטפערט געוואָרען פאַר אַלע קלאַסען פון דעם אידישען פאָלק; און דער כבוד דערפאַר וואָלט געהערט צו דער בורזשואַזיע.

דער כבוד און דער פּאַרטייל...

דער ביישפּיעל מיט דעם פּאָליטישען קאמף קאָן בעלייכטען אונזער ענין נאָך פון אַן אנדער זייט, א פּ ש ר ד ע ר ו ו י כ־ ט י ג ס ט ע ר.

די פּאָליטישע פרייהייט, וועלכע די בורזשואזיע און נאָר די בורזשואזיע וואָלט אויסגעקעמפט, וואָלט געווען שטארק פערשיידען פון יענער פּאָליטישער פרייהייט, וועלכע דער פּראָלעטאריאט און נאָר דער פּראָלעטאריאט וואָלט געוואונען אין קאמף. זי וואָלט אויך געווען א גאַנץ אנדערע, אויב נאָר די פּויערים וואָלטען זי מיט זייערע אייגענע כוחות ארויסגעריסען פון די אויטאָקראַטישע הענד.

דאָס איז דערפאַר, וואָס יעדער קלאַס קאָן ניט אבשיידען זיינע פּאָליטישע אינטערעסען פון זיינע עקאָנאָמישע, און פ ו ן א ל ע מ ע ג ל י כ ע פ אַ ר מ ע ן, ו ו ע ל כ ע ד ע ר פ ר י נ צ י פּ פ ו ן פּ אָ ל י ט י ש ע פ ר י י ה י י ט ק אָ ן אָ נ נ ע ה מ ע ן, א י ז ע ר ג ע צ ו ו א ו נ ג ע ן א ו י ס־ צ ו ק ל י י ב ע ן י ע נ ע פ אַ ר ם, ו ו אָ ס א י ז ב ע ס ע ר צ ו ג ע פּ אַ ס ט צ ו ז י י נ ע ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ק ל אַ־ ס ע ן־א י נ ט ע ר ע ס ע ן.

אויך מיט דער נאציאָנאַלער פראגע איז דאָס ניט אנדערש. איין און דערזעלביגער פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלער בעפרייאונג קאָן דורכגעפיהרט ווערען אויף פערשיידענע אופנים. פון די פערשיידענע אופנים איז איין אופן מעהר פּאַרטייאיש דעם איין קלאַס, אַן אנדערער — דעם אנדערן. פון דעם, ו ו ע ל כ ע ר קלאס וועט דורכפיהרען אין לעבען די אויפגאבע פון דער נאציאנאלער בעפריי־ אונג, וועט אויך אבהענגען, וועמעס עקאָנאָמישע אינטערעסען עס זאָלען טריאומפירען אין דעם ניי־בעשאַפענעם נאציאָנאלען לעבען.

אַט דער פאקט פון דער קלאסן־ראָליע אין דער נאציאָנאלער פּאָליטיק איז אזוי וויכטיג, אז מיר מוזען איהם ארומרעדען נאָך א ביסעל לענגער.

אין דייטשלאַנדס זעלבסטשטענדיגקייט זענען פּעראינטערע־ סירט אלע קלאַסען פון דעם דייטשען פּאָלק: סיי די בורזשואזיע, סיי די פּראָלעטארישע, ניט אומזיסט האָט בעבעל עפענטליך דערקלערט, אז אויב א וועלכער עס איז שכן פון רעכטס אדער פון לינקס וועט

האָבען די העזה קריעגעריש אריבערצוטרעטען דייטשלאנדס גרענ־צען, וועלען אלע סאָציאל־דעמאָקראטען אוועקגעבען זייערע לעבענס פאר די פרייהייט און גאנצקייט פון זייער לאנד.

די פערטיידיגונג פון דעם דייטשען פאטערלאנד איז אויף אזא׳ן אופן א בשותפות׳דיגע אויפגאבע פאר אלע קלאסען פון דעם דייטשען פאָלק. היינט פאר וואָס זאָל די דייטשע סאָציאל־דעמאָ־קראטיע ניט געהן האנד אין האנד מיט די הערשענדע קלאסען, כדי אין איינעם דורכצופיהרען די געמיינזאמע ציעלען?

זי קאָן דאָס ניט טהאָן דערפאר, ווייל די אלגעמיינע אויפגאַ־בען פון דער נאציאנאלער זעלבסטפערטיידיגונג לאזט צו אין איהרע פרטים א סך פערשיידענע ענטפערס, וואָס קאָנען ניט זיין גלייך פארטיילהאפט פאר אלע קלאסען, און יעד׳ער קלאס איז פעראינטע־רעסירט אין אזעלכע פרטים, וואָס דער אנדער קלאס קאָן ניט צולאָזען.

די בורזשואזיע האָט איהר ענטפער אויף דעם פּראָבלעם פון דער נאציאָנאלער זעלבסט־פערטיידיגונג. זי וויל האָבען א שטענדיגע שטארקע ארמעע, א גוט דיסציפּלינירטע, וואָס זאָל אין פאל פון נויט ניט נאָר קענען שיעסען אין דעם שכן פון רעכטס אָדער אין דעם שכן פון לינקס, נאָר אויך אין דעם איינענעם ברודער פון דער ניעדער, אויב אין איהם זאָל זיין העזה אנהויבען איבערשטייגען די לעגאלע מאָס.

דעם פּראָלעטאריאט אָבער ליעגט ניט אין זינען אנצופאלען אויף די שכנים פון רעכטס און לינקס און מיט אלע קרעפטען פון זיין נשמה איז ער פעראינטערעסירט, אז דער חיל זאָל ניט האלטען דאָס איינענע פאָלק אין מורא. אדרבא, ער וויל, אז דאָס פאָלק זאָל קאָנען האלטען אין מורא די הערשענדע קלאסען.

דעריבער האָט דער פּראָלעטאריאט זיין איינענעם ענטפער אויף דעם פּראָבלעם פון נאציאָנאלע זעלבסט־פערטיידיגונג: די בע־שאפונג פון אן אלגעמיינער שטענדיגער פאָלקס־בעוואפ־נונג אין דער פאָרם פון א שטענדיגער אלגעמיינער פאָלקס־מיליציע (ווי אין דער שווייץ), — א מיליציע, וואָס זאָל ניט נאָר קאָנען אנשטעלען איהרע ביקסען אויף די שכנים פון רעכטס און

לינקס, נאָר אויך א קעהר טהאָן זיי, ווען מען וועט דארפען, אנטגע־גען די אייגענע ברידער פון דער הויף.

אויב ווער עס איז וואָלט זיך געווענדט צו דעם דייטשען פּראָ־לעטאריאט מיט דעם פאָרשלאג, ער זאָל אבטיילען זיין נאציאָנאלע אויפגאבע, זיינע זאָרגען וועגען דער נאציאָנאלער אונאָבהענגינקייט פון דעם דייטשען פאָלק, פון דעם קלאסען־קאמף און איבערגעבען זי צו א וועלכען עס איז אונפּארטייאישען פערבאנד, ווייל — אלע קלאסען זיינען דאָך גלייך פעראינטערעסירט אין דעם, וואָלט ער אויף אזא עהרליך געמיינטע נאאיווויטעט אנגעוויעזען אויף יענעם טיעפען תהום, וואָס ליעגט צווישען דעם פּראָלעטאריאט און דער בורזשואזיע כמעט אין אלע פראגען, וואָס האָבען א שיכות צו דעם געזעלשאפטליכען לעבען פון דעם פאָלק, און וואָלט אזוי געזאָגט:

„דער קלאסען־קאמף איז א פאָליטישער קאמף. דער פּאָליטי־שער קאמף איז א קאמף פאר איינאָרדנען דאָס גאנצע לעבען פון פאָלק פון דעם שטאנד־פונקט פון אונזער קלאס. עס איז דעריבער קיין חדוש ניט, וואָס אויך אין אזא וויכטיגער פראגע, ווי די נ א צ י־אָ נ א ל ע ז ע ל ב ס ט־פ ע ר ט י י ד י ג ו נ ג, מוזען אונזערע מיינונגען און אינטערעסען זיך פאנאנדערגעהן מיט די מיינונגען און די אינטערעסען פון דער בורזשואזיע, און ממילא קאָן אויך אין דער פראגע ניט זיין קיין שלום צווישען אונז, און ממילא מוז אויך דאָ העפטיג אָנגעהן אונזער אונפערמיידליכער קלאסען־קאמף.“

„מיר קאָנען ווי מיטפיהלען מיט אונזער בורזשואזיע, ווען זי שטרעבט אבצוהיטען די פרייהייט און די אונאבהעניגקייט פון אונ־זער פאטערלאנד, — אויך אין אונזער נשמה לעבט אזא שטרעבען, — מיר קאָנען ווי זיין אָנגעגרייט צו טהאָן אויך פון אונזער זייט אלץ, וואָס עס איז נויטיג, כדי א דייטש, א בורזשוא, אָדער א פּראָ־לעטאריער, זאָל אומעטום אויף דער וועלט ניט דארפען ליידען, ווי א דייטש, — ווייל מיר זענען דאָך אליין דייטשען, — אָבער די זאָרג פאר דער נאציאָנאלער פערטיידיגונג קאָנען מיר ניט ארויסלאָזען פון אונזערע הענד און איבערגעבען זי צו וועמען עס איז אן אנדערן.“

„אויב די ב ו ר ז ש ו א ז י ע געפינט, אז, אין דעם נאָמען פון דער הויכער אויפגאבע פון נאציאָנאלער זעלבסט־פערטיידיגונג דארפען די פערשיידענע „פרטים“ ניט שפּיעלען קיין ברעקעל

ראַליע, איז יעמאָלט לאַדען מיר זיי איין, זיי זאָל צושטעהן צו אונזערע, פּראָלעטאַרישע, אופנים, ווי צו פערענטפערן די אַלגעמיינע אויפגאַבען פון דעם גאַנצען פאָלק. אויב אבער די בורזשואזיע רעכענט, אַז דאָס איז פאר איהר אונמעגליך, איז דאָס שוין אליין גענוג גרונד פאר אונז, מיר זאָלען ניט צושטעהן צו איהר, מיר זאָלען אויך אין דער נאַציאָנאַלער פראגע בלייבען אויף דער פּאָזיציע פון אונזער קלאַס.”

אזוי וואָלט געענטפערט דער דייטשער פּראָלעטאַריאַט אויף דעם פאָרשלאַג, ער זאָל אין איינעם מיט דער בורזשואזיע פער־ענטפערן די נאַציאָנאַלע פראגע.

דער דייטשער פּראָלעטאַריאַט געהערט צו אַ פאָלק, וואָס דער־געהענטערט זיך כמעט צו דעם טיפּ פון פרייע, קיינעם ניט אונ־טעריאָכענדע פעלקער. די נאַציאָנאַלע פראגע פון דעם דייטשען פאָלק איז דעריבער פון דעם ארבייטער׳ס שטאַנדפּונקט ביז צו דעם העכסטען גראַד פעראיינפאַכט. דערפאַר אָבער איז די נאַציאָנאַ־לע אויפגאַבע פון אַ נאַציאָנאַל־אונטערדריקטען פּראָלעטאַריאַט ביז צו דעם העכסטען גראַד פערוויקעלט. דער נאַציאָנאַלער יאָך לעגט ארויף זיין שווערע האַנד אויף אַלע פּרטים פון דעם פאָלקס־לעבען און רופט זיך אָב אויף דעם לעבען פון דעם ארבייטער גאַנץ אַנדערס, איידער אויף דעם לעבען פון דער בורזשואזיע.

וואָס מעהר פּרטים פון דעם פאָלקס־לעבען עס פאַלען אונטער אונטער דעם יאָך פון דער נאַציאָנאַלער פערקנעכטונג, אַלץ מעהר פּונקטען פאר סכסוכים צווישען דעם פּראָלעטאַריאַט און דער בור־זשואזיע; אַלץ ווייניגער מעגליך ווערט די געמיינשאַפטליכע אר־בייט פאר דיביידע קלאַסען אפילו יעמאָלט, ווען זייער ביידענס נאַציאָנאַלער ליידען שטאַמט פון איין און דעמזעלבען מקור און זיי ביידע זענען בעגייסטערט מיט דעם בעשטרעבען צו בעפרייען זיך פון איהם.

דאָס שליעסט, פערשטעהט זיך, ניט אויס, אַז די ביידע קלאַ־סען זאָלען קאָנען זיך אויף אַ ווייל ע פערשטענדיגען און אין איינעם דורכפיהרען יענע איינצעלהייטען, וואָס געפינען זיך

סיי אין דעם נאַציאָנאַלען פּראָגראַם פון דעם פּראָלעטאַריאַט, סיי אין דעם נאַציאָנאַלען פּראָגראַם פון דער בורזשואַזיע. אָבער דערצו איז נויטיג איין פאָרבעדינג: דער פּראָלעטאַריאַט מוז זיך פריהער אָרגאַניזירען זעלבסטשטענדיג ווי אַ קלאַס, לגמרי אומאָבהענגיג פון דער בורזשואַזיע. ער דאַרף זיך אַליין קלאָר מאַכען, וואָס ער קאָן טהאָן פאַר זיין נאַציאָנאַלע בעפרייאונג, ווי אַ קלאַס פון אַ בעשטימטען פאָלק; וואָס ער זאָל טהאָן און וואָס ער וואָלט קאָנען טהאָן איינער אַליין, אָהן דער הילף פון דער בורזשואַזיע, אויף דעם פאַל, אַז די בורזשואַזיע זאָל איהם פערלאָזען, ווייל אָפט־מאָל ווערט זי פון איהר פּאָליטיק געצווינגען צו דער אַסימילאַציע.

און נאָר יעמאָלט, ווען די אַרבייטערשאַפט וועט גוט בעטראַכטען אַלע וועגען און שאַנסען פון אַ ריין פּראָלעטאַרישער פאָלקס־בעגרייאונג, קאָן זי, ווי אַ פרייע, מיט קיין זאַך ניט געבונדענע קראַפט אריינטרעטען אין די אָדער אַנדערע אונטערהאַנדלונגען און אָבמאַכען מיט די בורזשואַזע פּאַרטייען, וואָס שטעלען זיך דיזעלביגע אויפגאַבען פון דער נאַציאָנאַלער בעפרייאונג. מיר זאָגען נאָך אַ מאָל: די פולע אָרגאַניזאַטאָרישע אומאָבהענגיגקייט פון דעם פּראָלעטאַריאַט פון אַלע ניט־פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער זיי זאָלען ניט טראָגען, איז דער נויטיגסטער פאָרבעדינג דערצו.

דער דואַליזם, וואָס רייסט פאַנאַנדער אויף צווייען דעם נאַציאָנאַלען און דעם קלאַסען־פּראָבלעם פון דעם פּראָלעטאַריאַט און וויל איבערגעבען די נאַציאָנאַלע פראַגע צו אַ מין מחוץ־לקלאַסען־ספערע און דעם קלאַסען־קאַמף צו אַ מין נאַציאָן־לויזער ספערע האָט זעהר אַ פאַלשע השגה פון דעם ווירקליכען לעבען און זיינע ווירקליכע פאָדערונגען.

אין דעם לעבען און אין דער פּאָליטיק פון דעם פּראָלעטאַריאַט זענען ניטאָ קיין מחוץ־לנאַציאָנאַלע ספערען, ווי עס זענען ניטאָ קיין מחוץ לקלאַסען־ספערען. בינדט מען צונויף דעם פּראָלעטאַריאַט מיט דער בורזשואַזיע אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע, מאַכט מען איהם פאַר אַ שקלאַוו פון דער אייגענער בורזשואַזיע; בינדט מען איהם צונויף אין איין אָרגאַניזאַציע מיט דעם פּראָלעטאַריאַט

פון דעם הערשענדען פאָלק, מאַכט מען איהם פאַר אַ שקלאַוו פון דעם פרעמדען פאָלק.

איןביידע פאַלען קאָנען זיינע איינהייטליכע, איינע פון די אַנדערע ניט אָבצוטיילענדע נאַציאָנאַלע און קלאַסען־אינטערעסען ניט בעפריעדיגט ווערן אין יענעם אומפאַנג, וואָס ווערט פערלאַנגט פון זיין לאַגע אונטער דעם צווייענדיגען דרוק: דעם נאַציאָנאַלען און דעם קלאַסען־דרוק.

## 9.

מיר האָבען אויבען גערעדט וועגען דער קאָסמאָפּאָליטישער פּאָליטיק פון יענעם פּראָלעטאַריאַט, וואָס געהערט צו אַ הערשענדען פאָלק. מיר האָבען געפונען, אַז זי לוינט זיך פאַר איהם סיי פּאָליטיש, סיי עקאָנאָמיש, ווייל אין דער ווירקליכקייט פאָדערט זי ניט קיין אַנדער זאַך, ווי די אסימילאַציע פון דער נאַציאָנאַל־אונטערדריקטער ארבייטערשאַפט.

אין די ערשטע פּאַזען פון זיין פּאָליטישער ענטוויקלונג איז דער נאַציאָנאַל אונטערדריקטער פּראָלעטאַריאַט נוטה אָנצונעהמען די טאַקטיק, וואָס ווערט איהם אָנגעבונדען פון זיין הערשענדען קלאַסען־ברודער. אָבער אין דעם לויף פון דער צייט, מיט דעם וואוקס פון דער בעוועגונג הויבט ער אָן צו קוקען גאַנץ אַנדערש אויף זיינע נאַציאָנאַלע אויפגאַבען.

פריהער אָדער שפּעטער מוז ער אָנהויבען אַלץ שטאַרקער צו פיהלען יענע נפקא מיניה, וואָס הערשט צווישען דעם הערשענדען ברודער׳ס ט ע אָ ר י ע ס און זיין ווירקליכען א ו י פ פ י ה ר אויף דעם פעלד פון דעם עקאָנאָמישען קאַמף, וואו ער לאָזט ניט דורך קיין איינציגען פאַל, אין וועלכען ער זאָל ניט אויסנוצען די פאָר...לען פון זיין לאַגע.

דאָס און נאָך אַנדערע אורזאַכען פיהרען דערצו, אַז דער נאַציאָנאַל אונטערדריקטער פּראָלעטאַריאַט זאָל אָנהויבען בויען זיינע אייגענע אונאבהענגיגע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס, — דער עיקר, געווערקשאַפטען, — וואָס ווייזען זיך ארויס אַ סך לעבענספעהיגער און בעפריעדיגען אַ סך בעסער זיינע עקאָנאָמישע נויטען, איידער

די געמישטע אָרגאַניזאַציעס אין איינעם מיט דער נאַציאָנאַל־העט־שענדער ארבייטערשאַפט.

מיט דער ענטוויקלונג פון זיין ארבייטער־בעוועגונג וואַקסט אויס די נויט, צו־צופּאַסען די אַלגעמיין־מענשליכע פּראָפּאַגאַנדע פון דעם קלאַסען־קאַמף און דעם סאָציאַליזם צו דער בעשטימ־טער אייגענארטיגער אַטמאָספערע פון דעם נאַציאָנאַל־אונטערדריק־טען פּראָלעטאריאַט. און וואָס ערפאָלגרייכער יענע פּראָפּאַגאַנדע ווערט, וואָס ווייטערע קרייזען פון דעם פאָלק זי נעהמט ארום, אַלץ מעהר בעווייזט זיך אין איהר יענע פאָרם, וואָס איז אייגענטימליך פאַר דעם גאַנצען נאַציאָנאַל־אונטערדריקטען פאָלק, אַלץ מעהר ווערט זי אָנגעזאַפּט מיט יענע קאָרעקטע לעבענס־פּראָבלעמען, וואָס זע־נען אויסגעוואַקסען אויף דעם באָדען פון זיינע נאַציאָנאַלע אייגענ־טימליכקייטען.

דער גייסטיגער און קולטורעלער מעמד פון דעם פּראָלעטאַ־ריאַט הויבט אָן שטייגען און אין דערזועלבינגער מאָס שטייגט זיין אַנטייל אין דעם קולטורעלען לעבען פון זיין פאָלק. ער הויבט אָן קודם כל צו פערברויכען יענע קולטורעלע גיטער, פון וועלכע ער קאָן ציעהען נאהרונג פאר זיין אויפגעוואַכטען קלאַסען־בעוואוסט־זיין. אָבער אין איינעם מיט זיין קלאַסען־בעוואוסטזיין ווערט אויך אויפגעוועקט זיין מ ע נ ש ל י כ ע ר בעוואוסטזיין, וואָס נויטיגט זיך אין א רייכערער א ל ג ע מ י י נ ע ר בילדונג און ענטוויקלונג. די בעדערפענים אין העכערער בילדונגס־און אויפ־קלעהרונגס גיטער פון דעם פּראָלעטאריאַט רופט ארויס די פּראָדוק־ציאָן פון אזעלכע גיטער.

אין דעם פּראָצעס פון בעשאַפען און געניסען די נאַציאָנאַלע קולטור־ווערטהען בעקומט א בעזונדער זין און א בעזונדער וואָג דער נאַטירליכער נאַציאָנאַלער־געפיהל, — די ליעבע צו די קול־טור־אוצרות פון זיין פאָלק, צו דער שפּראַך, אין וועלכער ער גע־ניעסט זיי און צו דעם פאָלק, וואָס האָט זיי ארויסגעבראַכט אָדער אריבער געגומען פון דער פרעמד, — א נאַציאָנאַל־געפיהל, פון וועלכען קיין מענש איז ניט פריי, אָבער וואָס איז ביי די קינדער פון אַן אונטערדריקטען פאָלק נאָך א סך שארפער, איידער געוועהנ־ליך, און וואָס איז נאָר אויף א ווײלע געווען פער׳תלש׳ט ביי דעם

פּראָלעטאַריאַט אָדער אָוועקגעשטופּט אויף דעם צווייטען פּלאַן, אַ דאַנק דער הערשענדער קאָסמאָפּאָליטישער טעאָריע.

אויף אַזאַ'ן אופן ווערט אומבעוואוסט און לאַנגזאַם בעשאַפען ביי דעם פּראָלעטאַריאַט דער באַזיס פאַר אַ נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין. עס איז געווען, ביי זיין פאָלק זאָל פאָרקומען אַ וועלכער עס איז צונויפשטויס מיט דער הערשענדער נאַציע אויף דעם געביעט פון נאַציאָנאַלע רעכט אָדער אַ וועלכע עס איז שרייענדע עולה זאָל בעגאַנגען ווערן בנוגע צו איהם אין דער פּראַקטיקע פון דעם לעבען, און דער אונטערדריקטער פּראָלעטאַריאַט מאַכט די איבערראַשענדע, זעהר ניט אַנגענעהמע ענטדעקונג, אז די אַרבייטערשאַפט פון דעם הערשענדען פאָלק איז כמעט פונקט אַזוי שאָוויניסטיש און פיינדליך צו זיין נאַציאָנאַליטעט, ווי איהר בורזשואַזיע, אָדער לכל הפחות אַז זי אונטערשטיצט פּאַסיוו איהר בורזשואַזיע אין איהר בעגעהן זיך מיט דעם פרעמדען אונטערדריקטען פאָלק.

דער נאַציאָנאַל-אונטערדריקטער פּראָלעטאַריאַט מוז יעמאָלט איינזעהען, אַז אַזאַ בענעהמען זיך פון זיין קלאַסען-ברודער איז אַ נאַטירליכער פועל-יוצא פון דעם פאַקט, וואָס מען לייקענט איבערהויפּט אָב די עקזיסטענץ פון דער אונטערדריקטער נאַציאָנאַליטעט אַזוי, אַז עס פערליערט זיך אין גאַנצען דער בעגריף פון נאַציאָנאַלע עולות. ווי קאָן מען בעגעהן אַן עולה בנוגע צו עפּעס, וואָס עקזיסטירט גאָר ניט, אָדער וואָס דאַרף סיי ווי סיי זעהען וואָס גיכער צו ליקווידירען די אייגענע עקזיסטענץ?

דאָס אַלץ עפענט אויף די אויגען פון דעם פּראָלעטאַריאַט אויף דער ריכטיגער לאַגע און אויף דער אומגעהויערער עולה, וואָס ליעגט אין דער פאָדערונג פון אַסימילאַציע. ער הויבט אָן איינצוזעהען, אַז *די פאָדערונג פון אַסימילאַציע גערעכטפערטיגט די נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג*; אַז די פאָדערונג זאָגט:

„אַלץ וואָס דו, אַרבייטער, ליידסט, ווי אַ מיטגליעד פון אַ בעשטימטער נאַציאָנאַליטעט, קומט דאָס דיר על פי דין און על פי יושר: מען טאָר ניט זיין קיין מיטגליעד פון אַזאַ נאַציאָנאַליטעט. אַסימיליר דיך, דאָס הייסט, פערלאָז דיין פאָלק, און ווער

אַ מיטגליעד פון אַן אַנדער פאָלק, ווערט מען יעמאָלט דיך ניט דאַר־פען פ ע ר פ אָ ל ג ע ן."

די פאָדערונג פון אסימילאציע סאַנקציאָנירט אויף אַזאַ'ן אופן גראָד יענע נאַציאָנאַלע אונטערדריקונג, אנטגעגען וועלכער עס טרעט ארויס די קאָסמאָפּאָליטישע טעאָריע פון דעם הערשענדען פּראָלע־טאַריאַט. זי — יענע פאָדערונג — איז אין תוך אריין ד י ה ע כ ־ ס ט ע פ אָ ר ם פ ו ן נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע א ו נ ט ע ר ד ר י ־ ק ו נ ג: די נאַציאָנאַלע אויבערהערשאַפט פאָדערט נאָר פון דעם אונטעריאָכטען פאָלק, ער זאָל בלייבען אין זיין פערשקלאַווטער לאַ־גע, די אסימילאציע אָבער פאָדערט, ער זאָל אין גאנצען פער־שווינדען.

אַזאַ גזר־דין, אַזאַ „חייב מיתה", ארויסגעטראָגען פאַר אַ גאַנ־צען פאָלק, מוז אויפטרייסלען דעם נאַציאָנאַל־אונטערדריקטען פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט זיך שוין אַוועקגעשטעלט אויף זיינע אייגענע פיס און איז דערשטאַרקט געוואָרען אין זיין קלאַסען־קאַמף. דערהויפּט רודערט עס איהם אויף, ווען ער דערהערט איהם ניט נאָר פון דער פרעמדער הערשענדער בורזשואַזיע, נאָר אויך פון זיינע אייגענע קלאַסען־ברידער, די קינדער פון דעם נאַציאָנאַל־הערשענדען פּראָלעטאַריאַט.

קיין פאָלק קאָן ניט קוקען אויף זיך, ווי אויף אַ פערברעכער, וואָס פערדיענט די טויט־שטראָף. קיין אַרבייטערשאַפט קאָן ניט ערלויבען, מען זאָל אויף אַזאַ'ן אופן טרעטען מיט די פיס איהר מענשליכע פערזענליכקייט, וואָס קאָן ניט אָבגעטיילט ווערן פון יענער נאַציאָנאַלער פאָרם, אין וועלכער זי טרעט ארויס.

דער פאַקט, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט פון דער הערשענדער נאַציאָן סאַנקציאָנירט דורך זיין פּאָליטיק יענעם גזר־דין למות, גיט צו צו דער ביטערניס פון די עקאָנאָמישע עולות, וואָס שטאַ־מען פון איהם, נאָך די נייע ביטערניס פון דער נ אַ צ י אָ נ אַ ־ ל ע ר עולה, וואָס שטעלט אוועק אין אַזאַ אונהיימליכער בע־לויכטונג דעם אידעאַל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט. די אייגענע בורזשואַזיע זעהט, פערשטעהט זיך, מיט אַלע מיטלען אויסצונוצען די אומגערעכטיגקייטען פון דעם הערשענדען פּראָ־לעטאַריאַט צוליעב איהר אייגענער שאָוויניסטישער קלאַסען־פּאָ־ליטיק.

פאַר דעם נאַציאָנאַל־אונטערדריקטען פּראָלעטאַריאַט קומט יעמאָלט אָן דער מאָמענט, ווען ער מוז קריטיש איבערקוקען די גאַנצע קאָסמאָפּאָליטישע און אַסימילאַטאָרישע טעאָריע.

די קריטיק פון די הערשענדע קאָסמאָפּאָליטישע טעאָריעס פיהרט אָבער אַלע מאָל צו דעם רעזולטאַט, אַז קיין פאָלק האָט קיין רעכט ניט צו פאָדערן פון אַן אַנדער פאָלק, עס זאָל פערשוויג־דען; אַז די אַלגעמיינע ארבייט פון דעם אַלוועלטליכען פּראָלע־טאַריאַט קאָן נאָר יעמאָלט אָנגעהן אָהן אינוועניגסטע שטערונגען, און אַז דער לאָזונג: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פעראייניגט אייך!" קאָן נאָר יעמאָלט דורכגעפיהרט ווערן אין לעבען, ווען קיין לאַנד וועט ניט ווערן פערשקלאַפט פון אַן אַנדער לאַנד, ווען קיין פאָלק לעגט ניט אַרויף קיין קעיטען אויף אַן אַנדער פאָלק.

דער פּראָלעטאַריאַט פון דער אונטערדריקטער נאַציאָנאַליטעט, ווי נאָר ער קומט אין זיין קריטיק צו אַזאַ רעזולטאַט, אַרבייט אויס זיין אייגענעם נ א צ י אָ נ א ל ע ן פּראָגראַם. קודם כל זעהט ער צו ערהאַלטען אַ נאַציאָנאַל־פולבערעכטיגטע שטעלונג אין די גרעניצען פון דער אַלגעמיינער ארבייטער־ארגאַניזאַציע פון דעם לאַנד, אין וועלכען ער וואוינט. אין יענער אָרגאַניזאַציע טרעט ער אַריין ניט ווי אַ סכום סתם־ארבייטער, נאָר ווי אַ פול־בערעכ־טיגטע א י י נ ה י י ט אָהן אַ ברעקעל שייכות צו דער צאָהל מיטגליעדער פון וועלכע ער בעשטעהט.

צו דער עהרע פון דעם נאַציאָנאַל־הערשענדען פּראָלעטאַריאַט מוז מען קאָנסטאַטירען, אַז אויף וואָס אַ העכערער מדרגה ער שטעהט אין זיין ענטוויקלונג, אַלץ גיכער פערשווינדט ביי איהם יענער אַנ־טאַגאָניזם צווישען זיין קלאַסען־בעוואוסטזיין און זיין נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין, וועגען וועלכען מיר האָבען אויבען גערעדט: זיין ק ל א ס ע ן־יושר, וואָס פאָדערט פון איהם, ער זאָל זיך אָבזאָגען פון וועלכע ניט איז נאַציאָנאַלע פּאָרטייליען, נעהמט ביי איהם די אויבערהאַנד איבער זיינע נאַציאָנאַלע אינטערעסען, וואָס האָ־בען אַרויסגערוקט די קאָסמאָפּאָליטישע טעאָריע.

די פאָרמען פון אַ געמיינשאַפטליכען צוזאַמען־לעבען פאַר די פּראָלעטאַריאַטען פון די פערשיידענע פעלקער דערנעהנטערן זיך אַלץ מעהר און מעהר צו אַ פולער, פרייער פעדעראַציע פון די

איינצעלנע ארבייטער־קלאסען, און זיין פריהערדיגע, כלומר׳שט מחוץ־לנאציאנאלע גייסטיגע אטמאספערע (אין אמת׳ען אבער א נאציאנאל־שאוויניסטישע אטמאספערע) ווערט פערוואנדעלט אין אן אינטערנאציאנאלע אטמאספערע פון גלייכבערעכטיגטע פעלקער, צונויפגעבונדען אין איינעם דורך דעם געמיינשאפטליכען סאציאליסטישען אידעאל.

אט די פרייע פעדעראציע פון די ארבייטער־קלאסען אין די גרעניצען פון דער סאציאליסטישער ארבייטער־פארטיי רופט ארויס דעם געדאנק, איבערצובויען דעם גאנצען שטאאט אויף נאציאנאל־פעדעראטיווע יסודות, כדי צו פערענטפערן די נאציאנאליטעטען־פראגע נים נאר פאר די ארבייטער־קלאסען, נאר אויך פאר דער גאנצער בעפעלקערונג פון דעם געגעבענעם לאנד.

אויף אזא׳ן אופן בעשאפט דער פראלעטאריאט זיין אייגענעם נאציאנאלען פראגראם, מיט וועלכען ער טרעט ארויס אין עפענטליכען לעבען. בעוואוסטזיניג זעהט ער דורכצוגיהרען זיין אייגענע פראלעטאריש־נאציאנאלע פאליטיק, וואס איז גלייך ווייט פון דער נאציאנאלער פאליטיק סיי ביי דער הערשענדער בורזשואזיע, סיי ביי דער אונטערדריקטער. דאס אליין מאכט שוין אונמעגליך א שטענדיגען בונד מיט דער אייגענער בורזשואזיע אפילו יעמאלט, ווען זיי ביידע שטרעבען צו איין און דעמזעלביגען ציעל: צו דער נאציאנאלער בעפרייאונג.

די טהעטיגקייט פון דעם נאציאנאל־אונטערדריקטען פראלעטאריאט דארף שוין יעמאלט ניט פאנאנדערייסען זיך אויף צוויי טיילען, פראפארציאנעל צו די „צוויי זעעלען", וואס „וואהנען, אך! אין זיינער ברוסט". ער האט נאר איין נשמה און מיט אט דער גאנצער נשמה זיינער גיט ער זיך אוועק יענעם סאציאליסטישען אידעאל, וואס דארף פערענטפערן ניט נאר דעם קלאסען־פראבלעם, נאר אויך די נאציאנאלע פראגע אין דעם זין פון ברידערליכקייט און גלייכבערעכטיגונג פאר אלע פעלקער.

---

אט דאס זענען אין אלגעמיינע שטריכען די הויפט־מאמענטען,

וואָס הערשען אין דער צווישען־שייכות פון דעם נאַציאָנאַליזם און דער קלאַסען־פּאָליטיק פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

דער גרונד־פּרינציפּ, וואָס מיר האָבען אויסגעפונען, בעשטעהט אין דעם געדאַנק, אַז ביי אַ פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט שוין דערגרייכט די העכסטע שטופע פון זיין פּאָליטישער ענטוויקלונג, איז ניטאָ קיין אַנטאַגאָניזם צווישען דעם קלאַסען־מאָמענט און דעם נאַציאָנאַלען מאָמענט.

ביידע זענען זיי דער אויסדרוק פון די צוויי זייטען, פון וועלכע עס בעשטעהט דער איינהייטליכער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליזם. דער סאָציאַליסטישער אידעאַל פּאָרמולירט נאָר אויף דעם צוזאַמענגעפאַסטען אופן די פערענטפערונג פון יענע פּראָבלעמען, וואָס דאָס קאָנקרעטע לעבען פון די ארבייטער־קלאַסען רוקט ארויס ביי די פערשיידענע נאַציאָנאַליטעטען, — דאָס קאָנקרעטע לעבען, וועלכער שטעהט אונטער דער הערשאַפט פון דעם גרונד־פאַקט, אַז די מענשהייט איז איצטער איינגעטיילט אין דער ברייט אין קלאַסען און אין דער לענג אין פעלקער.

איידער דער פּראָלעטאַריאַט פון אַ וועלכען עס איז לאַנד דערגרייכט די העכסטע שטופע פון זיין פּאָליטישער ענטוויקלונג, שטעהט ער, ווי מיר האָבען געזעהען, אונטער דעם איינפלוס פון קאָסמאָפּאָליטישע טעאָריעס, וואָס וואַקסען אויס ביי דעם נאַציאָנאַל־הערשענדען פּראָלעטאַריאַט אין יענער צייט, ווען אָט דער לעצטערער דאַרף זיך נאָך ניט רעכענען מיט דעם קלאָר ארויסגערעדטען נאַציאָנאַלען ווילען פון די נאַציאָנאַל אונטערדריקטע אַרבייטערשאַפטען.

אין רוסלאַנד און אין פּוילען לעבען מיר איצטער דורך דעם איבערגאַנג פון אָט דעם פּעריאָד צו אַ העכערען. בעזונדערס אינטערעסאַנט איז פון דעם שטאַנדפּונקט דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פון דעם פּוילישען פּראָלעטאַריאַט, וואָס ווירקט אין אַ סך פּרטים לויט זיין דאָפּעלטער לאַגע: ווי אַ נאַציאָנאַל־אונטערדריקטער פּראָלעטאַריאַט (בנוגע צו רוסלאַנד) און ווי אַ נאַציאָנאַל־הערשענדער פּראָלעטאַריאַט (בנוגע צו דעם אידישען פאָלק).

אָבער אין דער אויפגאַבע פון דער איצטיגער ארבייט געהט ניט אריין דער אנאַליז פון יענער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, וואָס ווערט געטריעבען פון די ארבייטער־קלאַסען ביי די איינציגע פעל־קער. די פערשיידענע היסטאָרישע לאַגע, אין וועלכער זיי געפינען זיך, פילט אָן די אַלגעמיינע פאָרמולען, וואָס מיר האָבען געפונען, מיט אַלערליי אינטערעסאַנטע איינצעלהייטען און פלאַנטערניסען. מעהר פאר אַלעמען איז פערפלאָנטערט דער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם פון דעם אידישען פּראָלעטאריאַט, סיי מחמת דעם, וואָס דאָס אי־דישע פאָלק האָט ניט קיין אייגען לאַנד, סיי מחמת דעם, וואָס זיין ארבייטערשאַפט איז, אַקוראַט אַזוי ווי ער, צוריסען אויף שטיק־לעך און צושפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט.

אנאַליזירען דעם נאַציאָנאַלען פּראָבלעם פון דעם אידישען פּראָ־לעטאַריאַט, בעווייזען, אַז אויך ביי איהם, ווי ביי אַלע נאַציאָ־נאַל־אונטערדריקטע ארבייטער־קלאַסען, איז ניטאָ קיין סתירה צווי־שען די אויפגאַבען, וועלכע די נאַציאָנאַלע זייט פון זיין פאָלקס־לעבען רוקט ארויס, און דעם קלאַסען־קאַמפּף מיט זיינע רייך פער־צווייגטע אינטערעסען, — דאָס דאַרף געמאַכט ווערן אין אַ בעזונ־דער ארבייט.

אין יענער ארבייט וועט אויך זיין דער פּאַסינגסטער פּלאַץ אָנצומערקען די וויכטיגסטע פּונקטען פון זיין נאַציאָנאַלער פּאָ־ליטיק און פון זיין טאַקטיק סיי בנוגע צו די ארבייטער־קלאַסען פון די אַנדערע פעלקער, פון איין זייט, און סיי בנוגע צו דער אייגענער בורזשואַזיע פון דער אַנדער זייט.*)

*) אין יענער ארבייט וועט מען מוזען זיך אָבשטעלען אויף דער נפקא מינה וואָס מוז הערשען אין דער טאַקטיק פון דעם פּראָלעטאַ־ריאַט, ווען פאר איהם וואַקסט אויס די אויפגאַבע ניט צו פּ ע ר ט ײ ־ ד י ג ע ן זיין לאַנד, ניט צו בעפרייען עס פון אַ פרעמדען יאָך, נאָר ערשט צו ד ע ר ג ר י י כ ע ן א ו ן ב ע ז ע צ ע ן. (1917)

# דער ביטערער אמת *)

אין דער אידישער פרעסע פון רוסלאנד און אמעריקא איז איבערגעגעבען געווארען דער אינהאלט פון זעהר אן אינטערע־סאנטען פארטראג, וואס פראפעסאר זאמבארט האט ניט לאנג געהאלטען אין בערלין. זיין טעמע איז געווען: „די צוקונפט פון די אידען". אבער דערווייל̄ע איז ער פארטיג געווארען מיט דער ערש־טער העלפט פון זיין ארבייט: ער האט נאר געשילדערט דעם אי־דען'ס לאגע אומעטום אין די ציוויליזירטע לענדער פון דער וועלט.

פראפעסאר זאמבארט איז שוין פון לאנג־אן א בעקאנטע פיגור אין דער וויסענשאפט, דער עיקר אויף דעם פעלד פון נאציאנאל־עקאנאמיע און סאציאלע פראגען. אויסגעוואקסען אין דער מארק־סיסטישער שוהל, האט ער אריינגענומען אין זיין גייסט אלע וויכ־טיגסטע עלעמענטען פון קארל מארקס' פארשונגס־מעטהאדע, איז אבער געבליבען פריי פון א סך איינזייטיגקייטען, אין וועלכע דאס מארקסיסטישע סיסטעם איז אזוי רייך. ער פערשטעהט ריכטיג צו שעצען די אונגעהייער גרויסע ראליע, וואס דער „עקאנאמישער פאקטאר" שפיעלט אין דעם לעבען פון דער געזעלשאפט, פערגעסט אבער ניט, אז מיט דער הילף פון „עקאנאמיקע" אליין קען מען נאך ניט פאנאנדערוויקלען דעם פערפלאנטערטען קנויל פון די געזעל־שאפטליכע ערשיינונגען. ניט זעלטען האט ער אויפגעוויזען, אז אין דעם פונדאמענט פון זעהר וויכטיגע, ריין עקאנאמישע פאסירונ־גען ליעגען פערבארגען אנדערע ניט עקאנאמישע שטרעמונגען: פאליטישע, רעליגיעזע און נאציאנאלע. א בעזונדער ווערק האט ער ניט לאנג ארויסגעגעבען וועגען דער ראליע פון די אידען אין דער ענטוויקלונג פון דעם קאפיטאליזם, וואו ער ווייזט אויף, אז יענער גרויסער איבערקעהר אין דעם עקאנאמישען לעבען פון די

*) דעצעמבער 1911 ביז סעפטעמבער 1912.

מאָדערנע פעלקער האָט זעהר פיעל צו פערדאנקען דעם אידישען פאָלק און אז די אידען האָבען געקאָנט האָבען אזא געוואלטיגען איינפלוס אויף דאָס עקאָנאָמישע לעבען נאָר דערפאַר, וואָס זיי האָבען בעשטימטע ראַסען־אייגענשאַפטען און געוויסע רעליגיעזע אנשויאונגען.

געוויס זענען א סך פון זאָמבאַרט׳ס כאראקטעריסטיקען און סברות אין יענעם בוך נאָך גאנץ ווייט פון פורער וויסענשאַפט. ער פערשטעהט אָבער אליין צו ציהען שאַרפע גרעניצען צווישען די וויסענשאַפטליך פעסטגעשטעלטע פאַקטען, וועלכע ער האָט מיט אזוי פיעל כיח געזאַמעלט און מיט אזוי פיעל גלאַנץ צונויפגע־גרופּירט, און די אויסטייטשונג פון יענע פאַקטען, וואָס לעגט זיך אויף זיין, ווערנער זאָמבאַרט׳ס שכל.

א חוץ דעם געהערט זאָמבאַרט, לויט זיינע געזעלשאַפטליכע סימפּאַטיעס, גאַנץ זיכער צו דעם ראַדיקאַל־דענקענדען און פיהלענ־דען טייל פון דער איצטיגער פּראָגרעסיווער מענשהייט. ווי אָביעק־טיוו ער זאָל ניט זיין אין דער שילדערונג פון פאַקטען און טענ־דענצען פון דעם סאָציאַלען לעבען, ווי קאַרג אין ווערטער ער זאָל ניט זיין, ווען איהם קומט אויס צו רעדען וועגען די פראַגען פון דער העכערער גערעכטיגקייט און די אידעאַלען פון דער צוקונפט, פיהלט דאָך יעדער איינער, וואָס לייענט איהם מיט קאָפּ, אז ביי דעם מחבר איז דאָס האַרץ אויף דעם ריכטיגען פּלאַץ און אז עס קלאַפּט אין א האַרמאָנישען טעמפּאָ מיט די ווייט־ווייטעסטע בעשטרע־בונגען פון דעם מאָדערנעם פּראָלעטאַריאַט.

שוין די פּאָר שטריכען פון זאָמבאַרט׳ס וויסענשאַפטליכער און געזעלשאַפטליכער פיזיאָגנאָמיע זענען, האָף איך, גענוג צו דער־קלעהרען דעם גרויסען אינטערעס, וואָס דער פּאָרטראַג פון אזא מענשען וועגען דער אידען פראַגע קאָן האָבען פאַר דער גאַנצער געבילדעטער וועלט און בפרט פאַר אונז. שוין דאָס, וואָס ער האָט אונז געגעבען אין דער אָביעקטיווער שילדערונג און אָבשעצונג פון דער לאַגע אין וועלכער מיר, אידען, געפינען זיך איצטער, — ווי קאַרג און שאָטענהאַפט עס זאָל זיך ניט האָבען אָבגעשפּיגעלט אין די פּרעס־בעריכטען, — פערדיענט, מיר זאָלען זיך אָבשטעלען

אויף דעם און זיך טיעפער אריינטראכטען אין די רעזולטאטען, צו וועלכע זאמבארט׳ס פארשונג איז געקומען.

איין פונקט מוז דערביי שטעהן אין דעם צענטער פון אונזער אינטערעס. זאמבארט האט זיך זעהר לאנג אבגעשטעלט אויף דער ווירקונג פון דער אסימילאציע אויף דער אידישער לאגע און דער עיקר אויף דעם אנטיסעמיטיזם, — יענער גרויסער פלאג, וואס פון איהם ליידען מיר נאך אין די איצטיגע „אויפגעקלעהרטע״ צייטען נים ווייניגער ווי, און אפשר נאך מעהר, איידער אין די פריהערדיגע „בארבארישע״ דורות.

די פראגע וועגען אסימילאציע און אנטיסעמיטיזם איז דער־באר א צענטראלע אין דעם גאנצען סכום פראבלעמען, וואס רופט זיך „די אידען־פראגע״, ווייל די טהעאריע פון דער אסימילאציע איז ארויסגעטראטען אין לעבען מיט דער פרעטענזיע, אז זי ברענגט מיט זיך די אמת׳ע רפואה צו אלע ליידען און וועהטאגען פון דעם אידישען פאלק. אין ערשטער ליניע האט זי גאנץ זיכער צוגעזאגט, אז מיט דעם דורכפיהר פון איהר פראגראם וועלען מיר פטור ווערען פון דער הויפט־צרה, פון וועלכער מיר האבען געליטען ביז אהער, פון דער „רשעות״, וואס די פעלקער פיהלען צו אונז. אונזער גאנ־צער אומגליק, — האט גע׳טענה׳ט יענע טהעאריע, — בעשטעהט אין דעם, וואס מיר ווילען בלייבען א בעזונדער פאלק, וואס מיר זונדערען זיך אב, שליסען זיך אב פון די ארומיגע פעלקער, ווילען ניט אריינדרינגען אין זייער לעבען, וואס מיר פער׳מיאוס׳ען דאס צונויפגיסען זיך מיט זיי. וואס מעהר מיר וועלען זיך אויסגלייכען אין אונזער שפראך און זיטען מיט די פעלקער, צווישען וועלכע מיר וואוינען, וואס גרינדליכער מיר וועלען אין זיך אריינגעהמען זייער קולטור, וואס טהעטיגער מיר וועלען זיך אריינמישען אין זייער לעבען און וואס טיעפער מיר וועלען צונויפניעסען אונזערע אינטע־רעסען מט זייערע אנטערעסען, אלץ מעהר און מעהר וועט פער־שוואונדען דער האס צו אונז, און סוף־כל־סוף וועט פון דער „שנאת עולם לעם עולם״ ניט בלייבען קיין זכר. אמת, עס וועט דער־ביי אויך קיין זכר ניט בלייבען פון דעם אידישען פאלק, ווי א בעזונדער נאציאנאלער גרופע, מיט בעזונדערע נאציאנאלע האפ־נונגען פאר דער צוקונפט. אבער יענע האפנונגען און דער אידעאל

פון א בעזונדערער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ האָבען שוין סיי ווי סיי אויסגעשפּיעלט אין די אויגען פון א געבילדעטען מענשען. דער נאַציאָנאַלער זעלבסטמאָרד איז א שיקזאַל, וואָס וועט פריהער אָדער שפּעטער טרעפען אַלע פעלקער אָהן אַן אויסנאַהם, ווייל זיי אַלע וועלען זיך אַמאָל צונויפגיסען אין איין מענשהייט. מיט דעם זעלבסטמאָרד פון דעם אידישען פאָלק רעכענ מיר דאָס גליק פון יעדען איינצעלנעם אידען.

שוין איבער הונדערט יאָהר, ווי די אַסימילאַציע הערשט אין דער טהעאָריע און אין לעבען. און וואָס זענען די רעזולטאַטען?

נאָך א גרינדליכען שטודיום פון דער פראַגע אין אַלע לענדער, וואו די אַסימילאַציע שפּיעלט א ראָליע אינ'ם אידישען לעבען, קומט ווערנער זאָמבארט צו פאָלגענדען שלוס: „אויף וויפיעל די אַסימילאַציע ווערט שטאַרק, אויף אזוי פיעל ווערט שטאַרקער דער געגענזאַץ צווישען אידען און ניט־אידען. ביידע עלעמענטען זאָלען זיך צונויפשמעלצען אָהן א רעשט, אָהן א זכר, — דאָס איז בשום אופן ניט מעגליך, ווייל קיין איינער פון די צדדים איז דערצו ניט מסוגל. מען מעג עס בעקלאָגען, אָדער בענריסען — א ז ו י א י ז ע ס פ א ק ט י ש, און די ווירקליכקייט פרעגט ביי אונז ניט, וואָס מיר ווינשען און וואָס ניט.“ (בעריכט פון „פריינד“, איבער־געדרוקט אינ'ם לייט־אַרטיקעל פון „פאָרווערטס“, שבת, דעם 2טען דעצעמבער. אונטערשטראָכען פון אונז).

“דורך דעם אריינקומען פון די אידען אין דער געזעלשאַפט, ווערט דער אנטיסעמיטיזם גרעסער. פאַר הונדערט יאָהר איז נאָך מעגליך געווען, אז לעסינג זאָל שרייבען זיין „נאַטהאַן“, היינט איז דאָס אונמעגליך. אויך די געמישטע חתונות ווערן ווייניגער. זיי ענדיגען זיך דאָס רוב זעהר טראַגיש. די צאָהל פון גט'ן איז ביי געמישטע חתונות פיעל גרעסער ווי געוועהנליך. די קינדער פון געמישטע חתונות זענען אפילו קערפּערליך זעהר שעהן, אָבער זייער צאָהל איז ווייניג און זיי האָבען ווייניג ענערגיע אין לעבענס־קאַמף.“ „ו ו א ס ג ר ע ס ע ר ע ס א י ז ד י א ס י מ י ־ ל א צ י ע, א ו י ף א ז ו י פ י ע ל ג ר ע ס ע ר א ו ן ש ט א ר ק ע ר ו ו ע ר ט ד ע ר א נ ט י ס ע מ י ט י ־

מ ו ם" (הערן זיידמאַן׳ס בערלינער קאָרעספּאָנדענץ אין דער „ווארהייט" פון שבת, דעם 25טען נאָוועמבער.)

אזוי צאָהלט דאָס די אסימילאציע איהרע וועקסלען, וואָס זי האָט ארויסגעגעבען מיט אזא זיעגעס־געוויסהייט, וועלכע זי האָט געדעקט מיט די אונטערשריפטען פון די קליגסטע מענשען און די איידעלסטע הערצער פון דורות און דורות, אידען און קריסטען. אזוי האלט דאָס דעם קאָנטראקט די אסימילאציע, וואָס האָט שוין אָבגעקאָסט דעם אידישען פאָלק ניט קיין קליין ביסעל בלוט...

דאָס איז א פאָלשטענדיגער, קלאָהרער, ווען אויך אפשר ניט קיין „זעלבסט־פערשולדיגטער" באַנקראָט פון דעם אסימילאַטאָרי־שען אידעאַל און דער אסימילאַטאָרישער טהעאָריע!

אָט דעם ביטערען אמת האָט ווערנער זאָמבארט מוטהיג ארויסגעזאָגט, פאר אן אוידיטאָריום, וואָס איז בעשטאַנען דאָס רוב פון דייטשע געבילדעטע אידען, פון אויפגעקלעהרטע ב ע ר ל י־נ ע ר אידען, — אייניקלעך און אור־אייניקלעך פון יענע „בערלינטשיקעס", וואָס זענען צום ערשטען מאָל ארויסגעטרעטען פאר דאָס אידישע פאָלק מיט דער פרעהליכער בשורה פון „אסימי־לאציע".

ווי אזוי קאָן מען ערקלעהרען דעם דאָזיגען שרעקליכען באנקראָט?

ווערנער זאָמבארט, ווייזט אויס, זעהט די הויפּט־אורזאך דער־פון אין דעם אונטערשייד פון ב ל ו ט. „דער גרונד און די אור־זאך פון דיעזע געגענזעצען", בעריכטעט הערר זיידמאַן אין דער „ווארהייט", „ליעגט אין דער פערשיידענקייט פונ׳ם בלוט, פון כאראקטער". אויך דעם גרויסען איינפלוס, וואָס די אידען האָבען געהאט אויף דער קריסטליכער געזעלשאַפט, דערקלעהרט זאָמבארט דורך די ראסען־אייגענשאפטען פונ׳ם אידישען פאָלק. „אידען בע־איינפלוסען די קריסטליכע געזעלשאַפט", זאָגט ער, „ניט מיט דעם וואָס זיי האָבען איבערגענומען געוויסע מדות פון די קריסטען, און ניט דורכדעם, וואָס זיי האָבען זיך מעהר־וועניגער אסימילירט, נאָר מיט דעם, וואָס זיי זעלבסט ז ע נ ע ן, וואָס שטעקט אין זייער בלוט, אין זייער כאראקטער... דער איינפלוס פון היינע

שטאַמט ניט פון זיין „קריסטליכער רעליגיע", נאָר פון זיין אידישען גייסט".

מיר זענען די לעצטע, וואָס וואָלטען וועלען אָבלייקענען די גרויסע וויכטיגקייט פון פאָלקס־ראַסע און „פאָלקס־גייסט", פון „בלוט" און „כאַראַקטער". אונז גלויבט זיך אָבער ניט, אז דאָס זאָל זיין דער איינציגער גרונד פון דעם אנטיסעמיטיזם, וואָס איז מיט דער נויטווענדיגקייט פון א נאַטור־ערשיינונג ארויסגעוואַקסען פון דער אסימילאַציע. עס איז נאָך אונזער מיינונג נאָך, ניט דער איינציגער גרונד און ניט דער וויכטיגסטער. די פינען און שווערען אין פינלאַנד, די טאַטערען און רוסען אין רוסלאַנד זענען נאָך וועניגער בלוט־פערוואַנדעט, איידער די סעמיטישע אידען און די ארישע פעלקער, ווייל סעמיטען און אריער בעלאַנגען דאָך, לכל הפחות, צו איין־און־דעמזעלבען שבט, דעם קאַווקאַזישען, בעת די טאַטערען און פינען, ווי אויך די טערקען, זענען קינדער פון א גאַנץ אנדער ש ב ט, דעם מאָנגאָלישען. און פון דעסטוועגען הערשט ניט אזא שנאה צווישען דעם מאָנגאָל און דעם קאַווקאַזער, ווי צווישען דעם אריער און דעם סעמיט. און — איבערהויפּט! ווי וויכטיג די ראַסען־איינענשאַפטען זאָלען ניט זיין ביי דער דערקלע־רונג פון די קולטור־פּראָדוקטען, וואָס א פאָלק ברענגט ארויס, איז דער גאַנצער ענין פון „ראַסע" נאָך אזוי וועניג אויסגעפאָרשט און בעלויכטען, אז מען מוז זיין זעהר פאָרזיכטיג אין זיין אָנווענדונג. אָבער דאָפּעלט און דרייפאַך פאָרזיכטיג מוז מען זיין, ווען מען וויל מיט איהם דערקלעהרען יענע ערשיינונגען, וואָס האָבען צו טהאָן מיט סימפּאַטיען און אנטיפּאַטיען, וואָס הערשען צווישען פעלקער. אויף דעם דאָזיגען פעלד קומט מען נאָך א גענויערער פאָרשונג אָפטמאָל צו דעם רעזולטאַט, אז די פערשיידענקייט פון די פעלקער איז צו א גרויסען טהייל גאַנץ געוויס א פּראָדוקט פון זייערע פערשיעדענע ראַסען־איינענשאַפטען, אָבער אז די סימפּאַטיע אָדער אַנטיפּאַטיע, וואָס זענען אויסגעוואַקסען אויף דעם דאָזיגען גרונד, האָבען זייערע וואָרצלען אין גאָר אנדערע ערשיינונגען: רעליגיעזע, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע, סאָציאַלע.

אויך אין דעם פּראָבלעם פון דעם מאָדערנעם אנטיסעמיטיזם מוזען מיר אונטערשיידען צווישען דעם ג ר ו נ ד פון דער ערשיי־

גונג, וואָס ליגט אין דער נאַציאָנאַלער פערשיעדענקייט, און יענע ספּעציעלע אורזאַכען, וואָס האָבען אויף דעם דאָזיגען גרונד גע־מאַכט אַרויסשפּראָצען דעם ווילדען און־ברחמנות'דיגען האַס צו דעם אידישען פאָלק.

טראַכט מען זיך טיעפער אַריין אין דעם ענין, געפינט מען, אז ניט נאָר דער מאָדערנער אַנטיסעמיטיזם, נאָר אויך די אַלצייט־ליכע און אַלוועלטליכע שנאה צו אידען איז, אויף דעם באָדען פון נאַציאָנאַלער פערשיידענקייט, אויסגעוואַקסען פון רעליגיעזע, פּאָ־ליטישע, — אָבער נאָך מעהר פאַר אַלץ — פון עקאָנאָמישע און סאָציאַלע וואָרצלען.

א פאָלק איז א זעלבסטשטענדיגע לעבעדיגע בריאה, א „כמו־אָרגאַניזם", אַן אָרגאַניזם פון א געוויסער אַרט. שוין נאָר אין די גרוי־אַלטע צייטען איז אויפגעדעמערט אַט דער געדאַנק, אָבער נאָך עד־היום ווייס די וויסענשאַפט ניט, ווי פּאַרטיג אַז ווערן מיט איהם. מען פ י ה ל ט זיין אמת, מען איז אָבער ניט אין שטאַנד קלאָהר אָנצוגעבען אין וואָס עס דריקען זיך אויס די אָרגאַנישע אייגענשאַפטען פון א פאָלק. די אַלע פאַראַלעלען און אַנאַלאָגיען, וואָס מען פלעגט דורכפיהרען צווישען די אברים פון א לעבעדיגען גוף און די טהיילען פון א געזעלשאַפט (די הענד — די אַרבייטער, די נאָז — די געהיים־פּאָליציי א. ד. גל.), פלעגען זיך דאָס רוב אַרויסווייזען ניט מעהר ווי שאַרפזיניגע פערגלייכען, וואָס האָבען ניט קיין טיעפערען ווערטה, עהדער א פּאָליטישע מליצה־בילד. אָבער מען פיהלט פּאָרט, אז אין וואָס עס איז בעשטעהט אַן עהנ־ליכקייט צווישען פאָלק און אָרגאַניזם, און אַז אייניגע פערגלייכען זענען עפּעס מעהר, עהדער א שטיק „משל ומליצה". די פיזיאָלאָ־גישע בעהעפטונגס־קראַפט צווישען די צעללען פון דעם אָרגאַניזם, זייער צונויפגעוואַקסענקייט, און די פּסיכאָלאָגישע בעהעפטונגס־קראַפט צווישען די קינדער פון א פאָלק, זייער צונויפגעבונדענקייט, זענען דאָך ערשיינונגען, וואָס מוזען ערגעץ וואו האָבען א געמיינ־זאַמען כאַראַקטער, און אפשר אויך א געמיינזאַמען וואָרצעל. על כל פנים קענען ביידע אַרטען ערשיינונגען שטודירט ווערן פון א געמיינזאַמען שטאַנדפּונקט. עס איז פּאָרט ניט קיין צופאַל, וואָס די פּסיכאָלאָגישע בעהעפטונגס־קראַפט צווישען די קינדער פון א

פאָלק איז אָפטמאָל אין איהר אַרט אַ סך שטאַרקער, עהדער די פיזיאָלאָגישע צונויפגעוואַקסענקייט פון די לעבעדיגע צעללען. אין נאָרמאַלע פערהעלטניסען, וואו די לעבענס־קראַפט פון דעם פאָלקס־אָרגאַניזם (און אויך די דאָזיגע לעבענס־קראַפט איז עפּעס מעהר ווי אַ שטיקעל מליצה!) איז נאָך ניט אָבגעשוואַכט, איז אַ סך שווע־רער אָבצורייסען אַ קינד פון זיין פאָלק, עהדער אָבצושערען די האָר אָדער אָבשניידען די נעגעל פון אַ לעבעדיגען גוף. און נאָך אַנדערע פערגלייכען קען מען אָנפיהרען, וואו הינטער דעם „משל ומליצה“ בעהאַלט זיך אַ שטיק רעאַלע ווירקליכקייט, וואָס ווערט דורך דעם משל סימבאָליזירט.

איך גלויב, אַז דער פערגלייך, וועלכען איך וועל איצטער ברענגען, וועט אויסזעהן ניט צו שטאַרק געמאַטערט, און די רעאַלע ווירקליכקייט, וואָס הינטער איהם, וועט זיין ניט גאָר אַזוי טיעף פערבאָרגען, ווען איך וועל זאָגען, אַז דער האַנדעלס־שטאַנד פון אַ פאָלק, — דאָס זענען זיינע אָ ד ע ר ע ן, אין וועלכע עס פולסירט דאָס בלוט, וואָס פיהרט פאַנאַנדער די נאַהרונג פון אַלע איברים, און אַז די גייסטיגע פּראָפעסיאָנען פון אַ פאָלק, — זיינע לעהרער, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטען, דענקער, קינסטלער, בעאַמטע און אַזוי ווייטער, — דאָס איז זיין נערווען־און־מאַרך־אַפּאַראַט, וואָס בעהערשט אין לעצטער ליניע זיין גאַנצעס שאַפען און טהאָן מיט ניט ווייניגער זעלבסט־שטענדיגקייט עהדער דאָס קומט פאָר אין אַ לעבעדיגען גוף.

יעדעס פאָלק האָט ז י י נ ע אָדערען, ז י י ן אַפּאַראַט פון מאַרך און נערווען. זייערע „צעללען“ ווערען אויסגעאַרבייט אין דעם אייגענעם „גוף“, פערנעהמען זייער פּלאַץ און פיהרען אויס זייער פונקציע, לויט די געזעצען, וואָס בעהערשען דאָס סאָציאַל־עקאָנאָמישע לעבען פונ'ם פאָלק. די געזעצען ווערען אָבער ניט אַזוי שטרענג אָבגעהיט אין אַ פאָלקס־אָרגאַניזם, ווי אין אַ לעבע־דיגען גוף. צעללען פון איין פאָלק קענען ב י ז צ ו אַ ג ע־ וו י ס ע ר צ אָ ה ל אַריינדרינגען אויף אַ ווײַלע אָדער אויף אייביג אין די געוועבען פון אַן אַנדער פאָלק, צונויפוואַקסען מיט זיי און ניט אַרויסרופען קיין שום שמערץ, קיין שום פיעבערהאַפטע ערדעגונג אין דעם גאַנצען אָרגאַניזם. דאָס רוב קומט דאָס פאָר

אַזוי, אַז פעלקער בייטען זיך אוים מיט זייערע צעללען. עס איז אַן אָרט פון גענענזייטיגער טראַנספּלאַנטאַציע, וואו די צעללען בייטען זיך מיט זייערע ערטער. איך ווייס ניט, צי אַזעלכע פעלען, וואו טהיילען פון איין אָרגאַניזם וואַקסען אריין אין אַ צווייטען און אָנשטאָט דעם וואַקסען אריין צעללען פון דעם צווייטען אין די געוועבען פון דעם ערשטען, קומען וועך עס איז פאַר אין דעם לעבען פון דעם ביאָלאָגישען אָרגאַניזם, — אַ חוץ אפשר ביי דעם סעקסועלען לעבען פון די גאָר ניעדריגע אָרגאַניזמען. אָבער אין פעלקער־לעבען איז דאָס אַ טאָג־טעגליכע ערשיינונג, — איבערהויפּט אויף דעם פעלד פון האַנדעל און אינדוסטריע. העגדלער פון איין פאָלק דרינגען אריין אין דאָס לעבען פון אַן אנדערן אונטער דעם שטילען אָבמאַך פון גענענזייטיגקייט, אַז טיילען פון דעם אנדער פאָלק וועלען קענען אריינדרינגען אין דאָס לעבען פון דעם ערשטען. אָבער אָט דער גענענזייטיגער אויסבייט פון צעללען האָט זיינע נאָרמאַלע גרענעצען און געזעצען. ערשטענס ווערט דאָס נאָר צוגעלאָזען ביז צו אַ געוויסען גראַד, — צו פיעל פרעמדע עלעמענטען קען אַ פאָלק אין זיך ניט פערטראָגען. צווייטענס דאַרף דאָס זיין אַ גענענזייטיגער אויסבייט. פאַר די צעללען, וואָס אַ פאָלק שיקט אריין אין דעם פרעמדען אָרגאַניזם, זיי זאָלען זיך דאָרט שפּייזען פון יענעמס לעבענסזאַפט, נעהמט ער אריין אין זיך יענעמס צעללען, וואָס ווערען דערנעהרט מיט זיין אייגענעם בלוט. טרעפט אָבער, אַז אַ פאָלק וויל אריינצווינגען זיינע צעללען אין דעם פרעמדען אָרגאַניזם און וויל ניט נעהמען די פרעמדע צעללען אין בייט, — איז עס געצוואונגען מיט געוועהר אין דער האַנד דאָס דורכצופיהרען, ד. ה. מיט דעם בעוואוסטזיין, אַז דער פרעמדער אָרגאַניזם וועט פון זיינע צעללען ליידען, אָבער עס האָט די קראַפט צו אונטערדריקען זיין פּראָטעסט. —

אָפטמאָל פּאַסירט אָבער, אַז די הערשער פון אַ יונגען פאָלק, ביי וועמען די אייגענע אָדערען האָבען זיך נאָך ניט שטאַרק ענטוויקעלט, לאַדען איין צו זיך צעללען פון אַ פרעמדען פאָלק אָהן אַ וועלכען עס איז אויסבייט. די פריידיגע צעללען טוען זיך אַ לאָז אַוועק און מיינען אין דער אמת'ען, אַז זיי קענען אריינוואַקסען אין דעם פרעמדען אָרגאַניזם און ווערן דאָרטען די טרעגער פון דעם

גאַנצען פליסיגען בלוט... זיי זענען נאָך אפשר שטאָלץ אויף זייער „מיסיע“ וואָס זיי האָבען אַ „נידריגערען“ אָרגאַניזם, וואָס נאָך אָהן בלוט־געפעסען, אויפגעהויבען צו דער מדרגה פון אַ העכערן מיט אַן אויסגעבילדעטען סיסטעם פון אָדערען.... אָבער — וועה צו זעהר פרייד! מיט דעם וואַקסען פון יענעם „ניעדריגערען“ אָרגאַניזם בילדען זיך אין זיין קערפּער אייגענע אָדערען, אָבער אַזוי ווי זיי זיינען פּ ע ר א י י נ ג ט דורך דעם פרעמדען געפעס־סיסטעם, פיהלען זיי שמערצליך זיין דרוק. זיי ווערען גערייצט, אָנגעשוואָלען און שטעקען אָן מיט זייער פיבער דעם גאַנצען אָרגאַניזם... דער גאַנצער קערפּער צוקט אין העפטיגע קאָנוואולסיעס, ביז דאָס פרעמדע געפעס־סיסטעם ווערט ארויסגעשליידערט פון איהם...

בעטראַכט די געשיכטע פון דעם אַל־וועלטליכען, אַל־צייטליכען אנטיסעמיטיזם אין דעם ליכט פון דעם נאַר־וואָס געבראַכטען פערגלייך!

ווי נאָר מיר האָבען פערלאָרען די מעגליכקייט צו ציהען אונזער חיונה דירעקט פון גאָט'ס נאַטור, האָבען מיר אויפגעהערט צו זיין אַ נאָרמאַלער אָרגאַניזם. דער הויפּט מקור־פרנסה איז געוואָרען דער האַנדעל. מיר זענען פערוואַנדעלט געוואָרען אין „אָדערען־צעללען“ וואָס קענען ניט געשפּייזט ווערן פון דעם אייגענעם קערפּער און וואָס מוזען דעריבער אריינדרינגען אין אַ פרעמדען גוף אָהן אַ וועלכער־עס־איז געגען זייטיגקייט, אָהן אַ וועלכען־עס־איז אויסבייט. די הענדלער פון אַן אנדער פאָלק האָבען נאָר ניט געהאַט וואָס צו זוכען ביי אונז. כל זמן יענעמס אָדערען זענען געווען שוואַך, האָבען מיר געלעבט אין זיין אָרגאַניזם און געבליהט. אָבער ווי נאָר יענעמס אָדערען זענען אויסגעוואַקסען צו דער נאָרמאַלער גרויס, ווי נאָר ביי די פעלקער האָט זיך ענטוויקעלט אַן אייגענער האַנדעלס־שטאַנד, — זענען מיר אונטער העפטיגע קאָנוואולסיעס, אָהן אַ ברעקעל רחמנות, ארויסגעשליידערט געוואָרען דרויסען... שפּאַניען! דייטשלאַנד! פראַנקרייך! אין דערינען ליעגט דער פערבאָרגענער „סוד כל הסודות“ און „עיקר כל העקרין“ פון יענער רשעות, פון וועלכער מיר האָבען אַזוי פיעל געליטען אין מיטעל־

אַלטער, און פון וועלכע מיר לײַדען נאָך איצטער, אַלס האַנדעלס־פאָלק, אין די סלאַווישע לענדער און רומעניען.

דאָס איז דער פּרימיטיווער אַנטיסעמיטיזם פון די האַנדווערקער, הענדלער, פּויערים, — קורץ פון אַלע עלעמענטען, וואָס מוזען קומען אין בעריהרונג מיט די „פרעמדע" אידישע אָדערען. דער שמאַרץ און וועהטאָג פון די האַנדווערקער און פּויערים וואָלט אפשר געווען ניט שוואַכער — און אפשר נאָך שטאַרקער — ווען אַנשטאַט „אידישע" אָדערען וואָלטען דאָרטען געשטעקט אייגענע, נאַציאָנאַלע. אָבער אַזוי איז דאָס געזעץ פון דעם נאַציאָנאַלען לעבען. פון דעם אייגענעם לײַדט מען, אויף וויפיעל מען קען. פון דעם פרעמדען איז מען ניט מחויב צו לײַדען אפילו אויף אַ האָר. די גערייצטע פּסיכאָלאָגיע פון דעם בעל־מלאכה און דעם הענדלער האָבען נאָך פערשאַרפט דעם אַלגעמיינעם פּראָטעסט פון דעם פאָלק, און די קלוגע גייסטליכקייט, די גלחים און פּרעלאַטען, האָבען דעם קאָנקורענץ־קאַמפּף פון דעם גוי'אישען האַנדווערקער און הענדלער אַנטקעגען דעם אידישען בעל־מלאכה און סוחר, ווי אויך דעם קלאַסען־געגענזאַץ צווישען דעם אידישען סוחר און דעם גוי'אישען קאָנסומענט, צונויפגעגאָסען מיט דעם רעליגיעזען געגענזאַץ פון יודענטהום און קריסטענטהום, — און די שייטער־הויפענס האָבען גענומען הויך פלאַקערען צום הימעל „צוליעב דעם כבוד פון דער הייליגער יונג־פרוי מאַריע"....

אין די מערב־אייראָפּעאישע פעלקער איז דער פּרימיטיווער, ריין־סוחריש־בעל־מלאכה'שער אַנטיסעמיטיזם אַ לענגערע צייט נעלענען אָבגעשוואַכט. טיילס האָט זיך דאָרטען די סוחרים־בעל־מלאכה'שע וועלט געשטעלט אויף איהרע אייגענע פיס און האָט ניט בעדאַרפט אַזוי מורא האָבען פאַר דעם אידישען קאָנקורענט. טיילס האָט דאָס אידישע פאָלק געפונען אַ שטיצע און אַ מליץ־יושר אין אַן אַנדער טייל, — זעהר אַ וויכטיגען, — פון דעם פרעמדען פאָלקס־אָרגאַניזם, אין דעם נערווען־און־מאַרך־אַפּאַראַט, — אין דער „אינטעליגענץ".

די יונגע אינטעליגענץ האָט געליטען פון דער גייסטליכקייט. פון דער זעלבער גייסטליכקייט האָבען געליטען די אידען: זענען זיי שוין דורך דעם אַליין געוואָרען מחותנים. דערצו איז נאָך

ביי אידען ניט געווען קיין מאָדערן־אויפגעקלעהרטע עלעמענטען, האָט דער פרעמדער נערוועןאון־מאַרך־אפּאַראַט ניט געדאַרפט מורא האָבען פאַר זייער קאָנקורענץ. אדרבה, איהם האָט זיך געדוכט אז דאָס פעלד פון גייסטיגע ארבייט איז גענוג גרויס און ברייט, און פּלאַץ וועט זיך געפינען פאַר אַלעמען: אי פאַר דעם אייגענעם, אי פאַר דעם פרעמדען. און וואָס איז די נפקא־מינה צווישען „אייגענע" און „פרעמדע"? זענען זיי ניטביידע דיזעלבּיגע מענשען? וואָס טיילט זיי דען פאַנאַנדער אויב ניט די רעליגיע? און זענען ניט אַלע רעליגיעס פון גלייכען ווערטה?... אזוי איז אויסגעוואַקסען יענע שטימונג, וואָס האָט ארויסגעבראַכט לעסינג'ס „נתן החכם" מיט דער טעאָריע אז אַלע אמונות זענען גלייך ווערטה, און אזוי איז עס אוועקגעלעגט געוואָרען דער ערשטער גרונד־שטיין צו די אידעאַלען פון דער אסימילאַציע. די יעמאָלטיגע „נערווען און מאַרך צעללען" האָבען ניט געקענט פאָראויסזעהן יענעם שמאַרץ און וועהטאָג, וואָס דער גאַנצער „נערווען און מאַרך אפּאַראַט" וועט אָנהויבען פיהלען, ווען ער וועט זיך א ביסעל פאַנאַנדערוואַקסען און ווען די אידען וועלען אָנהויבען מיט האַסט ארייגדרינגען אין זיין געוועב...

יענע צייט איז אָבער געקומען. עס האָט זיך פאַנאַנדערגעבּליהט א נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ־קאַמף צווישען דער אידישער און דער ניט־אידישער גייסטיגער ארבייט. די גאָר גרויסע טאַלאַנטען זענען סיי ווי סיי זעלטען אי צווישען אידען, אי צווישען גוים: דעריבער האָט צווישען זיי די קאָנקורענץ ניט געקענט זיין גרויס. זייערביידענס ארבייט האָט געפונען (אָדער ניט געפונען) קיין אָבשעצונג לויט די געזעצען, וואָס בעהערשען די ליידען און פריידען פון דעם זשעניע. אויף די שפּיצען פון דעם אייראָפּעאישען געדאַנק האָט מחמת דעם נאָך א לאַנגע צייט געקענט הערשען די טאָלעראַנץ פון א „נתן החכם". אָבער נאָך די זשעניען זיינען געגאַנגען די טאַלאַנטען, פעהיגקייטען און מיטעלמעסיגקייטען, און אויב דער איד איז ניט זשעניאַלער, עהדער דער אריער; אויב ער גיט ארויס פּראָפּאָרציאָנעל ניט מעהר זשעניע, ווי די קריסטליכע פעלקער, איז ער אָבער דערפאַר א סך טאַלאַנטפולער און פעהיגער, עהדער זיי. אין קאַמף־לוסטיגע מיטעלמעסיגקייטען און „ניש־קשה'דיגע" טאַ־

לאנטען איז ער א סך רייכער, עהדער די ארומיגע פעלקער — און דער קאמף האט זיך אין די מיטעלע טיכטען פון דער גייסטיגער וועלט געמוזט פאנאנדערברעכען מיט א בעזונדער קראפט. דעם אידען האט ניט געלונגט צו געהן אין קאמף אונטער זיין אייגענעם נאמען, אונטער זיין אייגענער פאהן, האט ער גע׳טענה׳ט, אז ער איז גאר ניט קיין איד: ער איז פשוט א „נערוועז־צעל“ צוגלייך מיט אלעמען פון דעם זעלביגען פאלקס־ארגאניזם. דער ניט־איד האט געפיהלט דעם שקר, וואס ליעגט אין דער טענה, און די געפאהר פאר זיך, וואס ליעגט אין דעם אידען׳ס אסימילאציע — און ער האט ווי א פערטיידיגונגס־וואפען ארויסגעבראכט דעם מאדערנעם טעארעטיש־„וויסענשאפטליכען“ אנטיסעמיטיזם, וואס לערנט אונז, אז דער איד געהערט צו א „ניעדריגערער“ ראסע. סוף כל סוף האט די אלגעמיינע אנטיסעמיטישע שטימונג פון די גייסטיגע מיטעל־שיכטען אנגעשטעקט אויך א טייל פון די זשעניען און די גייסטיגע פיהרער — און אנשטאט די לעסינגס זענען אויסגעוואקסען די דיוהרינגס און די טשעמבערלענס. אנשטאט דער גלייכהייט פון די רעליגיעס, וואס לעסינג האט געפרעדיגט, איז ארויסגעוואקסען „די אומגלייכהייט פון די ראסען“, פאר וועלכע דיוהרינג און טשעמבערלען קעמפען.

„די אונגלייכהייט פון די ראסען“ איז זיך א טעאריע ווי אלע טעאריען, און צווישען איהרע בעגרינדער געפינען זיך דער פראנצויז גאבינא און דער נאציאנאלער איד משה העסס. ווי אין יעדער יונגער, טיעפער טעאריע, איז דא פיעל אמת אין איהר, אבער אויך ניט ווייניג איבערטריבענע, רויהע, נאך ניט איבערגעיארטע סברות. געפעהרליך ווערט זי פאר דעם אידישען אסימילירטען אינטעליגענט ערשט יעמאלט, ווען מען זוכט מיט איהר צו בעווייזען, אז די אידישע ראסע איז ניט נאר פערשיידען פון דער ארישער, נאר אויך א סך ניעדריגער, עהדער די ארישע און ממילא טאר מען ניט צולאזען, אז די „קאהענס“ און די „ראזענבערגס“ זאלען בעפריעדיגען די גייסטיגע בעדערפניסען פון אן ארישען פאלק.

אומזיסט ענטפערען דערויף די אידען מיט דעם אלטען תירוץ, אז אידען זענען גאר ניט קיין ראסע (ווי דאס טהוט צ. ב. אונזער דר. פישבערג). אומזיסט כאפען זיי זיך אן פאר דעם נאך מיאוס־

ערען תירוץ, אז מיר זענען אמת אַ ראַסע, אָבער אַ ניעדעריגע ראַסע, וואָס קען גאָר ניט בעשאַפען אַליין, אָבער דערפאַר זענען מיר, ווי אַפען, זעהר גוטע נאָכמאַכער, און ממילא קען מען די „קאָהענס" און די „ראָזענבערגס" גאַנץ גוט לאָזען אין דעם „ארישען" נערוועז־און־מארך־אַפּאַראַט, ווייל אין אַזאַ סביבה וועלן מיר ארויסברענגען נאָר כשר'־אַרישע זאַכען (זעה צ. ב. די טעאָריעס פון אונזער פּיליפּ קראַנץ), — אומזיסט די אַלע פוילע תירוצים. ערשטענס זענען זיי ניט אמת און צווייטענס זענען דאָ די טעאָריעס אַן אָבשפּיעגלונג פון לעבענס־אינטערעסען, פון אַ פערצווייפעלטען נאַציאָנאַלען קאַמף, וואָס די ניט־אידישע מיטעלמעסיגע און טאַלאַנטפולע אינטעליגענץ פיהרט און מוז פיהרען אַנטקעגען דעם אידישען בעסער־בעוואַפענטען טאַלאַנט און זשעניע. דער נערוועז־און־מארך־אַפּאַראַט פון דעם אַרישען פאָלק קאָן ניט צולאָזען, אז דער פרעמדער עלעמענט זאָל זיך נאָך מעהר אריינרייסען אין איהם און ארויסשטופּען די אייגענע צעללען פון זייער פּלאַץ. די ניט אידישע אינטעליגענץ פיבערט איצטער אין אַנטיסעמיטיזם, ווי אַמאָל די ניט־אידישע סוחר'ישע וועלט. דער פיבער ווער טמיטגעטיילט צו דעם גאַנצען ניט־אידישען פאָלקס־קערפּער... און אויף די הימלען קלייבען זיך דיזעלבינע שטורעם־וואָלקענס, פון וועלכע עס האָט אַמאָל ארויסגעבליצט דער „גירוש שפּאַניען"...

אָט דאָס איז דער ריכטיגער גרונד פון יענעם געגענזאַץ, וועלכען ווערנער זאָמבארט האָט אויסגעפונען אין זיין ריין־אָביעקטיווען פאָרשען. אָט דאָס איז דער „ביטערער אמת" פון אונזער צייט.

פערשטעהען דאָס די פיהרער פון דעם אידישען פאָלק? שטעהט דער דאָזיגער אמת קלאָר פאַר זייערע אויגען? האָבען זיי דעם מוטה צו קוקען איהם גלייך אין די אויגען?

אויף אָט די אַלע פראַגען מוז מען געבען אַן ענטפער, וואָס איז זעהר טרויעריג פאַר דער לאַגע פון אונזער פאָלק. זיי פערשטעהען ניט דעם ביטערען אמת, אָדער זעהען איהם ניט קלאָר, אָדער האָבען ניט דעם מוטה צו קוקען איהם גלייך אין די אויגען.

און דאָס איז נאָך ביטערער, ערדער דער ביטערער אמת. אָבער וועגען דעם מוז מען רעדען בעזונדער.

# דער אנטיסעמיטיזם און די אידישע פארטייען.*)

## 1

אין אונזער ארטיקעל: „דער ביטערער אמת“ האבען מיר געפרובט כאראקטעריזירען אונזער שטעלונג צו דעם אנטיסעמיטיזם. מיר האבען דארטען געפונען, אז אין איהם איז, *אין תוך ארײן*, ניט שולדיג ניט דער „גוי“, ניט דער איד. דער אנטיסעמיטיזם איז א שטיק מענשליכע טראגעדיע, וואס *מוז* ארויסוואקסען אומעדום, וואו אידען דרינגען ארײן אין א לפי־ערך שטארקער צאהל אין דעם ארגאניזם פון א פרעמדען פאלק. די טראגעדיע נעהמט זיך דערפון, וואס דער אידישער פאלקס־ארגאניזם בעשטעהט איצטער כמעט דורכאויס פון „אדערען־צעללען“ (דער האנדעלס־קלאס) און „נערווען־און־מארך־צעללען“ (די פראפעסיאנעלע בערופען). אייגענע „מוסקעל־און־קנאכען־צעללען“, — דער גאנצער אפאראט פון פיזישער פראדוקטיווער ארבייט בכלל און פון *ערד*־ארבייט בפרט, — פעהלען כמעט אין גאנצען און זענען דעריבער ניט ביכולת צו דערנעהרען די אייגענע „אדערען־צעללען“ און „נערווען־און־מארך־צעללען“. די לעצטערע זיינען דעריבער *געצוואונגען* ארײן צו דרינגען אין א פרעמדען ארגאניזם און צו ציעהען פון דארטען זייער חיונה.

כל זמן די אידישע „צעללען“ שטערען ניט דעם נאטירליכען וואוקס פון דעם אנדערן'ס אדערען־נערווען־און־מארך־צעללען, איז דער אנטיסעמיטיזם נאך צו דערליידען, אבער ווי נאר דער פרעמדער ארגאניזם הויבט אן צו שפיהרען, אז זיין האנדעל, זיין פראפעסיע פאלען אלס קרבן אין דעם קאנקורענץ־קאמף מיט דעם מעהר־פעהיגען אידען, אזוי ווערען כמעט אלע טיילען פון דעם פאלק ווי אנגעצונדען מיט א שארפער שנאה צו דעם אידישען פאלק. און

*) „דאס נייע לעבען“, 1911—1912.

דער פלאַם פון דעם אַנטיסעמיטיזם װערט נאָך דערצו געשפּייזט פון דעם אַלטען באַנד „אידען־האַס״, וואָס האָט זיך מחמת אַ סך אורזאַכען אַנגעזאַמעלט אין דער קריסטליכער וועלט אַנטקעגען אונז.

מעהר אָדער ווענינער פריי פון דער דאָזיגער שאַרפער ענטציני־דונג בלייבען יענע שיכטען פון דעם ניט־אידישען פאָלק, וואָס שטע־הען דרויסען פון דער קאָמערציעלער און פּראָפעסיאָנעלער קאָנקור־רענץ. אַ טייל פון די מ א ס ע ן, וואָס האָבען קיין מגע־ומשא ניט מיט דעם אידישען האַנדעל און דער אידישער קאָנקורענץ בכלל, קאָנען ביז צו אַ געוויסען גראַד פריי געמאַכט ווערן פון דעם אַנטי־סעמיטיזם אין זיין אַקוטער, קריעגערישער פאָרם. אָבער אויך דאָ ווערט ער זעלטען אַרויסגעריסען מיט׳ן וואָרצעל; דאָס רוב ווערט ער אָבגעשטומפּט, לאַטענט, ביז אַ וועלכע עס איז סבה ברענגט אויך יענע מאַסען אין אַ בעריהר מיט דער אידישער קאָנקורענץ, — און אויך ביי זיי געהט דער אַנטיסעמיטיזם איבער פון דער לאַטענ־טער, כראָנישער אין די אָפענע, אַקוטע פאָרם.

כמעט אין גאַנצען פריי פונ׳ם אַנטיסעמיטיזם בלייבט נאָר דאָס הייפעלע ג ד ו ל י ם: די גאָר גרויסע הענדלער און פאַבריקאַנטען, די גאָר גרויסע „זשעניען״ אין וויסענשאַפט, ליטעראַטור און קונסט: דאָס קליינע הייפעלע האָט ניט וואָס מורא צו האָבען פאַר דער אידישער קאָנקורענץ. בעת דער איד האָט כמעט תמיד די איבער־וואָג איבער דעם מיטלערען טאַלאַנט, קאָן ער אָבער זעהר זעלטען אַרויס שטופּען פון וואַגען עס איז דעם אמת׳ען „זשעניע״. פון דעם דאָזיגען קליינעם הייפעלע שטאַמען דאָס רוב די „פילאָ־סעמיטען״, אונזערע באמת איבערגעבענע פריינד. אָבער ניט זיי קאָנען אין דער דאָזיגער צייט און אין דער נאָהענטער צוקונפט געבען דעם טאָן פאַר דעם געזעלשאַפטליכען געדאַנק. דער בעל־הבית פון דעם לעבען איז דער מ י ט ע ל ־ ש ט א נ ד, און ער מ ו ז זיין אַנטיסעמיטיש. „אידען־פריינד״, וואָס זאָלען בעטראַכטען אונז אידען, ווי אייגען פלייש־און־בלוט, ווערען אַלץ זעלטענער און זעל־טענער, און זייערע שטימען ווערן בטל בששים אין דעם אַלגעמיי־נעם אַנטיסעמיטישען געפיהל. אַנשטאָט אידען־פריינדליכע שטימען פון אַ לעסינג און אַ מאַקאָליי הויבט אָן קלינגען די פון האַס אויפ־געדעגטע שטים פון אַ דיוהרינג אָדער אַ טשעמבערלען: עס ווערט

בעשאפען די „וויסענשאפטליכע גרונדלאגע" פאר דעם „ראסען־אנטי־סעמיטיזם".

„אידען זענען א נ י ע ד ע ר י ג ע ר א ס ע" — איז דער פונדאמענט פון דער דאזיגער טעאריע, און בעת אין דער ציוויליזירטער וועלט בענוגענט מען זיך דערמיט, וואס מען וויל אונז ארויס־שטויסען פון דעם אוואנגארד פון דער מענשהייט און פערשטופען אונז לויט אונזערע פעהיגקייטען ערגעץ וואו צווישען די נעגער אדער די פאפואסען, געהט די אנטיסעמיטישע טעאריע פון די באר־באַרישע לענדער נאך ווייטער: זי וויל אונז ניט אנערקענען פאר מענשען איבערהויפט. עהרליך געמיינט אדער ניט עהרליך געמיינט, אבער קלאהר און דייטליך זאגען די רוסישע אנטיסעמיטען ארויס זייער גרונדזאץ: אז דער איד געהערט ניט צו דעם מין מענש, אז ער איז ערגער עהדער א חיה־רעה (ער ברויכט אויך מענשליך בלוט צו זיינע מצות) און אז אידיש לעבען און אידיש בלוט האט ניט קיין גרעסערען ווערטה, עהדער דאס לעבען און דאס בלוט פון א משוגע־געווארענעם הונד....

און די רוסישע „געבילדעטע" געזעלשאפט שוויינט, ווייל אויך זי איז כמעט ביז צו די העכסטע שפיצען אנגעזאפט מיט דעם זעל־בינען אנטיסעמיטישען גייסט...

איך געדענק מיט א יאהר פיער־פינף צוריק האב איך מיך אין פינלאנד געטראפען מיט דער „באבושקא", דער גרויסער רוסישער פרוי, וואס האט אוועק געגעבען איהר גאנצען וועזען דעם קאמף פאר דער רוסישער פרייהייט. זי איז יעמאלט נאר וואס געקומען פון א פראפאנאנדא־טור איבער'ן לאנד און האט געהאט די געלעגנ־הייט אריין צו בליקען אין אלע פראגרעסיווע און רעוואלוציאנערע שיכטען פון דער רוסישער געזעלשאפט און בעקאנט ווערן מיט זייער שטימונג. אין דעם געשפרעך זענען מיר אריין אויף דעם ענין פון אנטיסעמיטיזם — און ווי בין איך געווען פערוואונדערט, ווען זי האט ארויסגערעדט:

— מערקווירדיג, מערקווירדיג, ווי דער אנטיסעמיטיזם וואקסט צווישען דער רוסישער אינטעליגענץ! אפילו אזעלכע מענשען ווי... און... (זי האט אנגערופען א פאר זעהר וואויל קלינגענדע נעמען) זענען פשוט משוגע געווארען אויף דעם פונקט.

— וואָס איז דער מער? — פרעג איך — וואָס האָבן מיר זיי געטהאָן?

— זיי האָבען מורא, איהר וועט זיך זיי זעצען אויפ'ן קאָפּ, ווי נאָר מען וועט אייך געבען גלייכע רעכט.... די טפשים! — („דורני!") — האָט זי דערנאָך אַרויסגעזאָגט מיט אַ שמייכעל און האָט אַ קוק געטהאָן אויף מיר מיט אַ פריינדליכען, ווארעמען בליק.

איך האָב פערשטאַנען אין דעם בליק איהרען, אין דאָס וואָרט „דורני". די „באַבושקא" האָט געוויס אויך ניט געצווייפעלט, אַז מיר קאָנען דער רוסישער אינטעליגענץ זיך זעצען אויפ'ן קאָפּ. אָבער די האָט געטראַכט „נו — איז וואָס? אויב איהר, אידען, וועט זיין בעסערע דאָקטוירים, בעסערע פּראָ־פעסאָרען, בעסערע שריפטשטעלער און דראַמאַטורגען; אויב איהר וועט טרייער און איבערגעבענער דיענען די אינטערעסען פון דעם רוסישען פאָלק, איז אדרבה! קומט און זעצט זיך וואָס גיכער אויף דעם קאָפּ פון דער רוסישער אינטעליגענץ. געווינען דערפון קאָן נאָר דאָס רוסישע פאָלק!..."

טייערע, אומפערגעסליכע באַבושקא! דיין פּסיכאָלאָגיע פּער־שטעה איך. פון דיין זיים וואָלט געוויס קיין אָבהאָלט ניט געווען, אַלע אידען זאָלען פערנעהמען די בעסטע פּלעצער פון דער רוסישער אינטעלעקטועלער וועלט און אַרויסשטופען פון דאָרטען די שוואַ־כערע עלעמענטען, בתנאי דער איד זאָל זיין היילינ איבערגעגעבען צו די אינטערעסען פון די אַרבייטער און פון די אונטערדריקטע — און דו ווייסט, אַז ער קאָן דאָס, דער איד. אָבער... ווי פיעל זענען דאָ אַזעלכע ווי דו? דו געהערסט צו דעם קליינינקען הייפעלע גדולים, דו ביסט די שטארקע, און דיר איז דעריבער אונפערשטענדליך די פּסיכאָלאָגיע פון די שוואַכע „דורני", וואָס מוזען פאַלען אין דעם קאָנקורענץ־קאַמף מיט אונז, און וואָס זענען אגב ניט אַזוי אונגערעכט, ווען זיי דענקען, אַז זיי קאָנען אַ סך ניצליכער זיין פאַר זייער פאָלק און זייער קולטור, עהרער מיר, די קינדער פון אַ גאַנץ אַנדער נאַציע.

פון אַלע אונזערע רעיד איז דעריבער געדרונגען אַזוי קלאָר ווי „צוויי־מאָל־צוויי־איז־פיער", אַז וואָס שטאַרקער עס געהט ביי אונז אין די אַסימילאַציע, וואָס פעהיגער מיר ווערן אויף דעם פעלד פון

האנדעל און גייסטיגע פראפעסיעס, אלץ שטארקער מוז ווערן דער אנטיסעמיטיזם. וואס מעהר שאנסען דער אידישער יחיד בעקומט אין זיין „קאמף אום'ס דאזיין", אלץ אין א גרעסערער סכנה ברענגט ער דערמיט אריין די לאגע פון דעם גאנצען אידישען פאלק, — א רעזולטאט, צו וועלכען מיר זענען שוין לאנג געקומען און וועלכען אויך אזא אביעקטיווער פארשער, ווי פראפעסאר זאמבארט, האט אין דער לעצטער צייט ארויסגעפונען.

אט דאס איז „דער ביטערער אמת", וועגען וועלכען מיר האבען אויבען גערעדט.

נאך ביטערער ווערט אבער אויפ'ן הארצען, ווען מען טראכט זיך אריין, ווי וועניג דער אידישער עפענטליכער געדאנק רעכענט זיך מיט דעם דאזיגען אמת, ווי וועניג קוראזש ער האט צו קוקען איהם אויג אין אויג.

לאמיר אנהויבען מיט גאר דער אלטער פרומער וועלט! ווי אפט און טיעף זי האט ניט געטראכט וועגען דער „רשעות" פון דער וועלט צו אונז, ווי ווייט זי זאל ניט זיין גענייגט צו בעטראכטען דעם אנטיסעמיטיזם פאר א נאטירליכע ערשיינונג אין גלות, האט זי פארט ניט איינגעזעהען יענע נאציאנאלע און עקאנאמישע ווארצלען, וואס מוזען איהם ארויסברענגען אין לעבען. די רציחה צו אונז שטאמט פון דעם, וואס מיר זענען פרעמדע, אבער פון דער אנדער זייט גלויבט דער פרומער איד, אז „הכל בידי שמים", „אלץ קומט פון גאט", און וואלטען מיר געווען באמת פרום און גאטספארכטיג, וואלט דער אויבערשטער ניט צוגעלאזען די אלע רדיפות אויף אונז. אין לעצטער ליניע זענען מיר אליין טאקי די שולדיגע. אבער אונזער שולד ליעגט ניט אין דעם, וואס מיר, א גאנצער פאלקס־ארגאניזם, ווילען לעבען, ווי טיילען פון א פרעמדען ארגאניזם, נאר אין דעם, וואס מיר היטען ניט אב גאט'ס געבאטען.

עס פערשטעהט זיך, אז דער אנטיסעמיטיזם, וואס איז ארויסגעוואקסען פון דער אסימילאציע, איז פאר דער פרומער וועלט א נייער בעוויז, אז איהר איבערנאטירליכע דערקלעהרונג איז די ריכטיגע. אין דער אמת'ען! וואלט א סטאטיסטיקער געקאנט אריינברענגען אין ציפערן דעם נייאיקס פון רעליגיעזער צולאזענקייט פון איין זייט און דאס פערשטארקען פון דער שנאה צו אונז פון דער

אנדער זייט, וואָלט מען געקאָנט מיט דער הילף פון דער „ריין סטאַטיסטישער מעטאָדע" (דער „זיכערסטער", ווי אַ סך קורצזיכ־טיגע געלערנטע מיינען), בעווייזען דעם „גזועץ", אַז דער אַנטיסע־מיטיזם וואַקסט פּראָפּאָרציאָנעל צו דער אידישער גיט־פרומקייט. און דער גזועץ וואָלט אָביעקטיוו געווען אבסאָלוט אמת, זיין דער־קלערונג אָבער וואָלט, פערשטעהט זיך, געבליבען פאַלש. זי דעקט ניט נאָר ניט אויף די אמת'ע וואָרצלען פון דער ערשיינונג, נאָר — אדרבה! — זי פערדעקט זיי נאָך טיעפער. און דער פועל־יוצא דערפון איז, אַז די פרומע אידען טראַכטען ניט וועגען יענע מיטלען, וואָס קאָנען ווירקליך אויסוואָרצלען דעם אַנטיסעמיטיזם, וועגען דעם קאַמף אַנטקעגען דער אַסימילאַציע. זיי טראַכטען נאָר וועגען דעם קאַמף אַנטקעגען דער ניט־פרומקייט, וואָס וואַקסט ארויס אין איינעם מיט איהר. די פערשטאַרקערונג פון דעם אי־דענ'ס פּאָזיציע אויף דעם פעלד פון האַנדעל און אפילו אויף דעם פעלד פון גייסטיגע פּראָפעסיעס איז פאַר דעם אידען זעהר אַ גע־וואונשענער אידעאַל, אויב מען קאָן נאָר מאַכען אַזוי, אַז די אידישע רעליגיע זאָל דערביי אַ ברעקעל ניט ליידען. אַ פרומער אידישער סוחר איז פאַר דער אַלטער וועלט אַ געוועהנליכע ערשיינונג און זי וואָלט זיך גיך אויסגעאיינט מיט דער „השכלה", ווען זי וואָלט אָפט געזעהען אין לעבען אויך דעם אידיש־פרומען דאָקטאָר און דעם אידיש־פרומען מיניסטער. אין דייטשלאַנד, ענגלאַנד און האָל־לאַנד זענען שוין דאָ אַזעלכע ערשיינונגען, און דאָס אָרטאָדאָקסע הארץ ווערט פול מיט פרייד ווען עס דערוויסט זיך, אַז יענער און יענער גרויסער פּראָפעסאָר, גרויסער באַנקיער, גרויסע דיפּלאָמאַט, וואָס פיהרט אויסערליך אַ געבילדעטען אייראָפּעאישען לעבען און פערנעהמט אַזאַ גלענצענדע פּאָזיציע אין דער קריסטליכער וועלט, איז „א י ן ד ע ר ה י י ם" אַ הייסער איד, דאַווענט אַלע טאָג אין טלית און תפילין און האָט נאָך קיין מאָל אַ מנחה ניט פער־פעהלט...

די משכילים'שע פאָרמעל: „היה אדם בצאתך ויהודי באהליך" — זיי אַ מענש צווישען מענשען און אַ איד ביי זיך אין דערהיים — איז איצטער כמעט אומעטום געוואָרען דער אידעאַל פון דער אַל־טער־פרומער וועלט. און אויך דאָ, אין אַמעריקאַ, איז ניט זעלטען

אַנצוטרעפֿען גאַנץ פֿרומע, באַלאַבעטאַשע אידען, וואָס פֿרעגלען זיך פּשוט פֿון נחת, ווען זייערע „באָיטשיקלעך“ „שפּרינגען“ פֿון קלאַס צו קלאַס אין די אַמעריקאַנער פֿאָלקס־שולען, בעקומען די בעסטע פּרייזען, און ווערען אויף אַזאַ'ן אופֿן בעסער צוגעפּאַסט צו דעם אידישען קאַמף אַנטקעגען דעם „גוי“. אָבער, פֿרעגט זיך ווען עס איז דער באַלעבאַטישער איד, קומט איהם גאָר אַרויף אויף'ן זינען, אַז פֿאַר דעם נחת, וואָס ער האָט איצטער פֿון זיין „באָיטשיקעל“, וועט ווען עס איז דאָס אידישע פֿאָלק — און אפשר אויך ער מיט זיין קינד בתוכם — דאַרפֿען בעצאָהלען מיט הארטע מזומנים, מיט דעם שרעקליכען פּרייז פֿון פּיין און יסורים? געוויס ניט! דער ביטערער אמת איז פֿאַר איהם פֿערשטעלט מיט דער רעליגיעזער אילוזיע, און — „אַ דאַגק גאָט, מען לעבט“, און „וואָס עס וועט זיין מיט כל ישראל, וועט אויך זיין מיט ר' ישראל“...

אויף אַזאַ'ן אופֿן בלייבט די אָרטאָדאָקסישע וועלט אין גאַנצען בלינד פֿאַר דעם ביטערען אמת.

דער געגענזאַץ פֿון דער אָרטאָדאָקסיש־פֿרומער וועלט איז די אידישע אַסימילאַטאָרישע קאָסמאָפּאָליטישע אינטעליגענץ. לאַנג אָבשטעלען זיך אויף איהר איז ניטאָ וואָס. איהר שטעלונג צו דעם אַנטיסעמיטיזם איז קלאָר. אין דעם „ביטערען אמת“ טאָר זי ניט גלויבען, ווייל דאָס איז דער סם־המות, וואָס טויט אין גאַנצען אַלע איהרע האָפֿענונגען און אידעאַלען. סאָציאַל־עקאָנאָמיש דריקען איהרע טעאָריען אויס די וועלטאַנשויאונג פֿון יענער אידישער אינטעליגענץ, פֿון יענע אידישע „נערוועז־און־מאַרך־צעללען“ וואָס דאַרפֿען אַריינדרינגען אין דעם פֿרעמדען אָרגאַניזם און אַרויסשטופּען, אָדער אונטערדריקען די היימישע צעללען. דאָס איז די טעאָריע פֿון די, וואָס דאַרפֿען זיך זעצען דעם אַנדערן אויפ'ן קאָפּ. ווי קאָנען זיי צוגעבען, אַז זיי זענען פֿון אַן אַנדער סובסטאַנץ, עהדער די היימישע? ווי קאָנען זיי צוגעבען, אַז זיי זענען עס, אייגענטליך, וואָס רופֿען דורך דער אייגענער טעטיגקייט אַרויס יענע געפֿעהרליכע קרענק, פֿון וועלכער ביידע צדדים ליידען אַזוי שטאַרק?

די אַסימילאַטאָרישע אינטעליגענץ טאָר ניט קוקען דעם „בי־

טערען אמת" אויג אין אויג, ווייל א טויט־אורטייל, — אַן אומ־ברחמנות'דיגער טויט־אורטייל פאַר איהר, שטעקט אין זיין בליק. זי איז דעריבער געצוואונגען צו פערדעקען דעם אמת מיט אַן אַנ־דער איללויזיע, — מיט דער איללויזיע פון דעם ס ת ם ־מ ע נ־ש ע ן, וואָס איז אויסגעוואַקסען אין דעם זיעבצעהנטען און אכטצעהנטען יאָהרהונדערט. נימאָ קיין נאַציעס, עס זענען דאָ נאָר מ ע נ ש ע ן. דעריבער זענען אויך נימאָ קיין א י ד י ש ע „צעללען" און קיין נים־אידישע...

אַי, דער אַנטיסעמיטיזם? איז דאָך שוין פון לאַנג „ידוע", אַז ער שטאַמט פונ'ם מיטעלאַלטער, פון יענער באַרבאַרישער, פינ־סטערער צייט, ווען די זון פון פראָגרעס איז נאָך נים אויפגעגאַנ־גען אין דעם מענשענ'ס שכל. לאָז די זון זיך מעהר פאַנאַנדער־וואַרמען און פאַנאַנדערלייכטען, יעמאָלט וועלען ביסלעכווייז פער־שווינדען אויך די טונקעלע שאָטענס פון דער אַלטער פינסטער־ניס. אַי, דערווייל ווערט אידיש בלוט פערגאָסען, לעבען מיליאָ־נען אידען אויף א ווולקאַן, וואָס אָט־אָט קאָן פון איהם זיך ארויס־רייסען א פייערדיגער שטראָם און מאַכען צו אש טויזענדער עקזיס־טענצען, ליידען מיליאָנען אידען „אין גוטען מוטה" זלזולים און בעליידיגונגע אַזוי, אַז די גאַנצע נשמה איז צופייניגט און צוריסען פון דעם מיט די שמוציגע פים געטראָטענעם מענשליכען שטאָלץ!?
— איז טאַקי שלעכט, וואָס די אומות העולם זענען אַזוי ווייניג בעקאַנט מיט דער „וויסענשאַפטליכער אַנטראָפּאָלאָגיע". וואָלטען די „פּאָגראָמשציקעס" גוט דורכגעשטודירט הערען דר. פישבערג'ס אַנטראָפּאָלאָגישע אונטערזוכונגען וועגען אונז, וואָלט יעמאָלט גאַניץ געוויס קיין אידיש האָר ערגעץ נים געקרימט געוואָרן. וואָל־טען זיי, לכל הפחות, בעקאַנט געווען מיט הערען קראַנץ'ס טעאָריע, אַז מיר זענען נים קיין שעפּפערישע ראַסע, נאָר א נאָכאַהמענדע: זאָל מען אונז נאָר לאָזען, זאָגט יענע טעאָריע, וועלען מיר זיך אַזוי צופּאַסען צו די אַרומיגע שכנים, אַז מיר און זיי וועלען ממש ווערן איינס, — זיי וואָלטען, זאָגען מיר, לכל הפחות, פערשטאַנען די טעאָריע, וואָלט יעמאָלט אויך פון דעם אַנטיסעמיטיזם נים געבליבען קיין זכר...

יע — יע! א צרה מיט דער אונוויסענהייט פון די אומות

העולם! זי וויל זיך, משמעות, גאָר ניט רעכענען מיט די טעאָ־ריעס, וועלכע די אידיש־אַסימילאַטאָרישע אינטעליגענץ טראַכט אויס, כדי צו בערעכטיגען איהר לאַגע און איהר שטרעבען אַריין צו דרינגען אין דעם פרעמדען אָרגאַניזם.

אויף דער בורזשואַזער אידישער אינטעליגענץ איז דעריבער אייגענטליך קיין וואונדער ניט, וואָס זי פערמאַכט די אויגען אויף דעם ביטערען אמת. אַ חדוש איז מיר אויף דער אידישער ס אָ־צ י אַ ל י ס ט י ש ע ר אינטעליגענץ. זי, ווענינגסטענס, האָט דאָך געמאַגט פריי זיין פון יענער אידעאָלאָגיע, וועלכע די אידי־שע בורזשואַזע אינטעליגענץ האָט אויסגעאַרבייט צוליעב איהרע אייגענע אינטערעסען; זי, ווענינגסטענס, האָט דאָך געמאַגט וויסען, ווי אומברחמנות'דיג דער סאָציאַליסטישער געדאַנק — און אי־בערהויפט קארל מארקס! — האָט זיך בעגאַנגען מיט די אַבסטראַק־טע אילוזיעס פון דעם 17־טען און 18־טען יאָהרהונדערט בכלל און דער טעאָריע פון דעם „סתם־מענשען" בפרט. זי האָט זיך דאָך געמאַגט צוהערען צו דער נייער מעכטיגער שטים, וואָס קלינגט אַזוי קלאָר גראָד אין דער לעצטער צייט, וואָס רופט צו פ ע ל ק ע ר ־ פ ע ר ב ר י ד ע ר ו נ ג, צו גלייכ־בערעכטיגונג פון אַלע פעלקער, צו גלייכע לעבענס־בעדינגונגען ניט נאָר פאַר יחידים, נאָר ה ו י פ ט ז ע כ ל י ך פאַר גאַנצע פאָלקס־אָרגאַ־ניזמען. און אויב דער מוסר־השכל, וואָס דערפון וואַקסט אַרויס פאַר דעם נאַציאָנאַלען פּראָבלעם בנוגע צו דעם אידישען פאָלק, איז ניט קלאָר גענוג פאַר דעם סאָציאַליסטישען געדאַנק פון דעם ניט־אידען, האָבען זיי, די אידישע סאָציאַליסטען, דאָך די ערשטע געדאַרפט איינזעהן דעם פעהלער און בעצייטענס אויפהויבען זיי־ער פּראָטעסט...

איז אָבער דער אומגליק, וואָס דער אויבערשטער האָט בעשטראָפט די אידישע סאָציאַליסטען מיט דער שרעקליכסטער קראַנקהייט, וואָס קאָן בעפאַלען אַ מענשען: ד י ש ל אָ ף ־ ק ר ע נ ק. זיי שלאָפען, און זיי חלום'ט זיך דער „סתם־מענש", אַ פרישער, אַ לעבעדיגער, אָט גאָר אזא, ווי ער האָט נאָך געלעבט אין די מוחות פון דעם 17־טען און 18־טען יאָהרהונדערט. און פון דעם זיסען חלום בעווייזט זיך אַ זים שמייכעלע אויף די

**ליפּען**: „עס וועט נאָך אי"ה אַלץ, מיט דער רעוואָלוציע'ס הילף, גוט זיין". אמת, זיי פאַלען אמאָל אָן אויף די „נאַציאָנאַליסטען", פּאַלעמיזירען בלומרשט מיט זיי; צופּען זיי, רייסען און בייסען. עס קאָן איינעם דוכטען, אַז זיי האָבען זיך איינגעהערט אין די אַרגומענטען פון דעם אידישען פּראָגרעסיווען נאַציאָנאַליזם. אָבער — מאַכט קיין טעות ניט! זיי האָבען פון די אַרגומענטען אַ וואָרט ניט פערשטאַנען, ווייל זיי האָבען אַ וואָרט ניט געהערט, ווייל אויך זייער צופּען, רייסען און בייסען איז געווען — פון שלאָף!

זאָל מען זיי מיט דאָפּעלטער קראַפט אויפטרייסלען? אָראָב שליידערן פון'ם ווייכען געלעגער און אָבגיסען מיט קאַלטע וואַסער? אַך, „ווער נאָר גאָט אין הארצען האָט", לאָזט זיי צורוה! שרעקליך וואָלט פאַר זיי געווען זייער אויפוואַכען: פון דעם זיסען חלום און גליק — אין אַ טיעפען, אונענדליך פינסטערען תחום! און אידער קאָנט זיי ניט אויפטרייסלען, איהר ווייסט, מיט וואָס עס ענדיגט זיך די שלאָף-קרענק: מען שלאָפט זיך אריין אין דעם טויט. לאָזט זיי דעריבער ווייטער רוהיג שלומערן, ביז זיי וועלען איינציגווייז אַריבער אין — ליידער, יענע־וועלטיגע רעגיאָנען, — וואו עס איז באמת ניטאָ קיין נפקא־מינה צווישען מענש און מענש.

על כל פנים, ניט פון זיי קאָנען מיר ערוואַרטען, זיי זאָלען זיך צוהערען צו דער שטים פון'ם ביטערען אמת און פערטראַכטען זיך, ווי אַזוי פּטור צו ווערן אין לעבען פון זיינע שרעקליכע פאָלגען.

ערנסטער און טיעפער אַריינגעבליקט אין דעם תהום פון דעם ביטערען אמת האָבען די נאַציאָנאַליסטישע און נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַרטייען: דער ציוניזם, דער „בונד", און די פּראָלעטאַרישע ציוניסטען.

## 2

די טעאָרעטישע געדאַנקען אין דער ציוניסטישער און דער נאַציאָנאַלער בעוועגונג בכלל פליעסען פון צוויי פערשיידענע שטראָמען.

איינער קומט פון דעם איינזעהן, אַז כל זמן אידען וועלען

זיין אין גלות, קאָן דער אַנטיסעמיטיזם ניט פערשווינדען; דער־אנדערער שטאַמט פון דעם בעוואוסטזיין, אַז אידען זענען אַ בעזונדער, אייגען־אַרטיג פאָלק, מיט אָריגינעלע בעשאַפונגס־כחות, וועמעס געשיכטע עס איז נאָך ניט צו ענד, — וואָס מוז דעריבער קעמפען פאַר לעבענס־בעדינגונגען, און וועלכע עס זאָל קאָנען פריי ענטוויקלען זיין נאַציאָנאַלע אינדיווידואַליטעט.

ווי פערבונדען די צוויי אַרגומענטען זאָלען ניט זיין, איז פונדעסטוועגען יעדער פון זיי פאַר זיך גענוג, כדי צו בעגרינדען די ציוניסטישע אָדער אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע פאָדערונג פון אַ זעלבסטשטענדיגען אידישען לעבען. און וויילע דאָס איז אַזוי, ווייל יעדער אַרגומענט האָט גענוג וואָס צו זאָגען פאַר זיין פערטיידיגונג, האָבען זיך געפונען טעאָרעטיקער, וואָס האָבען זיך אָנגענומען נאָר פאַר איינעם פון זיי און האָבען ניט געוואָלט וויסען פון דעם אַנדערן. אָבער אין דער ציוניסטישער פּאָלעמיק פלעגט אויך גאַנץ אָפט אויסקומען, אַז איין און דערזעלביגער פובליציסט פלעגט אָפט אַריבערשפּרינגען פון איין שטאַנדפּונקט אויף דעם אַנדערן, ווי עס פלעגט פּאַסען אין דעם גאַנג פון דער פּאָלעמיק, לויט דער נאַטור פון דעם געגנער, מיט וועלכען מען האָט געהאַט צו קעמפען. האָט דער געגנער בשום אופן ניט געוואָלט איינזעהן, אַז אידען זענען אַן אייגענאַרטיגע אומה, אַ בעזונדער שפּייכלער פון אָריגינעלע קרעפטען, וואָס וואָלטען אַרויסגעבראַכט פאַר דער מענשליכער קולטור די שעהנסטע פּראָדוקטען, אויב נאָר מען גיט איהר די מעגליכקייט פאַר אַ זעלבסטשטענדיגען זיין אויף דער וועלט, — פלעגט זיך אָפט לוינען אויפצוגעבען די פּאָזיציע און אַריבערצוציהען דעם „צד־שכנגד" אויף דעם אַנדער קאַמף־פּלאַץ: דער פראַגע וועגען דעם אַנטיסעמיטיזם.

— גוט, לאָז זיין, ווי איהר זאָגט, אַז אונזער גאַנצע נאַציאָנאַלע „אָריגינאַליטעט" בעשטעהט אין דער אויסגעצייכענטער פעהיגקייט צו קאָפּירען דעם אַנדערן און זיך צו אַסימילירען מיט איהם. אין תוך אַריין, זענען מיר אויך ניט געגען דעם „שדוך" צווישען אידען און די אַרומיגע פעלקער. אָבער צו אַ שדוך, ווי איהר ווייסט, דאַרף מען האָבען דעם הסכם פון צוויי צדדים. ווי איז אָבער, אַז דער אנדער צד ו ו י ל ניט? איז דער וואַקסענ־

דער אַנטיסעמיטיזם נאָך אַלץ ניט קיין בעוויז פאַר אייך, אַז דער „שדוך" מוז זיך פאַנאַנדערגעהן, אַנטגעגען אונזער אייגענעם ווי־לען?

אויף דעם ענטפער פון דעם גענגער, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז נאָר אַן איבערבלייבס פון דעם מיטעלאַלטער, וואָס האַלט ביים פערשווינדען, אָדער אַ צייטווייליגער פּראָדוקט פון דער איצטיגער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, וואָס וועט אויפהערען מיט דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, פלעגט דער ציוניסט זיין געצוואונגען ארויסצופיהרען יענע טעאָרעטישע ארגומענטען זיינע, וואָס בעווייזען די „אייביגע שנאה צו דעם אייביגען פאָלק", וואָס אויף איהם קאָנען ניט האָבען קיין שליטה, ניט די צייט, ניט דער בילדונגס־גראַד פון די פעלקער, ניט די פאָרמען פון דאָס געזעלשאַפטליכען לעבען.

מיט אַ גענגער פון אַן אַנדער נאַטור פלעגט זיך אָבער אַרויס־וויזען פאָרטיילהאַפטער אין גאַנצען צו פערלאָזען דעם פונקט פון אַנטיסעמיטיזם און פערפעסטיגען די פּאָזיציעס אויף דעם פעלד פון אייגענער אָריגינאַליטעט.

— מיר גלויבען אויך, ווי איהר, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ צייטווייליגע ערשיינונג, וואָס מוז ווען עס איז פערשווינדען. און אין דער אמת'ן! פאַר וואָס זאָל מען אונז פיינד האָבען? האָבען מיר ווייניג געגעבען דער מענשהייט? זענען די אַנטיסעמי־טישע בעשולדיגונגען ניט אַ פּראָדוקט פון אונוויסענהייט, דומהייט און אונפערשעהמטע פּאָליטיש־רעאַקציאָנערע אינטריגעס? איז דער „בלוט־בלבול" אויף אונז ניט דער בעסטער בעוויז דערצו? איז ער ניט דער פּראָטאָטיפּ פון אַלע בלבולים, וואָס מען מאַכט אויף אונז? ניין — אויך ביי אונז אין הארצען לעבט דער גלוי־בען אין דעם פּראָגרעס פון דער מענשהייט. מענשען מוזען ווערען אויפגעקלערטער, קליגער, איידעלער. דער האַס פון מענשען־ראַסע צו מענשען־ראַסע קאָן ניט דויערן אייביג. אָ ב ע ר: — אַט די אַלע אַרגומענטען האָבען אַ ברעקעל ניט צו טהאָן מיט אונזער נאַציאָנאַלען פּראָגרעס. מיר זענען אַ קולטור־פאָלק פון אַ בעשטימ־טער אייגענער אַרט. מיר האָבען אויסגעאַרבייט אַן א י י ג ע־נ ע ם ו ו ע ג אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט. אין

אונזער אָ ר י ג י נ ע ל ע ן  ו ו ע ג — און נאָר אין איהם — ליעגט אונזער ווערטה און אונזער בעדייטונג פאַר דער קולטור. עס איז ניט נאָר אונזער וואונש, נאָר אונזער הייליגסטע פ ל י כ ט — ניט לאָזען פערלאָרען געהן אונזער אינדיווידואַליטעט. עס מוז אין ארץ ישראל בעשאַפען ווערן די מעגליכקייט פאַר א נייע אויפבליהען פון יענער אידישער קולטור, וואָס האָט שוין אַזוי פיעל אויפגעטהאָן פאַר דער ענטוויקלונג פון דער מענשהייט. עס מוזען ווידער פאַנאַנדערגעפלאַקערט ווערן די פייערן, אין וועלכע די אידישע נשמה וועט אויסדריקען איהר תוך און וואָס וועלען ווידער ווי אמאָל בעלויכטען דעם וועג פון דעם מענשליכען פראָגרעס. וואָס האָט דאָס צו טהאָן מיט דעם אנטיסעמיטיזם?

זאָל דער אַנטיסעמיטיזם היינטיגען טאָג פערשווינדען פון דער גאַנצער וועלט; נאָך מעהר! — זאָלען מאָרגען קומען אַלע מלכי מזרח און מערב און  ב ע ט ע ן  זיך ביי אונז: „קומט, און גיעסט אויף אונז אויס די מאַכט פון אייער גאָט־געבענשטען גייסט, ווערט אונזערע געלערנטע, אונזערע דענקער, סוחרים, קינסט־לער, דיפּלאָמאַטען,“ — וועלען מיר זיי זעהר שעהן אָבדאַנקען פאַר זייער גוט הארץ, אָבער אָננעהמען זייער איינלאַדונג וועלען מיר ניט קאָנען, וועלען מיר ניט  ט אָ ר ע ן. מיר וועלען זיי זאָגען: „דוקא ווייל די מענשהייט איז אונז טייער האָבען מיר קיין רעכט ניט צוצולאָזען, אַז די אידישע אָריגינאַליטעט זאָל פערטרונקען ווערען אין א פרעמדער קולטור. דאָרטען קאָן זי נאָר העלפען פער־שטאַרקען און ענטוויקלען אַזוינס, וואָס איז שוין דאָ און וואָס קאָן וואַקסען אָהן אידישע כחות אפשר נאָך בעסער, איידער מיט זיי. אָבער אין אַן אייגענער נאַציאָנאַלער, פרייער און זעלבסט־שטענדיגער אטמאָספערע, וועלען מיר, — ווי יעדער אַנדער טאַ־לאַנטפאָלעס פאָלק, — בעשאַפען עפּעס אַזוינס, וואָס קיין אַנדער פאָלק קאָן ניט אַרויסברענגען. אָבזאָגען זיך פון דעם אידעאַל, וואָלט געווען א פערברעכען ניט נאָר אַנטקעגען דעם אייגענעם „זעלבסט“, וואָס מיר שפּיהרען אין אונז, נאָר אויך א פערברעכען אַנטקעגען דער גאַנצער מענשליכער קולטור!...

אמת, ניט יעדער איד וועט דענקען אַזוי. די אָריגינאַליטעט פון א פאָלק לעבט אַם שטאַרקסטען אין זיינע זשעניען, אין זיינע

יחידי־סגולה. די מיטעלמעסיגע טאלאנטען און די שוואכערע נאַ־טורען וועלען נאָך מעהר צוגעצויגען ווערן צו דער פרעמדער קולטור, איידער איצטער, און מיט דעם אָבשוואכען פון דעם אנטיסעמיטיזם וועט פערשטארקט ווערן די אסימילאציע. אָבער עס וועלען בלייבען די אויסדערוועהלטע, די אָריגינעל־פיהלענדע יחידים. זיי וועט זיין ענג אין דער פרעמדער אטמאָספערע, און זיי וועלען ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, — ווי זיי טהוען עס איצטער, — פערלאָזען די פריינדליכע פרעמדע און לויפען צוריק אין דער פער׳יתום׳טער היים. זיי וועלען לויפען ניט מחמת די רדיפות, ניט ווייל עס איז ניטאָ וואו זיך אהין־צו־טהאָן, ניט אויס נ ו י ט, נאָר אויס וואוילטאָג, ד. ה. אויס ג י י ס ט י ג ע ר נויט, — אויס דעם שטרעבען צו בלייבען טריי דעם אייגענעם שטארקען „איך" און אראָבצו־ווארפען פון זיך אלע שקלאווען־שטריק, מיט וועלכע דער גלות האָט געבונדען אונזער שאפענדען גייסט. אָט די שטארקע אָריגינעלע אידען וועלען ביסלעכווייז אויפבויען אין ארץ־ישראל די נייע אידישע קולטור.

און אז עס וועט שלאָגען די שטונד — און די בוימער פון יענער קולטור וועלען צייטיג ווערן און אריבערוואקסען די גרענעצען פון דער אייגענער היים, — יעמאָלט וועלען אויך די אסימילירטע אידען פון דער גאנצער וועלט צוגעצויגען ווערן צו זיי. יעמאָלט וועט אויך זייער הארץ אָנהויבען בענקען נאָך דער אידישער קולטור, נאָך דעם „יודענטום", דער שעהנער „יהדות", וואָס איז אויסגעוואקסען אין דעם ווידער־בעלעבטען ארץ־ישראל. ארץ־ישראל וועט יעמאָלט ווערן דער גייסטיגער צענטער, דער „מרכז רוחני", פאר די אידען פון דער גאנצער וועלט. זייער שאפען וועט זיך אוועקשטעלען אונטער דער השפעה פון דעם אָריגינעלען קוואל, וואָס שלאָגט אין דעם אייגענעם לאנד, — די אידישע אָריגינאליטעט וועט געשטארקט ווערן אומעדום — און דאָס נאַציאָנאל־אידישע פראָבלעם וועט זיין פערענטפערט...

די צוויי פערשיידענע שטרעמונגען אין דער ציוניסטישער טעאָריע, וואָס מיט זיי ביידע בענוצט זיך אָפט דער פראָפאגאנדיסט, זענען לעת־עתה נאָך אזוי וועניג הארמאָניש צונויפגעשטימט, אז זיי האָבען אין דער ווירקליכקייט ארויסגערופען צוויי ר י כ -

טונגען, וואָס שטרייטען פאַר דער אויבערהערשאַפט אין דעם ציוניסטישען לאַגער. די איינע, וואָס גרינדעט זיך אויף דעם פּראָבלעם פון דעם אַנטיסעמיטיזם, שליעסט זיך אָן דירעקט אָן די אַרבייטען פון דעם פריהערדיגען אַסימילאַטאָרישען דור, מיט זיינע בעשטרעבונגען צו „עמאַנציפּאַציאָן" און צו דער פערענט־פערונג פון דער „יודענפראַגע", דער „שאלת היהודים". די אַנדערע גרייפט אַריין טיעפער אין דעם פּראָבלעם, פערבינדט זיך ענגער מיט דער גאַנצער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק, פיהלט זיך נעהנטער צו די דורות, וואָס איידער דער אַסימילאַציע, און האָט הויפּטזעכליך אין זין צו פערענטפערן די „יודענטום־פראַגע", די „שאלת היהדות". די ערשטע פיהרט דירעקט צו דעם ריינעם „פּאָליטישען ציוניזם" פון אַ הערצל און נאָרדוי; די אַנדערע געפינט איהר אויסדרוק אין דער חובבי ציון בעוועגונג, דער חובבי־שפת־עבר־בעוועגונג און אין די טעאָריען פון אַן אחד העם.

היסטאָריש אָבער האָט זיך די ערשטע שטרעמונג פריהער בעוויזען אין לעבען, און די אידען־פראַגע, מיט איהר צענטראַלען אַנגעוועהטיגטען פונקט, דעם אַנטיסעמיטיזם, איז אַ לאַנגע צייט געשטאַנען אויף דעם ערשטען פּלאַן אין אַלע ציוניסטישע בעטראַכטונגען.

שוין די ערשטע שריפט פון דער ווידערבעלעבונגס־ליטעראַטור. די „אויטאָ־עמאַנציפּאַציאָן" פון דר. פּינסקער (1883) לעגט אַוועק אין דעם פונדאַמענט פון דער נאַציאָנאַלער בעוועגונג אַ נייע טעאָריע וועגען דער נאַטור און דער בעדייטונג פון דעם אַנטיסעמיטיזם. פּינסקער'ס בליק אויף דער פּראָבלעם איז אין אמת'ען זין פון דעם וואָרט רעוואָלוציאָנער, ווייל ער בעשאַפט אַ נייע עפּאָכע פון דער ענטוויקלונג פון דעם אידישען געדאַנק, און מאַכט אין גאַנצען אַ תל פון אַלע געדאַנקען וועגען יענעם ענין, וואָס האָבען געהערשט ביי דעם פריהערדיגען, אַסימילאַטאָריש־משכילים'שען דור.

דר. פּינסקער איז ביז צו די פּאָגראָמען פון די 80־ער יאָהרען אַליין געוועזן אַן אַסימילאַטאָר און איז אויסגעוואַקסען אין אַן אַטמאָספערע פון געבילדעטע אַסימילאַטאָרען. ווי ביי די בעסטע און איידעלסטע טיפּען פון דער אַסימילאַטאָרישער צייט האָבען אויך אין

זיין ברוסט געלעבט צוויי גרויסע לײדענשאַפטען: אַ פערגעטע־
רונג פון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאציע, פעראייניגט מיט אַן
אמת'ען טיעפען געפיהל פון רחמנות צו יענע דערשלאָגענע מענ־
שען, וואָס רופען זיך אידען און וואָס זענען געבליעבען אין זייער
קולטור אזוי וויים הינטער דעם פּראָגרעס פון דער צייט. אָנפילען
די נשמות פון יענע דערשלאָגענע בעשעפעניסען מיט דער מאָדער־
נער אייראָפּעאישער קולטור, אויסגלייכען זייערע איינגעבויגענע רו־
קענס, אריינגיטען אין זיי דעם שטאָלצען בעוואוסטזיין פון זייער
מ ע נ ש ל י כ ע ר חשיבות, — דאָס איז געוועזן דער צענטראל־
פונקט אויך פון די טהעטיגסטע מיטגליעדער פון דער חברה „מפיצי
השכלה“, וואָס איז יעמאָלט געפיהרט געוואָרען דורכאויס אין דעם
אסימילאטאָרישען גייסט. אין דעם גלויבען, אז די אָנפילונג פון
אידישע נשמות מיט רוסישע קולטור וועט סוף־כל־סוף פיהרען צו
זייער רעכטליכער „עמאנציפּאציאָן“, צו זייער גלייכשטעלונג מיט
דער איבעריגער בעפעלקערונג, — אין דעם האָט פינסקער אקוראט
אזוי ווייניג געצווייפעלט, ווי אלע אנדערע פון זיין צייט און פון
זיין ריכטונג.

אָבער דאָ האָבען זיך אָנגעהויבען די פּאָגראָמען און נאָך פריהע־
ער פאר זיי, — ווי ווייטע דונערן, וואָס זאָגען אָן דעם אָנקומען
פונ'ם שטורעם, — די אנטיסעמיטישע בעוועגונג אין דייטשלאנד
און עסטרייך־אונגארן. ווי א בליץ פון קלאָרען הימעל האָבען די
ערשיינונגען געמוזט ווירקען אויף אזוינע ערנסטע און טיעפע נאטו־
רען, ווי דר. פינסקער. דער מ ע נ ש אין איהם, וואָס האָט שוין
לאנג אויסגעגלייכט דעם רוקען, דער רעספּעקט צו זיך אליין, האָט
פערוועהרט צו קוקען גלייכגילטיג, ווי די אידישע עהרע ווערט גע־
טראָטען מיט די פיס, אָדער אָבצו'פטר'ן דעם פּראָבלעם מיט אַ
פּאָר פּראָגרעסיווע פראַזען. און ניט נאָר דער רעספּעקט צו זיך
אליין, דער חוב צו דער איינענער עהרע, — דער רעספּעקט צו די
אייראָפּעאישע פעלקער האָט נאָך אין א גרעסערער מאָס פערוועהרט,
מען זאָל זיך בעגעהן מיט דעם אנטיסעמיטיזם, בלויז ווי מיט א
פּראָדוקט פון אונוויסענהייט, דומהייט אָדער מאָראלישער פערדאָר־
בענהייט.

פינסקער האָט צו־גוט פערשטאַנען, ווי אויבערפלעכליך עס איז

צו דערקלעהרען די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד מעהר נישט ווי דורך דער צולאַזענקייט און דער ווילדער רציחה פון דעם שכור'ען „מוזשיק", און צו־צו־שרייבען דעם אנטיסעמיטיזם אין מערב־איראָפּאַ מעהר נישט ווי צו דער טייוועלשער אינטריגע פון ביסמארק'ן, וואָס האָט איהם אויסגענוצט ווי אַ קאַמף־מיטעל אנטקעגען דעם דייטשען, פון אידען־געשטיצטען ליבעראַליזם. פינסקער האָט קלאָר געזעהן, אַז סיי אין רוסלאַנד, סיי אין אויסלאַנד, ווערט ניט נאָר דער המון, נאָר אויך אַ גרויסער טייל פון די געבילדעטע מיטגעריסען מיט'ן נייעם געפעהרליכען שטראָם, און עס איז איהם געווען שווער צו גלויבען, אַז אזא טיעפע און מעכטיגע פאָלקס־בעוועגונג, וועלכע נעהמט ארום — אָפט אָדער פערשטעלט — כמעט אַלע שיכטען פון יענע פעלקער, וואָס האָבען בעשאַפען די מאָדערנע איראָפּעאישע קולטור, — אַז אזא בעוועגונג זאָל ניט האָבען טיעפערע אורזאכען, איידער די מארק־שרייערישע פראַזען פון אַ פּאָר צייטונגס־שמירערס.

דר. פינסקער איז ניט געוועזן ניט קיין נאַציאָנאַל־עקאָנאָם, ניט קיין סאָציאָלאָג, נאָר אַן ארצט. און אין דער ערפאַהרונג פון זיין וויסענשאַפט האָט ער געזוכט דעם ענטפער אויף דעם פערפּלאָנטערטען רעטעניש. אין דעם אנטיסעמיטיזם פון די אויפגעקלערטע און עהרליכע איירָאָפּעער האָט ער ענדעקט קלאָרע סמנים פון יענעם שגעון, וואָס איז בעקאַנט אין דער פּסיכאַטריע אונטער דעם נאָמען „פּסיכאָז". „דער אנטיסעמיטיזם", זאָגט ער, „איז אַ פּסיכאָז. ווי אַ פּסיכאָז, איז ער פערערבליך. ווי אַ פערערבליך געוואָרענער פּסיכאָז איז ער אונהיילבאַר."
אין דריי זאצען האָט ער אויסגעדריקט דעם גאַנצען תוך פון זיין בליק אויף דעם אנטיסעמיטיזם, דעם גאַנצען באַנקראָט פון דער אַלטער אסימילאַטאָרישער טעאָריע און דעם גאַנצען יאוש פון זיין האַרצען בנוגע צו אַ בעסערער צייט פאַר די אידען אין גלות: **די בעסערע צייט קאָן קיין מאָל ניט קומען.**

פינסקער'ס פּסיכיאַטרישע טעאָריע פונ'ם אנטיסעמיטיזם איז געוויס איינזייטיג. זי רעכענט זיך נאָר מיט דער פּסיכאָלאָגישער זייט פון דער ערשיינונג און בעמערקט ניט די פערוויקעלטע סאָציאַ־

קע, פּאָליטישע, רעליגיעזע און עקאָנאָמישע מאָמענטען, וואָס קאָנען נאָך שארפער מאכען דעם איינגעבאָרענעם „פּסיכאָז“. אָבער אין יענער צייט איז גראָד די איינזייטיגקייט געוועזן פון אַ גרויסען ווי־סענשאַפטליכען ווערטה. די ריין קולטורעלע סבות פון דעם אַנטי־סעמיטיזם, וואָס האָבען זיך פריהער געוואָרפען אין אויג האָבען פערדעקט דעם עיקר פון דעם פּראָבלעם, — זיין נאַציאָ־נאַלען תוך. ערשט די פּסיכאָלאָגישע ... פון דער ערשיי־נונג פיהרט אונז דירעקט צו איהר פערבאָרגענסטען קוואַל: צו דער נאַציאָנאַלער פערשיידענקייט פון „איד“ און „ניט־איד“. ס'איז ווערטה צו בעמערקען, אַז כמעט אין דערזעלביגער צייט איז אין רוסלאַנד ערשינען אַן ארטיקעל וועגען דער אידען־פּראַגע פון דעם בעריהמטען שצעדרין־סאַלטיקאָוו, וואו ער רעכענט זיך שארף אָב מיט דעם אָפיציעלען רוסישען אַנטיסעמיטיזם, און וואו ער געפינט צווישען די אורזאַכען, וואָס ברענגען איהם ארויס, אויך אַ טיעפען פּסיכאָלאָגישען מאָמענט: „די אונבעוואוסטע קאַפּריזען פון אַ ראַסען־כאַראַקטער“ („בעזסאָזנאַטעלניע קאַפּריזי ראַסאָוואָוואַ כאַ־ראַקטערא“). וואָס איז דאָס אַזוינס, אויב ניט דערזעלביגער „ראַ־סען־שגעון“, - דער ...ערבליכער פּסיכאָז?

דער נייער בליק ... דעם אַנטיסעמיטיזם איז געוועזן אַ רעוואָלוציע אין געדאַנק און אַ רעוואָלוציע אין געפיהל. דער אַסימי־לאַטאָר, וואָס האָט זיך פערטיעפט אין דעם נייעם געדאַנק און איהם דורכגעלעבט, איז ארויס מיט אַ גאַנץ אַנדער נשמה: מיט אַ געבראָכענער, פער'צער'טער, אויב זיין נשמה איז געוועזן שוואַך; מיט אַ שטאָלצער און מוטיגער, אויב זי איז געוועזן יונג און קרעפ־טיג. אַ גאַנץ אַנדער שטעלונג צו דעם אידען און צו דער אַרומיגער וועלט האָט ער ארויסגעטראָגען פון איהם. טיעף אין מוח זענען אריין געגליהט געוואָרען די פיער יסודות פון דער נייער טעאָריע:

1. די גרונד־בעדינגונג, וואָס מאַכט מעגליך דעם אַנטיסעמי־טיזם, ליעגט אין דעם פאַקט, וואָס מיר זענען אַ בעזונדער פאָלק, פרעמדע, פערוואָגעלטע יתומים, וואָס וועלען קיין מאָל ניט ווערען קיין אייגענע.

2. אויפקלעהרונג און ציוויליזאַציע זענען מאַכטלאָז אין

דעם קאמף מיט דעם אנטיסעמיטיזם, — סיידען אמשר שפעטער אין הונדערטער און הונדערטער יאהרען ארום.

3. וואס מעהר מיר וועלען צושטעהן צו דער פרעמדער קולטור אלץ גרעסער וועט ווערען דער האס צו אונז, ווייל עס וועט ווערען אלץ נעהנטער דער בעריהר, וואס רופט ארויס דעם שנאה, און אלץ צאהלרייכער וועלען ווערען די בעריהר־פונקטען.

4. דער אנטיסעמיטיזם איז ניט קיין פראדוקט פון שלעכטקייט און בייז. ער איז א טראגעדיע, אין וועלכער קיינער איז ניט שולדיג; א בלינדע נאטור־מאכט, וואס איהר ווירקען קאן אויסגערעכענט ווערען אויף א פריהער. עס זענען ניטא קיין לענדער און פעלקער פון דעם אייראפעאיש־אמעריקאנישען קולטור־קרייז, וואס זאלען זיין פריי פונ׳ם אנטיסעמיטיזם. איז ערגעץ וואו דא א לאנד, אדער פאלק, וואס איז אין גאנצען ריין פון דער קרענק, אדער וואו זי ווייזט זיך ארויס אין זעהר א שוואכען און מילדען גראד, איז דאס ניט קיין צייכען פון א העכערער קולטור אדער פון אן איידעלערן כאראקטער. עס איז נאר א סימן, אז דער טיעף־איינגעווארצעלטער פסיכאז איז נאך ניט אויפגערייצט; אז אידען זענען נאך דארטען אין א צו קליינער צאהל, אדער שפיעלען א צו אומבעדייטענדע ראליע אינ׳ם עפענטליכען לעבען. זאלען אידען אריינוואנדערן אהין אין א גרעסערער צאהל, און זייער בעדייטונג אינ׳ם עפענטליכען לעבען זאל ווערען א גרעסערע, — און דער אנטיסעמיטיזם וועט מוזען ערוואכען. פאר יעדען ערפאלג, וואס דער אידישער יחיד וועט אויסקעמפען אין לעבען, וועט דאס אידישע פאלק שפעטער מוזען בעצאהלען מיט זיין גוט און בלוט.

דאס פראבלעם, וואס פינסקער האט אויסגעשטעלט פאר דער אידישער ווינענשאפט, איז אבער נאך איהם ניט בעדייטערט געווארען מיט קיין נייער ערנסטער אויספארשונג. מען האט זיך בעגנוגענט מיט די פאר אלגעמיינע יסודות. דער ציוניסטישער געדאנק האט נאר געזאמעלט וואס מעהר פאקטען פון דעם לעבען, כדי אויסצונוצען זיי אין דער פראקטישער אגיטאציע. פאר א וויסענשאפטליכע פ ע ר ט י ע פ ו נ ג פון דעם פראבלעם, וואס זאלט אויפגעדעקט די איינזייטיגקייט פון דער נייער טעאריע און

ממילא אפשר אויך אויסגעפונען מיטלען, ווי אָבצושוואַכען די ווירקונגען פון דעם פסיכאָז, אויב ניט אין גאַנצען צו פּאַראַליזירען זיין מאַכט, איז ניט געווען ניט קיין צייט, ניט קיין לוסט.

דער ערשטער רעזולטאַט פון דער נייער בעוועגונג — און אפשר אויך דער שעהנסטער און דער וויכטיגסטער — איז געווען דאָס אויפבליהען פון דעם מענשליכען שטאָלץ אין דעם אידען און דעם אידישען שטאָלץ אין דעם מענשען. עס האָט זיך ניט געוואָלט נאָך מעהר גריבלען אין אזא קראַנקען און בעליידיגענדען שטאַף, ווי דער האַס און די פעראַכטונג צו אונז; בעשמוצען די איינענע נשמה מיט דעם שטינקענדען אייטער פון דעם אַנטיסעמיטישען געשוויר. בפרט, ווען מען האָט געוואוסט, אז העלפען קאָן מען צו איהם גאָרניט, אז די איינציגע תרופה צו איהם איז — לאָזען איהם צו־רוה, ניט ווייטער איהם רייצען מיט דעם בלייבען אין גלות.

דער נאַציאָנאַלער שטאָלץ האָט גענומען וואַקסען, און מיט איהם — דער אינטערעס צו דער אידישער געשיכטע, צו אונזער גרויסער פערגאַנגענהייט. דאָ האָט דער יונגער נאַציאָנאַליסטישער דור געשעפּט די זיכערקייט, אז מיר זענען א פאָלק מיט רייכע אָריגינעלע בעשאַפונגס־כחות. מען האָט גענומען שפּיהרען דאָס ברויזען פון דיזעלביגע כחות אין דער אייגענער ברוסט, זיך פיהלען בחוש, ווי דער גלות ציעהט זיי איין אין אייזערנעם קאָרסעט און פערהויקערט זיי אין א העסליכער געשטאַלט. אַנשטאַט דער פראַגע פון דער אייגענער עקזיסטענץ און דער מלחמה פאַר דעם טרוקענעם, הוילען קיום אויף דער וועלט, איז אויסגעוואַקסען די פראַגע וועגען דער אייגענער פרייער און אָריגינעלער ענטוויקלונג. אַנשטאַט דער „שאלת היהודים" איז אַרויף אויפ'ן בימה די „שאלת היהדות" מיט איהר שטאָלצען בעשלוס, אז אויב מען זאָל אפילו זיך בעטען און קניען פאַר אונז — אין ליעבע און רעספּעקט — טאָרען מיר אויך ניט ווערן אונטריי דעם איינענעם „גייסט". — מיט דעם אַנטיסעמיטיזם האָבען זיך אינטערעסירט נאָר יענע אסימילאַטאָרען, וואָס האָבען גענומען פיהלען דעם באַנקראָט פון זייער טעאָריע, דעם צונויף־בראָך פון זייערע האָפנונגען.

דערוויילע זענען אונטערגעוואקסען יונגע לייט, וועמען די נייע באוועגונגען האט פערכאפט נאך איידער זיי האבען איבערהויפט געקאנט קלערען וועגען אסימילאציע, וואס זענען גלייך פון דער אלטער אידישער קולטור אריבער צו דער מאדערנעם נאציאנאליזם. אויף דעם אנטיסעמיטיזם האבען זיי געקוקט מיט דער פילאסאפישער אדער רעליגיעזער רוה פון דער אלטער וועלט, און האבען שוין בשום אופן ניט פערשטאנען, וואס חדוש'ט מען זיך דא אזוי און וואו ליעגט דא א פראבלעם. „מען האט פיינט אידען? — א נייס אין שטעדטיל! דער גוי שלאגט דעם אידען? אויף דערויף איז ער א גוי: ער וועט זיך שוין טאן זיינס, לאמיר נאר ניט פערגעסען צו טהאן אונזערס!....."

אויף אזא'ן אופן האט זיך אין דער ציוניסטישער טעאריע בעקומען אריבערטראגען דער שווער־פונקט פון דעם אנטיסעמיטישען פראבלעם אויף דעם פראבלעם פון דער אידישער אריגינאליטעט און עס איז אויסגעוואקסען די פארשטעלונג, אז דאס זענען צוויי ענינים, וואס זענען ניט נאר פון גרונד־אויס פערשיידען, נאר אויך פיינדליך איינער צו דעם אנדערן: וואס מעהר בעדייטונג עס געווינט פאר אונז די פראגע וועגען דער אייגענער אינדיווידואליטעט, אלץ ווייניגער האבען מיר זיך צו אינטערעסירען מיט דער פערשיידונג פון דעם אייביגען פעלקער־האס צו אונז.

אין אזא שטעלונג צו דעם אנטיסעמיטיזם ליעגט אבער א טיעפער און געפעהרליכער טעות. אין דער אמת'ען זענען דאס ניט צוויי פערשיידענע פראבלעמען, נאר צוויי זייטען פון איין און־דעם־זעלביגען פראבלעם. דאס אידישע פאלק, — א פאלק מיט שטארקע, אריגינעלע, שאפענדע כחות, לעבט אין קלייניגקע מינדערהייטען, צוזיט און צושפרייט צווישען אנדערע פעלקער. וואלט דאס געוועזען גלאט אזוי זיך אן עטנישע גרופע, וואלט זי זיך, אין קלייניגקע מינדערהייטען ווי מיר, זיך געלעבט שטיל און רוהיג אין איהרע דערפלעך אדער שטעטלעך, זיך רוהיג בעארבייט די ערד, אדער אפילו געפיהרט האנדעל און וואנדעל אין א מאס, וואס דופט ניט ארויס קיין קנאה און ציעהט ניט די אויפמערקזאמקייט צו זיך, וואלט יעמאלט גאנץ געוויס ניט געוועזען קיין „יודען־פראגע". אבער דאס זענען אידען. אידען מיט דער סינעטישער, ברוי־

זענדער ענטוויקלונג, וואס [illegible] — פאלק העכער און העכער און צווינגט זיי ארויף צו שווימען אומעדום אויבען־אויף, מיט האסט אריין צו דרינגען, וואו נאר א שפעלטעלע, — א נערוועז, אומרוהיג פאלק, וואס בעשאפט אומעטום ארום זיך אן אטמאספערע פון אומרוהע, ווייל עס איז פול מיט שאפענדע כחות, וואס מוזען זיך צו אפט ארויסרייסען מיט א נערוועזען געפילדער, סיי אין דעם בילדליכען, סיי אין דעם בוכשטעבליכען זין פון דעם ווארט.

אזא פאלק מוז צוציהען צו זיך די אויפמערקזאמקייט אויף יעדען טריט און שריט: און אויב עס זענען דא טיעפע בעהאלטענע קוואלען, פון וועלכע עס שלאגט א שנאה צו איהם, מוז זיך די שנאה ארויסרייסען אין אלערליי פארמען. עס איז דעריבער אונמעגליך זיך פארצושטעלען, אז די „מלכי מזרח ומערב“ זאלען ווען עס איז קומען זיך קניען און בוקען צו אונז. און כל זמן מיר וועלען געצוואונגען זיין צו לעבען אין גלות, כל זמן מיר וועלען ניט אויסגעפינען, ווי צו פאראליזירען די מאכט פון דעם אנטיסעמיטיזם, וועלען מיר זיך מוזען רעכענען מיט א „שאלת היהודים“, ווייל זי איז ניט שולדיג דערין, וואס די אנדערע זייט פון דעמזעלבינען פראבלעם רופט זיך „שאלת היהדות“.

.3

איידער מיר וועלען ווייטער שפינען דעם פאדים, וואו מיר האבען איהם געלאזען, ווילען מיר דא בקיצור דערמאנען דעם תוך פון אונזערע בעטראכטונגען.

דער אויפקלערונגס־פעריאד, וואס האט זיך אנגעהויבען אין דעם סוף פונ'ם 18־טען יאהרהונדערט, איז געקומען צו דעם אידישען פאלק מיט צווי, ענג צונויפגעבונדענע אידעאלען: „אסימילאציע“ און „גלייכבערעכטיגונג“. אין די צוויי אידעאלען—גלייך ווערען מיט דער ארומיגער וועלט אין דער קולטור און בעקומען גלייכע רעכט מיט איהר אין עפענטליכען לעבען—האט מען געזעהן די צוויי ראדיקאלסטע און בעסטע מיטלען, וואס מוזען מאכען א סוף צו דיזער נידעריגער קולטורעלער מדרגה פון דעם אידישען פאלק און אויך צו דעם אנטיסעמיטיזם, פון וועלכען מיר האבען אזוי שטארק געליטען.

אין בײדע פונקטען האבען די דאזיגע אידעאלען ניט אויסגעפיהלט וואס זיי האבען צוגעזאגט. די ווירקונג פון דער אסימילאציע אויף דעם מעמד פון דער אידישער קולטור לאזען מיר איצטער אין גאנצען ארוים פון שפיעל, ווייל דאס פערדיענט א בעזונדערע אונטערזוכונג*).

אונז אינטערעסירט דא די ווירקונג פון דער אסימילאציע אויף דעם אנטיסעמיטיזם, און ווענען דעם פונקט איז די אביעקטיווע אונפארטייאישע פארשונג געקומען צו דעם אונגערווארטעטען רעזולטאט, אז די אסימילאציע און די עמאנסיפאציע האבען ניט נאר ניט אבגעשוואכט דעם אנטיסעמיטיזם, נאר אדרבה, פערשטארקט ווען אפילו די אויסערליכע פארמען זיינע האבען ביי די ציוויליזירטע פעלקער בעקומען א מעהר ציוויליזירטען פנים. אלע פאקטען און ערשיינונגען פון דעם לעבען, וואס קאנען דא האבען א וואג, רעדען אבסאלוט קלארע רעיד, אז אין דעם מאס, אין וועלכען עס וואקסט די קולטורעלע דערנעהנטערונג פון אידען און ניט־אידען, וואקסט אויך דער האס פון ניט־אידען צו אידען.

דאס איז „דער ביטערער אמת", וואס מוז אויף א סך ערהליע און ערנסטע אסימילאטארען ווירקען ווי א דונער פון א הייטערען הימעל.

וואו ליגען די אורזאכען פון דער דאזיגער ערשיינונג?

דאס רוב איז מען גענויגט אנצונעהמען — און אויף דעם שטאנדפונקט שטעלט זיך אויך פראפעסאר ווערנער זאמבארט — אז די לעצטע אורזאך פון דעם אנטיסעמיטיזם, מוז מען זוכען אין דעם „בלוט־אונטערשייד", וואס צווישען אידען און ניט־אידען, — דאס הייסט, אין דער פערשיידענקייט פון דעם אידישען כאראקטער, פון זיין גאנצען פסיכישען וועזען, וואס ליעגט איהם טיעף איינגעווארצעלט „אין די אדערען" און וואס קאן קיין מאל ניט אבגעשאפט ווערן ניט דורך פאליטישע גלייכשטעלונג, ניט דורך קולטורעלע צופאסונג.

מיר ווילען דעם דאזיגען מאמענט פון „ראסען־פערשידענהייט"

*) די פראגע איז פון מיר בעריהרט געווארען אין דער ארבייט: די אסימילאציע, וואס זי זאגט און וואס זי גיט.

בשום אופן ניט לייקענען. נאָך מעהר: מיר געהן איצטער א שריט ווייטער און ווילען צוגעבען, — ווען אפילו מיר זענען אין דעם ניט זיכער, — אז עס קאָן קוים גרייליך געמאַלט זיין, אז די אידען האָבען איינגעבוירענע אנטיפּאַטישע שטריכען אין כאַראַקטער, וועל־כע מיר בעמערקען ניט, אָבער וואָס וואַרפען זיך דעם אנדערן אין די אויגען און וואָס מוזען ארויסרופען א גרייצטע שטימונג אנטגעג־נען אונז. יעדעס פאָלק האָט זיינע מעלות און חסרונות און אָפט מאָל זענען די חסרונות זיינע ניט מעהר, ווי די „סטרא אחרא“ פון זיינע מעלות. אָנגענומען, אז דער איד האָט אין דורכשניט זעהר א שאַרפען, רייכען, העכסט־ענטוויקעלטען פערשטאַנד, וואָס איז אָבער אין דערזעלביגער צייט פערבונדען מיט א געוויסער רויהקייט און ניט־ענטוויקעלטקייט פון דעם געפיהל, א געוויסער טעמפּקייט צו יענע טויזענדער הנאות פונ'ם לעבען, ווי ליעבע צו בלומען און חיות, צו דער נאַטור בכלל, צו געיעג און שפּיעל, צו בדויזענדע מוסקעל־קראַפט, וואָס פילען אויס דעם גרעסטען טייל פון דעם ניט אידישען געפיהלס־לעבען, און וואָס מוזען אפשר אויסקומען אין דעם אידענס אויגען צו קינדיש, צו „תם'עוואַטע“.

אָנגענומען, אז דער איד האָט אין דורכשניט א שטאַרקערען ווילען און א ברענענדע אמביציע צו דערגרייכען אלע העכערע און העכערע מדרגות אויף יענעם לעבענס־לייטער, אויף וועלכען ער האָט זיך אוועקגעשטעלט, — אָבער די דאָזיגע אמביציע און ענערגיע איז ביי איהם אפשר פערבונדען מיט אן אבסאָלוטער גלייכגילטיגקייט צו דעם גורל פון יענע, וועמעס אָרט ער וויל פערנעהמען, מיט אן אב־סאָלוטען מאָראַלישען ניט־פאַנאַנדערקלייבען די מיטלען, וועלכע עס טויגען איהם אין קאַמף.

אָנגענומען, אז דער איד האָט אין דורכשניט א שטאַרקען ווילען און אינסטינקט פון סאָציאַלער גערעכטיגקייט, וואָס האָט ארויסגע־בראַכט אויך זיינע נביאים, און וואָס טרייבט איהם עד היום ארייג־צומישען זיך אין אלע סאָציאַלע בעוועגונגען פון דער וועלט. אָבער דער אינסטינקט קאָן ביי איהם זיין פערבונדען מיט א קליינליכער „יעכט־האָבעריי“, וואָס וויל, ווי שיילאָק, האָבען זיין פונט פלייש, ווייל אזוי איז דער דין, וואָס ווערט זיך ביז'ן טויט

משפט'ען מיט'ן שכן פאר א פינגער ערד, וועלכע יעגער האט פערבאפט פון „זיינע".

אנגענומען, אז דער איד האט אין זיך די גרויסע ליידענשאפט פון דעם אידעאל, וואס רופט ביי איהם ארויס התלהבות און מסירת נפש צי א וועלכען עס איז גלויבען, צו א וועלכער עס איז אידעע; אבער אין דער זעלביגער צייט איז זיין אידעאלע התלהבות פערבונדען מיט א קליינליכען פאנאטיזם, וואס קאן ניט אריבערטראגען דעם געדאנק, אז אן אנדערער קאן דענקען אנדערש איידער ער און אויך זיין גערעכט, און ער קאן זיך ניט איינהאלטען: ער מוז געבען דעם אנדערן צו פיהלען זיין צארן און זיין שפאט.

אנגענומען, אז דער איד שטרעבט צו גרויס און הויך. אבער דאס איז ביי איהם פערבונדען מיט וויסטען „גרויס־האלטען זיך" און בלאזען פון זיך, מיט דעם „איך"־תאוה, אז אומעטום זאל די וועלט זיין פול מיט זיין נאמען, אומעטום זאל מיט איהם „קלינגען"...

און נאך א סך אזעלכע מעלות, וואס קאנען אזוי גרינג איבערגעהן אין חסרונות, וואלט איך געקאנט אנפיהרען פון דעם אידישען כאראקטער. בעטראכט מען די אלע מעלות, ווערט מען א יודאפיל; שטעלט מען זיך אב אויף די חסרונות, ארער שפירט מען גראד זייער ווירקונג אויף דעם אייגענעם רוקען, יעמאלט ווערט מען אן אנטיסעמיט.

איך וויל אלע אזעלכע בעטראכטונגען בשום אופן ניט לייקענען, — אבער בויען אויף זיי וואס עס איז  ו ו י ס ע נ ש א פ ט ל י ך זיכערעס איז לגמרי אונמעגליך: די מאדערנע וויסענשאפט האט הערוויילע נאר  א נ ג ע ט א פ ט  דעם זיכערען פאקט, אז עס זענען דא נאציאנאלע אונטערשיידען אין דעם כאראקטער און אין דער נאנצער פסיכיק פון דעם מענשען און אז עס קומען אויך פאר נאציאנאלע סימפאטיען און אנטיפאטיען, „אונבעוואוסטע קאפריזען פון דעם ראסען־טעמפעראמענט", ווי סאלטיקאוו רופט עס אן. אבער די וויסענשאפט האט נאך ניט אפילו די ריכטיגע מעטאדען, ווי אזוי צו קלייבען און ריכטיג צו בעשרייבען דעם נויטיגען מאטעריאל, שוין אבגערעדט דערפון, אז זי טאר איצטער נאך גאר ניט חלומ'ען וועגען אויפשטעלען געוויסע פאזיטיווע בעהויפטונגען אויף דעם דאזיגען פעלד.

מיר האָבן פון אונזער זייט געפרובט דערקלערן ניט דעם פאַקט פון אַנטיסעמיטיזם, נאָר זיין שטענדיגען בריען און זיין שטאַרקערען אויפפלאַקערן אין דער לעצטער צייט, דורך די עקאָנאָמישע קאָנקורענץ, וואָס האָט אַלע מאָל געהערשט צווישן דעם אידישען סוחר און דעם ניט־אידישען, און וואָס האָט אין דער לעצטער צייט זיך אַריינגעכאַפּט אין די אינטעליגענטע פּראָפעסיאָנען. אומעטום, וואו אַ הענדלער אָדער אַ דאָקטאָר אָדער אַ לעהרער זעהט אַז זיין „קונה" אָדער „קליענטעל" ווערט בעזיגט דורך אידישען מסחר אָדער אידישען גייסט, צינדט זיך אין איהם אָן דער פלאַקער פון דער אַלטער שנאה צו אונזער פאָלק.

דער אידישער פאָלקס־אָרגאַניזם איז ניט קיין נאָרמאַלער. איהם פעהלען די מוסקולען מיט די קנאָכען, ד. ה., יענע קלאַסען, וואָס ציהען זייער חיונה דירעקט פון דער נאַטור. ער בעשטעהט כמעט אין גאַנצען פון „אָדערען" (הענדלער), „נערווען און מאַרך" (אינטעליגענטע פּראָפעסיאָנען). זיינע אָדערן־צעלען און נערווען־און־מאַרך־צעלען מוזען אַריינדרינגען אין אַ פרעמדען אָרגאַניזם, כדי זיי זאָלען קאָנען לעבען. אַזוי ווי דער פרעמדער אָרגאַניזם, קאָן זיי ניט איבערקאָכען — ער איז שוין אַזאַ האַרטנעקיגער עלעמענט, דער איד, — מוזען די אידישע צעלען בלייבען שטעקען, ווי בלאָז־שפּליטער, אין די פאָרען פון'ם פרעמדען גוף. כל זמן די ניט־אידישע בעפעלקערונג האָט נאָך ניט קיין אייגענע ענטוויקעלטע „אָדערן־צעלען" און „נערווען־און־מאַרך־צעלען" זענען איהר די „בלאָז־שפּליטער" מעהר אָדער ווייניגער ניצליך און מען דולדעט ווי עס איז דעם אידען. אָבער ווי נאָר עס הויבען זיך אָן אויסצובילדען אייגענע אָדערן און אַן אייגענער נערווען־און מאַרך־סיסטעם — אַזוי פיהלען זיי ווי די בלאָז־שפּליטער שטעכען זיך אין זיין אַריין; זיי ווערען „אָנגעצונדען" און רופען אַרויס אַ העפטיגען פיבער אין דעם גאַנצען פאָלקס־אָרגאַניזם, צו וועלכען זיי געהערען.

אָבער ווי איהר זאָל ניט ערקלערען דעם שורש פון אַנטיסעמיטיזם, איין זאַך מוז קלאָר זיין פאַר יעדען איינעם: די אָבשטויסונגס־קראַפט, וואָס הערשט ביי דעם ניט־אידען בנוגע צו דעם אידען, מוז, — ווי יעדע אָבשטויסונגס־קראַפט אין דער נאַטור — ווערען אַלץ שטאַרקער, וואָס נעהענטער דער איד ווערט צוגערוקט

צו דעם ניט־אידען. וואס מעהר אידען דרינגען אריין אין דער ניט־אידישער געזעלשאפט, וואס מעהר „גלאז־שפליטער״ עס ווערן צו־וועצט איבער דעם גאנצען ניט־אידישען קערפער; וואס מעהר פונקטען עס ווערן בעשאפען פאר דעם קאנקורירענדען בעריהר פון דעם אידען מיט דעם ניט־אידען, אלץ העלישער מוז זיך פאנאנדער־ברענען דער פייער פון דער אייביגער „רשעות״ צו אונז. און דאס מוז געשעהען מיט דערזעלביגער אייזערנער נאטור־נויטווענדיגקייט מיט וועלכער עס ווערט געבוירען דער בליץ און דער דונער אין די מיט עלעקטריע אנגעלאדענע וואלקענס.

וואס איז די סגולה אנטגעגען דעם אנטיסעמיטיזם? דער וואס האט קלאר איינגעזעהן די אורזאכען, וואס רופען איהם ארויס, אדער וועניגסטענס די קראפט, וואס מאכען שטארקער און געפעהרליכער זיינע אויסברוכען, יענער קאן געבען נאר איין ענטפער אויף דער שאלה: אויב די בעריהרונג פון איד און ניט־איד אומעטום, וואו צווישען זיי איז מעגליך א קאנקורענץ, מוז ארויסרופען דעם עלעק־טרישען פונק, איז דער איינציגער מיטעל אנטגעגען דעם — ניט צולאזען צו דער בעריהרונג. אנשטאט צו דערנעהענטערען דעם אידען צו דעם ניט־אידען, דארף מען נאר זעהן צו דערווייטערן איהם...

דער אויספיהר, צו וועלכען מיר זענען געקומען, קלינגט אזוי מאוים׳דיג רעאקציאנער, אז יעדער מעהר אדער וועניגער פראגרע־סיווער איד מוז זיך דערביי א כאפ טהאן אין פערצווייפלונג פאר׳ן קאפ. דערווייטערען דעם אידען פון דער ניט־אידישער וועלט! וויע־דער אויסגראבען א תהום צווישען אידען און דער מענשהייט, וויע־דער פערשפארען אונז ערגעץ־וואו אין א פערפעסטעטען גייסטיגען אדער מאטעריעלען געטא! און נאך א טויז אנדערע אויסגעשרייען, דיקטירט פון אמת׳ען כעס, קאן איך מיר משער זיין, וואס זאלען אויסדריקען דעם פראטעסטירענדען צארן פון דעם פראגרעסיווען אידען אנטגעגען אט דער נאקעטער „רעאקציאנערער״ פארמול: דערווייטערן דעם אידען פון דעם ניט־אידען. און די אלע פרא־טעסטירענדע אויסגעשרייען וואלטען געווען אבסאלוט גערעכט, ווען מיר וואלטען געזאגט, אז מען מוז דערווייטערן דאס אידישע

פאָלק פון דער אלגעמיין־מענשליכער קולטור און פון די אלגעמיין־מענשליכע אינטערעסען. מיר אָבער האָבען געזאָגט: דערוויי־טערן דעם אידען פון דעם ניט־אידען, און דאָס זענען צוויי דורכאויס פערשיידענע זאכען.

די אלטע רעליגיעזע אידישע וועלט האָט אָנגעווענדעט אלע איהרע כוחות כדי צו דערוויימערן דאָס אידישע פאָלק פון דער אל־געמיין־מענשליכער קולטור — און דאָס האָט זיך איהר איינגעגעבען. האָט זי אָבער אויך געוואָלט דערווייטערן דעם אידען פון דעם ניט־אידען? ניין, בשום אופן ניט! „לעבען זאָל מען צווישען גוים, שטאַרבען צווישען אידען", זאָגט די אַלטע אידישע וועלט. דאָס הייסט, יעדער איינצעלנער איד זאָל זעהען וואָס טיעפער אריינצו־דרינגען צווישען די גוים, כדי צו ציהען פון דאָרטען די חיונא, אָבער דערביי מוז ער בלייבען ארומגערינגעלט מיט אַן אייגענער גייסטי־גער אַטמאָספערע, וואָס זאָל ניט צולאָזען צו איהם דעם גוי'ס טומאה. אין „רוחניות" זאָל דער איד זיין דערווייטערט פון גוי, אין „גשמיות" אָבער זאָל ער ביי איהם זיצען אויפ'ן נאַקען.

די נייע אויפגעקלערטע אסימילאַטאָרישע וועלט האָט זיך מיט דער דאָזיגער „גשמיות" ווייניג וואָס אינטערעסירט. אין איהר האָט זי ניט געטראַכט אריינצוברענגען קיין ראדיקאלע ענדערונגען. לאָ־זען זיך בלייבען די אידען ווי גלאַז־שפּליטער צוזעעט אין אַלע פּאָרען פון דעם פרעמדען אָרגאַניזם. וויכטיג איז נאָר, אז די „רוחניות"'־דיגע שוץ־אַטמאָספערע, וואָס האָט ארומגערינגעלט יעדען איינצעל־נעם אידען, זאָל פערשווינדען; וויכטיג איז נאָר, אַז די גוי'אישע „טומאה" זאָל דורכנעהמען אין גאַנצען דעם אידען. יעמאָלט וועט דער גלאַז־שפּליטער פערליערען זיין האַרטנעקיגע קראַפט און ער וועט צוגעהן, ווי אַ קערענדעל זאַלץ, אין דעם פרעמדען בלוט.

די דאָזיגע חלומות פון „צוגעהן אין דעם פרעמדען בלוט" זענען אָבער איצטער פערשוואונדען. קיין ניכטערער מענש, וואָס האָט נאָר אַ ברעקעלע חוש פון ווירקליכקייט, וועט שוין איצטער ניט טראַכטען וועגען „צוגעהן אין פרעמדען בלוט". די ווירקליכקייט האָט בעוויעזען, אז דאָס פערשווינדען פון דער „רוחניות"'דיגער אַטמאָספערע האָט אַ ברעקעל ניט פערענדערט די סובסטאַנץ פון דעם גלאַז־שפּליטער. אדרבה, זיין שטעכען האָט זיך גענומען פיהלען

נאָך שטאַרקער, און אזוי זענען מיר צוריקגעוואָרפן צו דער לאַגע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון דער אַלטער, רעליגיעזער וועלט, און מוזן איבער־אַ־ניים זוכן אַן אויסוועג.

און דער אויסוועג איז קלאָר. די אַלטע רעליגיעזע וועלט האָט געוואָלט גייסטיג דערווייטערן דאָס אידישע פאָלק פון דער אַלגע־מיין־מענשליכער קולטור, דערפאַר אָבער עקאָנאָמיש דערנעהענטערן דעם אידען צו דעם ניט־אידען. מיר ווילען פונקט פערקעהרט: גייסטיג דערנעהענטערן דאָס אידישע פאָלק צו דער אַלגעמיין־מענש־ליכער קולטור און צו די אַלגעמיין־מענשליכע אינטערעסען; דערפאַר אָבער עקאָנאָמיש איזאָלירען דעם א י נ צ ע ל ־ א י ד פון דעם ניט־איד.

עס פערשטעהט זיך, אַז מאַטעמאַטיש גענוי קען אַזאַ פאָרמעל קיין מאָל ניט דורכגעפיהרט ווערען אין לעבען און ז אָ ל קיין מאָל ניט דורכגעפיהרט ווערען. אין דער סאָציאָלאָגיע האָט מען אַלע מאָל צו טהאָן נאָר מיט פּרינציפּען, וואָס הערשען אין גרויסען און גאַנצען און וואָס מוזען צולאָזען אויסנאַהמען אין די איינצעלהיי־טען. די עקאָנאָמישע בעציהונגען צווישען אידען און ניט־אידען מוזען געבויט ווערן אויף דעם זעלביגען יסוד, אויף וועלכען עס רוהען די עקאָנאָמישע בעציהונגען צווישען אַלע אַנדערע נאָרמאַלע פעל־קער. דער גרעסטער טייל פון אידישען פאָלק דאַרף אויפהערען צו פיהרען אַ פּאַראַזיטען־לעבען אויף אַ פרעמדען אָרגאַניזם. ער דאַרף ציהען זיין חיונא ד י ר ע ק ט פ ו ן ד ע ר נ א ט ו ר. דער האַנדעלס־שטאַנד און די פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ דאַרפען לע־בען דירעקט פון דער אידישער אַרבייט, כל זמן דאָס עקאָנאָמישע לעבען וועט זיך נאָך נויטיגען אין אַזעלכע בעזונדערע שטענדען. און נאָר אַ קליינער טייל פון דעם אידישען פאָלק וועט שטעהן, ווי אַ פערמיטלער, אין ד י ר ע ק ט ע עקאָנאָמישע און גייסטיגע בע־ציהונגען צו דער ניט־אידישער וועלט, פונקט ווי ביי די אומות העולם. גייסטיגע סאָלידאַריטעט מיט דער גאַנצער מענשהייט, אויף דעם גרונד פון אַן אייגענער, עקאָנאָמיש־זעלבסטשטענדיגער באַלע־באַטישקייט, — אָט דאָס הייסט דערווייטערן דעם איד פון דעם ניט־איד, און אָט די דערווייטערונג האָט בעדאַרפט זיין דאָס ה ו י פ ט־צ י ע ל, וואָס צו איהם זאָל שטרעבען יעדע בעוואוסטזיניגע אי־

דישע מהעמינקיים, די צענטראל־אקס, ארום וועלכער עס זאלען זיך
דרעהען אלע אונזערע געדאנקען און אונטערנעהמונגען.

איז דאס אזוי אין דער ווירקליכקיים? שטעהט דער בימערש
אמת קלאר פאר יעדענס אויגען? זעהען די אידישע פארטייען אין
דאס הויפט־ציעל, צו וועלכען עס מוז געשטרעבט ווערען?

די אלטע וועלט זעהט עס נים און די אסימילאטארישע וועלט
זעהט עס נים, ווייל, ווי פערשיידען עס זאלען נים זיין אין זייערע
אנשויאונגען דער פרומער בעל־תהבית און דער אפיקורסישער, אפילו
דער סאציאליסטישער אסימילאטאר, געהערען זיי דאך ביידע צו
דעמזעלבינען בורזשואזען פסיכאלאגישען טיפ און דיענען ביידע
דעם אלט־אידישען אידעאל: „לעבען זאל מען צווישען גוים".

זיי ביידע זענען די „גלאז־שפליטער". די אלטע וועלט זיצט
ווי גלאז־שפליטער אין די פארען פון דעם נים־אידישען האנדעל; די
אפיקורסישע סאציאליסטישע און נים־סאציאליסטישע אינטעליגענ־
מען זיצען אדער ווילען זיצען, ווי גלאז־שפליטער, אין די פארען פון
דער פרעמדער אינטעליגענץ. זיי קענען נים קוקען דעם אמת גליך
אויג אין אויג, ווייל אין דעם אמת ליעגט אויסגעדריקט א און־
ברחמנות'דיגער טוים־אורטייל צו זייער גאנצער עקאנאמישער פאזי־
ציע, צו דער גאנצער עפענטליכער ראליע, וועלכע זיי שפיעלען אין
דעם לעבען פון דעם פרעמדען פאלק. קוים טראגט זיי איינער את־
מער דעם בימערען אמת אונטער'ן נאז, אזוי הויבען זיי אויף א ליאר־
מען: „אנטיסעמיטיזם!" און פערגעסען דערביי, אז די הויפט־און־
זאך פון דעם אנטיסעמיטיזם זענען זיי, די בכבוד'ע סוחרים,
בכבוד'ע געלערנטע און פראפעסארען, בכבוד'ע כלל־טהוערס,
בכבוד'ע ארביימער־פיהרערס, בכבוד'ע סאציאליסטישע און נים־
סאציאליסטישע דעפוטאטען אין די פארלאמענטען. זייער אינדיווי־
דועלע לאגע, וואס פערזיכערט זיי מיט געלד, אדער כבוד, אדער
גייסטיגע הנאות, אדער מאראלישע בעפריעדיגונג, — ד ע ר ל א ז ט
זיי נים מודה זיין זיך, אז פאר די אלע שעהנע זאכען, וואס זיי האַ־
בען, ווע‏לען מיר, דאס גאנצע אידישע פאלק, זיך דארפען אבצאה־
לען אין די שרעקליכע טעג פון געצאהלט — מיט אונזער בלוט,
מיט אונזער לעבען, מיט אונזער עהרע.

קורזש ארויגעבליקען דעם אמת גלייך אין אויג טריין השבת

עס האט נאך די ערשטע גרינדער פון דער חובבי ציון בעוועגונג און פון׳ם פאליטישען ציוניזם. אסימילאטארען זענען זיי פריהער געווען, די ערשטע פאלעסטינאפילען. אבער אסימילאטארען מיט א שטארק אנטוויקעלטען עהר־געפיהל אין דער ברוסט, מיט אן אמת׳ער ליעבע צום פאלק, מיט א דורכדרינגענדען בליק, וואס רייסט פאנאנדער אלע פארביגע אילוזיעס, וועלכע דער אגאאיסטישער אינטערעס שפינט ארום זיך און ארום דער אייגענער לאגע. נאר אזעלכע אסימילאטארען האבען געקאנט שוין אין אנהויב איינזעהען, אז די אסימילאציע איז ניט קיין שמירה פאר דעם אנטיסעמיטיזם, און שוין אין אנהויב האבען דאס פאר־געפיהל פון דעם נאך ביטערערען אמת, אז די אסימילאציע איז אייגענטליך דער הויפט־קוואל, פון וועלכען די שנאה צו אונז שעפט איצטער איהר קראפט.

לײדער אבער האט דער ציוניזם אין זיין שפעטערדיגער געשטאלט שוין ווייט ניט ארויסגעוויזען אזא גייסטיגען מוטה, ווי אין דעם אנהויב פון זיין וואקסען. עס האט זיך בעוויזען די אחד־העם׳שע טעאריע, וואס האט אריבערגעשלעפט דעם שווער־פונקט פון דער „שאלת־היהודים“, די יודען־פראגע, צו דער „שאלת־היהדות“, דער פראגע וועגען „יודענטום“, און פאר דער „שאלת־היהדות“, וואס דאט זיך ארומגעטראגען אין די וואלקענס פון דער רייגער „רוחניות“ איז די גשמיות׳דיגע „שאלת־היהודים“ געווען ניט מעהר ווי א קלייניגקייט. אמת, אן עגמת נפש׳דיגע, אבער בשום אופן ניט אזא, וואס זאל דארפען צוציהען צו זיך אונזער גאנצע אויפמערקזאמקייט.

אבער אויך דער פאליטישער ציוניזם האט געהאט זיין פערבלענדענעם, וואס האט איהם געשטערט צו רעכענען זיך מיט דעם „ביטערען אמת“, ווי עס דארף צו זיין: דאס איז געווען די פערבלענדענעם פון „קבוץ גליות במהרה בימינו“, פון יענעם לייכטזיניגען גלויבען, אז אין איינם און צוויי פעקלען מיר אריבער דאס אידישע פאלק קיין ארץ־ישראל און מיר ווערען ממילא פטור פון דעם גלות מיט אלע זיינע פערגיפטעטע פרוכטען

וואלט דער פאליטישער ציוניזם שוין אין אנהויב איינגעזעהען, אז „ברענגען די גאולה שלמה דורך א משארטער“ קאן ניט זיין קיין ענטפער פאר די טאג־טעגליכע נויטען פון דעם גלות־לעבען, וואס האט נאך געדויערען צוועהנדליגע יאהרען, וואלט ער

יעמאָלט ווידער געפיהלט, אז ער שטעהט גלייך פאר דעם רעטענישׁ פון דעם ספינקס, וואָס זאָגט איהם: „פערענטפער מיך, אָדער איך שלינג דיך איין". צוגעקוועטשט צו דער וואַנד פון דער ווירקליכקייט, וואָלט ער געמוזט געבען אַן ענטפער אויף דער „שאלת היהודים" און דעם אַנטיסעמיטיזם. ער וואָלט זיך גלייך אָנגעשטויסען אויף דעם פאַקט פון דער אידישער קאָנקורענץ אין האַנדעל און די אינטעליגענטנע פּראָפעסיעס, און אויב אפילו ער וואָלט אין דער דאָזיגער קאָנקורענץ ניט געזעהן די ערשטע, וואַרצעלהאפטע אורזאַך פון דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָלט איהם ניט שווער געווען צו בענעהמען איהר ריכטיגע בעדייטונג. און דער ענטפער פאר דער „גלות־אַרבייט" וואָלט לאָגיש ממילא ארויסגעפלאָסען פון יענעם איינזעהן.

אויב דער אידישער האַנדעל מיט דעם ניט־אידען איז א קוואַל, פון וועלכען עס מוז שלאָגען אַנטיסעמיטיזם, איז יעמאָלט — קאַמף אַנטקעגען דעם אידישען האַנדעל מיט דעם ניט־אידען!

א גרינדליכע רעוואָלוציע מוז דורכגעפיהרט ווערען אין דעם עקאָנאָמישען לעבען פון דעם פאָלק, וואָס זאָל איהם צופיהרען דירעקט צום קאַמף מיט דער נאַטור. די אידישע מוסקעל־קראַפט מוז צוריקגעקעהרט ווערן צו דעם גרונד־און־באָדען, פון וועלכען זי איז אַזוי לאַנג אָבגעריסען געוואָרען, צו אַלע אַרטען אַרבייט, וואָס האָבען צו טהאָן דירעקט מיט די כוחות פון דער טבע. אַזאַ רעוואָלוציע אין דעם עקאָנאָמישען לעבען פון דעם פאָלק וואָלט געלעגען אין דער ליניע פון דעם ציוניסטישען אידעאַל, וואָס האָט שוין אויף דעם ערשטען קאַטאָוויצער צונויפפאָהר אין דעם אָנהויב 80ער יאָהרען פערלאַנגט, אַז דאָס אידישע לעבען זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן אויף די נאַרמאַלע יסודות פון ערד־אַרבייט, און וואָס האָט ניט אויפגעהערט אין זיין קריטיק פונ׳ם גלות אויפצואַווייזען אויף יענער דעגענעראַציע, וועלכע די אידישע ראַסע מוז דורכמאַכען א דאַנק איהר אויסשליסליך שטאָטישען לעבען.

אויב די אידישע אינטעליגענטנע פּראָפעסיעס אין דעם דיענסט פונ׳ם ניט־אידען פערשטאַרקען זיין האַס צו אונז, איז יעמאָלט — קאַמף אַנטקעגען די אידישע אינטעלי־

גענטע פראפעסיעס אין א פרעמדער קולטור!

אן אייגענע אידישע קולטור מוז געשאפען ווערן, און אן אייגענער שפראך, וואס זאל אויסבילדען און געבען שפייז צו אזוי פיעל אינטעליגענטע טהוערס, און וויפיעל דאס אידישע פאלק וועט זיך נויטיגען! די פאליטישע ציוניסטען מיט זייער פראקטישען בליק אויפ'ן לעבען, מיט יענעם חוש פאר רעאלע ווירקליכקייט, וועלכען מיר טרעפען אפט, ווי א נויטווענדיגען פאראדאקס, אין אלע אמת־גרויסע אוטאפיען, וואלטען לייכט געקענט פערשטעהן, אז אזא אידישע קולטור אין גלות, קען געמאלט זיין נאר אין איין־אייציגער שפראך: דער אידישער, און ניט דער העברעאישער, ווייל די שפראך פון דעם פאלק קאן מיט קנאפער מיה אויפגעהויבען ווערן צו דער מדרגה פון א נאציאנאלער שפראך, בעת די שריפט־שפראך פון דער אינטעליגענץ קאן אפשר קיין מאל ניט, — אדער ערשט אין משך פון דורות און דורות ארום, — ווערן די גערעדטע שפראך פון'ם פאלק.

אין א יונגער קולטורעלער לעבען וואלט ארויסגערופען די נויט אין נייגע אינטעליגענטע פראפעסיעס, און די פאלקס־נויט אין אידישע אינטעליגענטע פראפעסיעס וואלט יעמאלט געצוואונגען צו בויען אידישע בילדונגס־אנשטאלטען, פון דער פאלקס־שול ביז צו דער אוניווערזיטעט. דאס אלץ וואלט אבגעצויגען דעם אידישען אינטעליגענט פון דער פרעמד, אבגעשוואכט אדער אין גאנצען פערטיליגט זיין קאנקורענץ־קאמף מיט דעם ניט־אידען און ממילא פערשטאפט איינעם פון יענע קוואלען, פון וועלכע עס פליסט אזוי העפטיג דער אנטיסעמיטיזם. פון דער אנדערער זייט וואלט דער שטראם פון אידישע אינטעליגענץ זיך געמוזט א גאס טהאן אויף די אידישע פעלדער, און די קולטור פון דעם פאלק וואלט שוין דורך דעם אליין געמוזט דערהויבען ווערן צו א העכערער מדרגה.

דער פאליטישער ציוניזם האט זיך אבער ניט געקאנט ארויסרייסען פון דער אויבענדערמאנטער פערבלענדעניש; ניט געקאנט אננעהמען דעם איינציג מעגליכען פראגראם פאר „גלות־ארבייט“. געשטערט האט איהם ניט אזוי די האפנונג אויף דער באלדיגער

גאולה, ווי, דער עיקר, די בורזשואַזיע באַלעבאַטישע פסיכאָלאָגיע, וואָס שטעקט נאָך אין זייגע אָדערן, אָדער מיט וועלכער ער מוז זיך רעכענען, אינ׳ם פּראַקטישען לעבען.

ווי וואָלט אַזאַ ציוניסטישער פּראָגראַם אויפגענומען געוואָרן פון דער באַלעבאַטישער וועלט? וואָס וואָלט אין איהם די באַלעבאַטישע וועלט קודם כל דערבליקט? קודם כל וואָלט מען דערינען דערזעהן — די גאַנצע עכטפערטיגונג פון דעם אַנטיסעמיטישען פּראָגראַם בנוגע צו אידען...

שטעלט זיך אין דער אמת׳ן פאָר: אידען רייסען זיך מיט אַלע כוחות פון דעם תחום המושב, כדי צו קענען האַנדלען מיט אַלטע הויזען אין מאָסקווע; מען מאַכט „פּראָצענטען“ פאַר אידען אין די גימנאַזיעס און די אוניווערזיטעטען; מען וויל זיי אַרויסשטופּען פון דעם אַדוואָקאַטען־שטאַנד; מען וואָלט גרייליך פּטור געוואָרען פון זיי אין דער זשורנאַליסטיק; מען טרייבט אין גאַליציען אידען פון די שענקען; מען גרינדעט פעראיינען און געזעלשאַפטען אונטער דעם לאָזונג: „קויפט ניט ביי קיין אידען!“ — און דאָ וואָלטען געקומען די ציוניסטען און וואָלטען גאַנץ ערנסט געזאָגט: — „אידען, זייט דאָס אַלץ מקבל באהבה! דאָס דאַרף אַזוי זיין, עס מוז אַזוי זיין און עס איז גוט אַזוי! איהר זאָלט ניט זיין קיין הענדלער־פאָלק, קיין שענקער־פאָלק, קיין קריבער־פאָלק, איהר זאָלט ניט זיין קיין לאַקייען ביי דער פרעמדער קולטור“. ווי וואָלט דאָס אויפגענומען די פשוט׳ע באַלעבאַטישע פסיכאָלאָגיע פון דעם איצטיגען אידען? און דערצו נאָך — אַרויס־טרעטען מיט דער פאָדערונג פון „איישישאָקער“ גימנאַזיעס און „וואָלאָזשינער“ אוניווערזיטעטען אין „זשאַרגאָן“! ווי וואָלט זיך דאָ געשטעלט אויף די הינטערשטע פיס די באַלעבאַטישע וואָלוועלע גדלות, וואָס איהר שטעהט ניט אָן צו רעדען „זשאַרגאָן“!

אָט די צוויי אילוזיעס — די „שאלת היהדות“ און דער „קבוץ גליות“ — האָבען פאַראַליזירט די גאַנצע קראַפט פון דעם טריטישען געדאַנק און האָבען געבראַכט דערצו, אַז אין דער ווירקליכקייט, אין די טאָג־טעגליכע פראַגען און קעמפען פון דעם פּראַקטישען לעבען אין גלות איז דער ציוניזם געבליבען אַקוראַט אַזוי בלינד פאַר דעם

ביטערען אמת, ווי די אלטע וועלט און די אסימילאטארישע אינ־טעליגענץ.

אויף שריט און טריט קאן מען בעווייזען די ריכטיגקייט פון אונזער בעהויפטונג. הערט זיך איין, צום ביישפיעל, ווי אזוי די ציוניסטישע טעארעטיקער קריטיקירען יענע בלומרשט וויסענשאפטליכע ראסען־טעאריעס פון זיין פראגראם. עס איז באמת אן ענמת נפש צוצוזעהן, ווי אויך דער ציוניזם פאלט אליין אין דעמזעלביגען פריוואלען טאן, מיט וועלכען די ליבעראלע אסימילאטארישע בור־זשואזיע האט בעגעגענט די ארבייט פון א טשעמבערלען, — אפשר דעם גייסטרייכסטען שריפטשטעלער פון אונזער צייט.

„גישיים האט אויך דער ציוניזם קיין אנדער אויפגאבע ניט, ווי אויפצואווייזען, אז מיר זענען מ ע נ ש ע ן, און גאר ניט קיין שלעכטע מענשען, און אז אויב איינער לייקענט דאס, איז ער ממש ניט פאר קיין געבילדעטען מענשען געראכט. אן אנטיסעמיט! גישיים קאן דעם ציוניסטישען טעארעטיקער ניט זיין קלאר ווי דער טאג, אז אויב אויך א טשעמבערלען ווערט קראנק אויף אנטיסעמי־טיזם; אז אויב בנוגע צו אונז קאן אויך אזא מענש ענטוויקלען ניט מעהר ווי נערוועזע געפיהלען און פערדרעהטע געדאנקען, יעמאלט הייסט עס, אז די „גלאז־שפליטער" זיצען שוין טיעף אין די אדערען. די ציוניסטישע וויסענשאפט האט געמעגט האבען יעם מוטה, זיך אין גאנצען צו בעפרייען פון יענע יודאפילישע טראדי־ציעס און גאנגען, מיט וועלכע דער אלטער „וואסכאד", עליו השלום, איז אזוי דערעקעלט געווארען דעם יונגען אידישען דור, — פון יענעם באנאלען „אתה־בחרתנו"איזם, וואס שפרינגט אויף, ווי א געביסענער, ווי נאר ער דערהערט ערגעץ וואו א ווארט פון פרייער קריטיק אויף דאס אידישע פאלק, און וואס הויבט אויפ'ן שטעל אן צו מאכען פאראד מיט אונזערע ביקאנספיעלדס און אונזערע היינעס. די ציוניסטישע וויסענשאפט, וואס וויל דאך ניט פער'שדכנ'ען די פרינצעסין ישראל צו דעם פרעמדען פרינץ, האט געמעגט אביסעל קאלט־בלוטיגער איינהערען זיך אין דער קריטיק פון דעם אידישען פאלק, וואס אונזערע שונאים ארבייטען אוים. און אפילו דארטען, וואו יענע קריטיק איז פול מיט מאוים'דיגע, זומעל־שרייענדע אונ־גערעכטיגקייטען, האט זי אויך געמעגט סיי אליין איינזעהן, סיי אנ־

דערע בעווייזען, אז די דאָזיגע אונגערעכטיגקייטען זענען א נויטווענ־דיגער, ניט אויסצומיידענדער פועל יוצא פון יענער מאוים'דיגער, צום־הימעל־שרייענדער אונגערעכטיגקייט, וואָס האָט פערשאָלטען א בעגאבט פאָלק צו פיהרען א לעבען פון פאראזיטען אויף די קערפער פון די אנדערע פעלקער.

אָבער לאָמיר לאָזען די טעאָרעטישע אונטערזוכונגען אָן א זייט. לאָמיר איבערגעהן צו דעם פּראַקטישען לעבען.

עס איז מיר בעקאנט א כאראקטעריסטישער פאַל, ווי אזוי א ציוניסטישער כלל־טהוער אין אמעריקא קעמפט דאָ שטילינקערהייד אנטגעגען דעם אנטיסעמיטיזם. ער דערגעהט פון זייטיגע מענשען וועגען יענע האנדעלס־פירמען, אויף וועמען עס איז דאָ א חשד אין אידען־האס, און תיכף לאָזט ער זיך בריעפליך מעלדען וועגען עפּעס א שטעל ביי דער פירמע, און ווי נאָר ער בעקומט דעם בריעפ־ליכען בעשייד, אז מען נעהמט איהם ניט, אָדער זיינעם א קליענט ניט אויך, וויל ער איז א איד, אזוי...

אָבער וואָס ער טהוט מיט די בעווייזען, ווייס איך ניט און איך קאָן אייך דעריבער דאָס ניט זאָגען. איין זאך ווייס איך נאָר, אז יענער כלל־טהוער האָט „א יד" ביי אונזערע „גדולים" און אז האנ־דעלס־פירמען האָבען זעהר ניט ליעב, מען זאָל עפענטליך בעווייזען זייער אנטיסעמיטיזם: דאָ איז פאָרט ניט רוסלאנד, און קיין „פער־באנד פון אמת'ע אמעריקאנישע פאטריאָטען" איז נאָך דערווייל ניטאָ... אזוי קאָן מען דעם אנטיסעמיטיזם דערשטיקען גאָר שטילינ־קערהייד, וויל די פירמע זאָגט שוין צו פריוואטים גוט און פרום צו זיין, ווי נאָר זי דערוויסט זיך, אז מען ווייסט...

און מיט אזא ארבייט — זוכען אין דער שטיל אנטיסעמיטישע חטאים — גיט זיך אָב א — ציוניסט! א ציוניסט, וואָס האָט בעדארפט פון זיינע נאָרדוי'ס און הערצעל'ס זיין בעסער בעקאנט מיט דער טבע פון דעם אנטיסעמיטיזם און מיט די אויבּיגע אורזאכען, וואָס מוזען איהם ארויסרופען. פון זיי האָט ער געמעגט וועניגסטענס אויף אזוי פיעל לערנען, אז ער זאָל פערשטעהן, אז ארויפ־צווינגען מיט געוואלט „גערעכטיגקייט צו דעם אידען" קאָן אין הלכות אנטיסעמיטיזם קיינמאָל ניט פיהרען צו גוטס, און זעהר אָפט צו שלעכטס; אז פון ארומשעהרען די צווייגען פון דעם

אַנטיסעמיטישען בוים, מוז זיך דער בוים נאָך רייכער פונאַנדער־וואַקסען; אַז דער איינציגער מיטעל צו קעמפען געגען איהם — איז אונטערגראָבען זיינע וואָרצלען.

מיר האָבען זיך אָבגעשטעלט אויף דעם קלייניקען פּאַל, ווייל ער איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער טאַקטיק פון דעם ציוניזם בנוגע די גלות־פּראָבלעמען. אין דער טעאָריע זענען די ציוניסטען די ראַדיקאַלסטע רענקער פון דער אַלטער באַלעבאַטישער און אַסימילאַטאָרישער וועלט. אין דעם פּראַקטישען לעבען קאָן מען ניט דערקענען קיין שום נפקא מיניה צווישען זיי און אַלע אַנדערע באַלעבאַטים און אַסימילאַטאָרען.

נאָך בולט'ער טרעט אַרויס דער דאָזיגער פאַקט אין רוסלאַנד, אין דער שטעלונג פון דעם ציוניזם צו דעם קאַמף פאַר גלייכע רעכט. כל זמן דער ציוניזם האָט זיך איבערהויפּט ניט געוואָלט מי־שען אין דער רוסישער אינוועניגסטער פּאָליטיק, איז שווער געווען אַרויסצוגעפינען זיין ווירקליכע שטעלונג צו דעם פּראָבלעם. זיין פינסטערער בליק אויף דעם גלות־לעבען בכלל האָט איינגעשלונגען אַלע פאַרבען פון אַלע גלות־האָפנונגען און זיי אַלע האָבען געמוזט ערשיינען פאַר איהם שוואַרץ אין שוואַרץ. אָבער אַט האָט זיך אָנ־געהויבען די רעוואָלוציע, די האָפנונג אויף אַ „בעניים רוסלאַנד" — און באַלד זעהען מיר, ווי דער ציוניזם הויבט אויך אָן בלאָזען אין דעם גלייכבערעכטיגונגס־טרומייט דעם זעלביגען טריאומפאַלען מאַרש, וואָס אַלע אַנדערע פּאַרטייען, אָהן אַ ברעקעל שנוי, אָהן איין כפעציפיש־ציוניסטישען טאָן. און דאָך איז דער ציוניזם געווען די ערשטע פּאַרטיי, וואָס האָט דעם גלייכבערעכטיגונגס־אידעאַל אַראָבגעריסען די קרוין פון קאָפּ און בעוויזען זיין נישטיגקייט לגבי די וויכטיגע פּראָבלעמען פון דער אידישער ווידערבעלעבונג.

איך פערשטעה גאַנץ גוט, אַז דער גלייכבערעכטיגונגס־פּונקט איז אַ צרה'דיגער פּונקט, ווייל ער ריהרט ניט נאָר די פּראַקטישע אינטערעסען פון יעדען איינצעלנעם אידען, נאָר אויך דעם עהר־פּונקט פון דעם גאַנצען פאָלק. ווען מען שילדערט אין פּנים אַ גאַנצען פאָלק די בעשולדיגונג, אַז ער האָט אַ קלענערען ווערטה, איידער זיינע שכנים, יעטאָלט איז מען געצווונגען צו פערגעסען אָן אַלע אוטיליטאַרישע איטרעכענונגען און מען האָט נאָר איין זאָך

אין זינען: אבוואשען די בעליידיגונג, בעפריעדיגען די נאציאנאלע עהרע. דער קאמף פאר אידישער גלייכבערעכטיגונג — מיר ווילען דאס גאר ניט לייקענען — איז געווים אן ע ה ר ע ן - ק א מ ף. און פונדעסטוועגען האבען מיר פון ציוניזם, — דעם היטער פון די נאציאנאלע אינטערעסען אויך אין גלות. — געמעגט ערווארטען אן אנדער שטאלץ, וואס וואלט אפשר געווען ניט ווייניגער עהרענהאפט, איידער יענער עהרען־קאמף, — דעם שטאלץ, וואס וואלט געזאגט צו דער רעגיערונג און צו די הערשענדע רוסישע קלאסען: „מיר זענען אייך מוחל בפחילה גמורה אלע אייערע גימנאזיעס, מיט אייערע אוניווערזיטעטען, מיט דעם רעכט צו האנדלען אין מאסקווע, מיט די אפיצערישע עפאלעטען און אקסעל־בענדערן, מיט דער מעגליכקייט צו ווערען ביי אייך א מיניסטער. מיר פאדערען פון אייך נאר די רעכט פאר אידישע א ר ב י י ט און א י ד י ש ע ב י ל־דונג. גיט אונז די רעכט און די מעגליכקייט צו קויפען ע ר ד, מיר זאלען קאנען בעארבייטען מיט אידישע הענד; גיט אונז די רעכט און די מעגליכקייט צו בויען אונזערע אייגענע בילדונגס־אנשטאלטען אין אונזער אייגענער שפראך!"

איך וויל צוגעבען, אז אין יענער צייט, אין דער צייט פון נייע דערנע חלומות, זענען אזעלכע רעדן געווען אונמעגליך ניט נאר דערפאר, וואס דער אידישער באלעבאס האט אויפגעהויבען א ביטער־רען געשריי, נאר אויך דערפאר, ווייל אלע בעגרענעצונגען האבען ניט היינט־מארגען געדארפט ארונטערשווענקט ווערען דורך די מעכטיגע וואלען פון דער רעוואלוציע. אבער איצטער זענען שוין יענע וואלען לאנג איינגעטריקענט, און דאס „פראגראם־מיניטום", פאר וועלכען דער ציוניסט וואלט איצטער בעדארפט קעמפען אין רוס־לאנד, איז נאך אלץ ניט פערעפענטליכט געווארען.

מען קאן געהן נאך ווייטער. שטעלט אייך פאר, אז א האלב־ליבעראלע דומע וואלט בעשלאסען צו געבען דעם אידישען פאלק אנשטאט פולע גלייכבערעכטיגונג, נאר א טיילווייזע אויסגלייכונג און זי וואלט אונז פארגעשלאגען אויסצוקלייבען, וואס מיר ווילען בעסער: ארבייט־רעכט און נאציאנאל־קולטורעלע רעכט, — דערפאר אבער פערליערען אלע האנדעלס־ און רוסישע בילדונגס־רעכט; אדער די האנדעלס־ און רוסישע בילדונגס־רעכט, — דערפאר אבער

אָבזאָגען זיך פון די אַרבייטס־רעכט און אַן אייגענער אידישער ביל־
דונג. אויב די ציוניסטען וואָלטען זועלען איינגעהן אויף אַ זועלכען
עם איז קאָמפּראָמיס, — וועלכען פון די צוויי קאָמפּראָמיסען וואָל־
טען זיי אָנגענומען? איהר קאָנט גאַנץ זיכער וועטען, אַז דער גאַנ
גרעסטער טייל פון די ציוניסטען וואָלט אין איינעם מיט דעם גאַנ
גרעסטען טייל באַלעבאַטים און דער אינטעליגענץ אָנגענומען דעם
צווייטען פאָרשלאַג: האַנדעל־און בילדונג־רעכט, אָנשטאָט אַרבייט
און נאַציאָנאַלע רעכט. אומזיסט וואָלט איהר זיך יעמאָלט בערופען
אויף דעם ביטערען אמת, אַז דורך די נייע רעכט וועלען מיר נאָך
שטאַרקער מאַכען דעם אַנטיסעמיטיזם און אַז פאַר די דאָזיגע רעכט
וועלען מיר זיך שפּעטער מוזען פאַנאַנדערצאָהלען מיט אַ צו טייערען
פּרייז. די ציוניסטען ווילען דעם ביטערען אמת ניט בעמערקען,
אַקוראַט ווי די באַלעבאַטים און די אַסימילירטע אינטעליגענץ בע־
מערקען איהם ניט, ווייל די ציוניסטען זענען אין זייער טאָג־טעגלי־
בער פּסיכאָלאָגיע, פלייש פון זייער פלייש, און ביין פון זייערע ביי־
נער. אויך דער ציוניסטישער אידעאַל אין גלות איז — האַנדעל
און אינטעליגענטע פּראָפעסיעס, און מען קאָן ניט ערוואַרטען, אַז
זיי זאָלען זיך ערנסט איינהערען אין רעיד, וואָס געהן להיפך צו
דעם דאָזיגען אידעאַל.

און כדי צו בענעהמען דעם גאַנצען אָבגרונד פון פערברעכערי־
שען לייכטזין, אין וועלכען די באַלעבאַטיש־אינטעליגענטע פּסיכאָ־
לאָגיע האָט פערשלעפּט דעם ציוניזם, איז גענוג צו דערמאָנען יע־
נעם באָיקאָט אויף יידיש, וועלכען די ציוניסטישע אינ־
טעליגענץ האָט אַרויסגעלאָזען. פאַר איהר איז בעסער רוסיש, אײ־
דער אידיש, האָט זי גאַנץ אָפען דערקלערט, בעסער רוסיש! זי
פערגעסט, אַז אויף איין נייעם רוסיש־שפּרעכענדען אידען וואַקסען
אויס צעהן אָדער הונדערט טויזענד אידען־האַסענדע רוסען; אַז די
שפּראַך־אַסימילאַציע איז יענער קעסעל, אין וועלכען
עס ווערט געקאָכט דער גיפטיגסטער אַנטיסעמיטישער סם. דער
ציוניזם פערגעסט דאָס, אָדער ווייל דאָס ניט געדענקען,
און ווען איהר דערמאָנט איהם אָן דעם גרויסען פּראָבלעם פון'ם
אַנטיסעמיטיזם, וועמען ער העלפט שטאַרקער ווערען דורך זיין

אַנטי־אידישיסטישע פּראָפּאַגאַנדאַ, — האָט ער נאָר איין תירוץ: „ארץ ישראל!"

מיט אַ שקל אַ יאָהר קויפט מען זיך אָב פון דעם ביטערן אמת.

דער ציוניזם איז ניט פּאַרטיג געוואָרען מיט דעם פּראָבלעם פון'ם אַנטיסעמיטיזם, ווייל אין דער לעצטער ליניע האָט דאָס איהם ניט דערלאָזען זיין באַלעבאַטישע און אַסימילאַטאָרישע פּסיכאָלאָגיע.

לאָמיר איצטער זעהן, וואָס פאַר אַ ראָליע דער ביטערער אמת האָט געשפּיעלט ביי דער ערשטער אידישער אַרבייטער־פּאַרטיי, דעם „בונד".

.4

דעם „בונד'ס" שטעלונג צו דעם פּראָבלעם פון דעם אַנטיסעמיטיזם איז זעהר שווער צו בעשטימען אויף קלאָר, ווי עס איז בכלל ניט גרינג פאַנאַנדערצוקלייבען זיך אין זיינע טעאָריעס. זיין גרויס האָט ער בעוויזען ניט אין דעם שטודיר־צימער פון טהעאָרעטישען שאַפען, נאָר אויף דעם קריעגס־פעלד פון פּראַקטישע אַרבייט. ער קען מיט שטאָלץ זאָגען וועגען זיך, אַז זיין עמבלעם איז ניט די פעדער, נאָר דער שווערד. ניט דורך טעאָריעס נאָר אַ דאַנק דעם שטענדיגען רוף צום קאַמף, אַ דאַנק דער שטענדיגער פיהרונג אין קאַמף האָט ער בעוויזען די גבורה, וואָס איז אייביג מיט גאָלדענע אותיות פערשריעבען אין דער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק.

ווי דער ציוניזם האָט אויפגעוועקט דעם פער'חלש'טען נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין ביי אַ טייל אידישע אינטעליגענץ און ביי אַ טייל פון דער אידישער בורזשואזיע, אזוי האָט דער „בונד" — נאָך מיט אַ שטאַרקערער קראַפט — פאַנאַנדערגעטרייסעלט די אידישע מאַסען פון'ם פּ אָ ל י ט י ש ע ן שלאָף און — אפשר ניט ווענדיג אליין — פאַנאַנדערגעפלאַמט אין זיי דעם נאַציאָנאַל־אידישען פאָלק.

אַ חוץ דעם קאָנען מיר ניט ערוואַרטען קיין בעשטימטע, פעסט אויסגעקריסטאַליזירטע מיינונגען וועגען די אידישע פּראָבלעמען ביי אַ פּאַרטיי, וואָס האָט אַריינגענומען אין זיך אזוי פיעל פערשיידענאַרטיגע „אידען": פון דעם כמעט ריינעם „אידיש־שפּרע־

בענדען" סאָציאַל־דעמאָקראַט ביז צו דעם „כמעט" חובב־ציון, — פון דעם „מוז"־אידען און דעם „מהיכא־תיתא"־אידען ביז צו דעם בעוואוסטען און שטאָלצען נאַציאָנאַליסט. זיי אַלע זענען זיך צו־נויפגעקומען אין איינעם, ווייל זיי אַלע האָבען געגלויבט אין דער נויטווענדיגקייט פון אַן אייגענער אידישער אַרבייטער־בעוועגונג אויף די יסודות פון דער אידישער שפּראַך און פון דעם אַלגעמיין אייראָפּעאישען סאָציאַל־דעמאָקראַטישען פּראָגראַם.

בנוגע צו דעם אַנטיסעמיטיזם קאָן מען אין דעם „בונד'ס" ליטעראַטור ניט געפינען קיין איינהייטליכען און קלאָרען שטאַנד־פּונקט. זי איז איבערהויפּט אָרעם אין אַרבייטען און בעטראַכטונגען אויף אונזער טהעמע. מען קאָן זאָגען, אַז דעם „בונד'ס" געדאַנק איז בדרך כלל זעהר ווענינ געשטאַנען אונטער דער שליטה פון דעם אַנטיסעמיטישען פּראָבלעם. אמה, גאָר אין אָנהויב פון זיין לעבען, — אויב איך האָב ניט קיין טעות, — אין דער ערשטער רוסישער בראָשורע זיינער, וואו ער האָט געפּרובט טעאָרעטיש בע־גרינדען די נויטווענדיגקייט פאַר'ן אידישען פּראָלעטאַריאַט זעלבסטשטענדיג אַרויסטרעטען אויף דעם פעלד פון פּאָליטישען קאַמף, ווערט צווישען אַנדערע טעמים אָנגעפיהרט אויך דער אַרגו־מענט, אַז אין דעם קאַמף פאַר פּאָליטישע גלייכבערעכטיגונג קאָן זיך דער אידישער אַרבייטער ניט פערלאָזען אויף דעם יושר פון דעם ניט־אידישען. אָבער אָט דער טיעפער, מוטהיגער בליק, וואָס נעהמט די בעציהונגען פון די ניט־אידישע אַרבייטער צו די אידישע ניט ווי זיי דאַרפען זיך אויסמאָלען על פּי דער אינטערנאַציאָנאַליס־טישער טעאָריע, נאָר ווי זיי זענען אין דער האַרטער און קאַלטער ווירקליכקייט, — אָט דער מוטהיגער בליק, זאָג איך, איז באַלד פערלאָשען געוואָרען אין דער בונדיסטישער ליטעראַטור.

אמת, אויף וויפיעל איך בין בעקאַנט מיט דער פּסיכאָלאָגיע פון די פערשיידענסטע בונדיסטען, וועלכע איך האָב פּערזענליך געטראָפען אין לעבען, וואָלט איך געקאָנט שווערען, אַז אָט דער ניט־צוטרוי צו די גוי'אישע אַרבייטער־מאַסען איז קיין מאָל פון דער נשמה ניט פערשוואונדען, און איז לכל הפּחות געבליבען שטעהן האַרטען, ווי אַן אונבעוואוסטער אינסטינקט. אָבער בעוואוסט און אָפיציעל זענען אַרויסגערוקט געוואָרען אַנדערע טעמים פאַר דער

אידישער זעלבסטשטענדיגקייט: די סאציאליסטישע ערציהונג פון די מאסען; דער קאמף אנטקעגען דער גייסטיגער אפטרופסות, וואס די אידישע באלעבאטישע וועלט האט איבער דעם מוח פון דער אידישער ארבייטערשאפט; די נויט צוצופאסען זיך אין דער פראפאגאנדא, אגיטאציע און ארגאניזאציע צו די נאציאנאלע אייגענטימליכקייטען פון דעם אידישען פראלעטאריאט. די נויט צו פיהרען דעם קלאסען־קאמף פון דעם אידישען ארבייטער אנטקעגען דער אידישער בורזשואזיע; דער קאמף אנטקעגען דער ציוניסטישער בעוועגונג, ביי וועלכער מען האט געמוזט ארויסרייסען פון די הענד די „טויז־קאזיר" פון נאציאנאליזם; די בעפריעדיגונג פון די נאציאנאלע נויטען פון דעם אידישען פאלק, כדי די ארבייטערשאפט זאל אין דעם פרט ניט דארפען אנקומען צו דער בורזשואזיע; — קורץ, אלע ארגומענטען, וואס האבען צו טהאן מיט די אינטערעסען פון דער סאציאליסטישער בעוועגונג, מיט דעם אינוועניגסטען לעבען פון די אידישע ארבייטער־מאסען און ניט א ברעקעל מיט דער שטעלונג פון דער ניט־אידישער וועלט צו דעם אידישען פאלק.

און פונדעסטוועגען הייסט דאס ניט, אז דער „בונד" האט ניט געטראכט וועגען דעם אנטיסעמיטיזם און איז געווען אין גאנצען בליגד צו דעם אמת, וועגען וועלכען מיר רעדען. אדרבה, אין דעם עקאנאמישען סוד און יסוד פון דעם אנטיסעמיטיזם זענען די בונדיסטען, א דאנק זייער מארקסיסטישער וועלט־אנשויאונג, ארייגעדרונגען א סך טיעפער, איידער די ציוניסטען, ווען אפילו זיי זענען. ווי מיר וועלען באלד זעהן, געבליבען שטעהן אין דעם עניין אויף דעם האלבען וועג. אבער דערזעלביגער מארקסיזם, וואס האט געעפענט זייערע אויגען אויף די עקאנאמישע אורזאכען פון דעם אנטיסעמיטיזם, האט בעדעקט דעם פינסטערען תהום מיט א ראזענען, ווי מיר וועלען באלד זעהן, געבליבען שטעהן אין דעם עניין הארץ, לכל הפחות פאר דער צוקונפט.

אין דער דייטשער סאציאל־דעמאקראטיע, דער שטענדיגער פאבריק פון מארקסיסטישע טעאריעס, איז שוין אין דעם סוף פון די אכציגער יאהרען געווען אויסגעארבייט א ריין עקאנאמישע דערקלערונג פאר דעם אנטיסעמיטיזם.

לויט דער דאזיגער דערקלערונג איז דער אנטיסעמיטיזם א

ערשיינונג, וואס נעהמט ארום ניט אלע שיכטען פון דער גוט־אידישער געזעלשאפט, נאר מעהר נישט, ווי א געוויסען טייל פון איהר: דעם מיטעל־קלאס. דער קליינער און מיטעלער סוחר און פראדוצענט פערוואנדעלט זיין עקאנאמישע אונצופרידענהייט מיט דער אידישער קאנקורענץ אין א נאציאנאלע שנאה צו דעם אידישען פאלק. מיט דער שנאה ווערט אנגעצונדען אויך דער קליינער אויי־געגטימער און דאס ארימע קליינבירגערטום, ווייל איהם שטעכט אין די אויגען דער אידישער קאפיטאל און ער האט ניט קיין שכל איינ־צוזעהן, אז אין דעם קאפיטאליזם איז ניט שולדיג דער איד, נאר דער קאפיטאליזם. וואלט ער דאס איינזען, וואלט פון זיין בע־וואוסטזיין פערשוואונדען דער איינציגער טעם, פאר וואס ער זאל פיינד האבען א אידען, און ממילא וואלט אויך פערשוואונדען זיין שנאה צו איהם. דער אנטיסעמיטיזם איז דעריבער, ווי בעבעל דריקט זיך אויס, „דער סאציאליזם פון דעם פרא אדם".

דערפאר מוזען די צוויי וויכטיגסטע קלאסען פון דער מאדער־נער געזעלשאפט, — די גרויס־בורזשואזיע און דאס פראלעטאריאט, — זיין על פי דער עקאנאמישער טבע זייערער, אין גאנצען פריי פון דעם אנטיסעמיטיזם. די גרויס־בורזשואזיע, — ווייל זי האט קיין מורא נישט פאר דער אידישער קאנקורענץ, און דאס פראלע־טאריאט, — ווייל ער שטעהט עקאנאמיש אין גאנצען מחוץ פון דער האנדעלס־וועלט און איהרע אנטאגאניסטישע קרעפטען. די איינ־ציגע טרעגער פון דעם „אידען־האס" זענען נאר די מיטעלע שיכ־טען פונ'ם פאלק, און אין דערינגען ליעגט א גרויסע טרייסט. עס איז דאך „ידוע", אז די מיטעלע קלאסען מוזען אלץ מעהר און מעהר פערשוואונדען. אויפ'ן פלאץ וועלען בלייבען נאר די גרויס־בורזשו־אזיע און דאס פראלעטאריאט, — ד. ה. פונקט יענע קלאסען פון דער געזעלשאפט, אויף וועלכע די אנטיסעמיטישע געדאנקען און געפיהלען קאנען ניט האבען קיין ברעקעל שליטה.

ממילא זענען די טעג פון דעם אנטיסעמיטיזם סיי ווי סיי געצעהלטע נאך פאר דער סאציאלער רעוואלוציע. ער איז ניט מעהר ווי א געוויסע קינדער־קראנקהייט אין א געזעלשאפט, וואס איז נאך ניט ארויסגעטרעטען, ווי דער סדר איז, אויף דעם וועג פונ דער גרויס־קאפיטאליסטישער ענטוויקלונג. קוים אבער ווערט

דער גרויס־קאַפּיטאַליזם דער אמת'ער בעל הבית פון לעבען; קוים קומט די צייט, ווען אלץ מוז זיך רעכענען מיט דעם ווילען פון דער גרויס־בורזשואַזיע און דעם פּראָלעטאַריאַט, — אַזוי פערלירט דער אַנטיסעמיטיזם זיין גאַנצע פּאָליטישע און סאָציאַלע מאַכט.

מיט דעם דאָזיגען טרויסט האָט אויך געלעבט די נשמה פון'ם „בונד" און דאָס האָט נאָך מעהר פערשטאַרקט — פון אַ ריין „נאַציאָנאַל־אידישען" שטאַנדפּונקט — זיין מאַרקסיסטישע בענקשאַפט נאָך דער גרויס־קאַפּיטאַליסטישער ענטוויקלונג. און זיין אידיש הארץ האָט געמאָגט זיין נאָך מעהר רוהיג דערפאַר, ווייל אין דעם „בונד'ס" פּראָגנאָז וועגען די סאָציאַלע פּראָצעסען אין דעם לעבען פון דעם אידישען פאָלק איז געלעגען אַ פערשטאַרקונג פון יענער מאַרקסיסטישער טרויסט.

דער „בונד" גלויבט, אַז אויך די אידישע געזעלשאַפט איז אונטערגעוואָרפען אונטער דער מאַכט פון די זעלבינע עקאָנאָמישע ענטוויקלונגס־געזעצען, וואָס הערשען ביי אַלע מאָדערנע פעלקער אויך ביי דעם אידישען פאָלק מוז זיך אויסבילדען אַ פּראָלעטאַריאַט און אַ גרויס־בורזשואַזיע און אויך דאָ מוזען די מיטעלע שיכטען אַלץ מעהר אַראָבגעהן פון מאַרק. דער פּועל יוצא פון דעם דאָזיגען פּראָצעס מוז זיין, אַז ניט נאָר ווערט אַלץ עינגער דער שטח, אויף וועלכען דער אַנטיסעמיטיזם קאָן ווירקען, — ווייל עס פערשווינדט אַלץ מעהר דער ניט אידישער מיטעלער הענדלער, — נאָר עס ווערט אויך אַלץ קלענער דער מקור, פון וואַנען דער גאַנצער אַנטיסעמיטיזם שלאָגט, ווייל עס פערשווינדט ביסלעכווייז דער מיטעלער אידישער האַנדעלס־קלאַס. די מאַיאָריטעט פון דעם אידישען פאָלק ווערט אַן אַרבייטער־בעפעלקערונג. דאָס שוואַכט אָב דעם אידישען האַנדעל און ממילא זיין קאָנקורענץ מיט דעם ניט־אידישען. סוף כל סוף בעקומען מיר די געווינשטע אידיליע פון ברידערליכען לעבען צווישען איד און ניט־איד שוין אין די גרעניצען פון דעם גרויס־קאַפּיטאַליסטישען שטאַאַט. די אידישע גרויס־בורזשואַזיע פערבינדט זיך סאָלידאַריש מיט דער ניט־אידישער גרויס־בורזשואַזיע; דאָס אידישע פּראָלעטאַריאַט געהט האַנד אין האַנד מיט דעם ניט־אידישען, און אין דער היץ פון דעם קלאַסען־קאַמף ווערן ביסלעכווייז אין גאַנצען אויסגעמעקט יענע קליינבירגער־

ליכע זומפּען, וואו עס קאָנען זיך נאָך ווידעמען אַנטיסעמיטישע מיקראָבען.

אַ חוץ דעם טראָגט דער פּראָגראַם פון „בונד", — די נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע, — אין זיך גופא אַ שטיקעל סגולה אַנטקעגען דעם אַנטיסעמיטיזם: מיר האָבען שוין געהאַט די געלעגענהייט ניט איין מאָל אויסצופיהרען, אַז אַן אייגענע קולטור אין דער אידישער שפּראַך מוז אָבציהען די אידישע אינטעליגענץ פון דער פרעמדער און אויף אַזאַ'ן אופן קלענער מאַכען די אידישע קאָנקורענץ.

דעם „בונד'ס" שטעלונג צו דעם אַנטיסעמיטיזם איז, ווי מען זעהט, אויפגעבויט אויף דיזעלבינע „אייזערנע געזעצען פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג", וואָס גיבען יעדען מאַרקסיסט דעם שליסעל צו יעדען ערנסטען פּראָבלעם פון דעם געזעלשאַפטליכען לעבען.

לאָמיר זעהן, אויף וויפיעל די דאָזיגע מאַרקסיסטישע טעאָריע קאָן באמת פערענטפערן אונזער פּראָבלעם.

איך וויל מיך דאָ ניט אריינלאָזען אין אַ קריטישער אונטערזוכונג, אויף וויפיעל דער אַנטיסעמיטיזם קאָן דערקלערט ווערן נ אַ ר דורך עקאָנאָמישע אורזאַכען*), אויף וויפיעל יענע געזעצען זענען באמת „אייזערנע" און אויף וויפיעל זיי זענען איבערהויפּט געזעצען. אפילו אַז מיר זאָלען בלייבען אויף דעם באָדען פון דעם מאָדערנעם אָרטאָדאָקסישען מאַרקסיזם, מוזען מיר אויך קומען צו רעזולטאַטען, וואָס גראָבען אונטער די גאַנצע בונדיסטיש־מאַרקסיסטישע אַרגומענטאַציע.

די מאַרקסיסטישע טעאָריע פון דעם אַנטיסעמיטיזם איז אויפגעשטעלט געוואָרען נאָך מיט יאָהרען און יאָהרען צוריק, איידער עס האָט זיך אָנגעהויבען דער קריטישער איבערקוק פון אַלע יסודות פון דעם מאַרקסיזם און איבערהויפּט פון דעם הויפּט־יסוד זיינעם: דעם גלויבען, אַז די מיטעל־קלאַסען מוזען דורך דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג פערשווינדען. אָבער גראָד דער יסוד האָט ביי דער מאַרקסיסטישער אָרטאָדאָקסיע בעקומען אַ גאַנץ אַנדער פּנים.

*) פערגלייך אונזער אַרביים: „דער עקאָנאָמישער מאַטעריאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע".

פריהער, איידער דער קריטיק, האט מען דעם יסוד געלערנט פשוטו כמשמעו: עס ווערט אלץ קלענער און קלענער דער פראצענט פון מענשען, וואס קאנען אין דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט פיהרען אן אייגענע מיטעלע אדער קלענערע פראדוקטיווע באלעבאטישקייט: זיי פאלען אריין אין די רייהען פון דעם פראלעטאריאט, פערגרעסערן זיין צאהל און זיין מאכט, ביז דער פראלעטאריאט ווערט די „אומגעהייערע“ מאיאריטעט פון דער בעפעלקערונג. יעמאלט מאכט ער די סאציאלע רעוואלוציע. די קריטיק האט אבער סטאטיסטיש אויפגעוויזען, אז די עקאנאמישע ווירקליכקייט איז ניט אומעטום טריי צו יענעם געזעץ; אז אין א סך צווייגען פון דעם עקאנאמישען לעבען בעווייזט זיך גאר דער היפוך פון איהם: דער פראצענט פון די זעלבסטשטענדיגע מיטעלע און קליינע באלעבאטישקייטען ווערט ניט נאר ניט קלענער, נאר אפטמאל אויך גרעסער ווי געוועזן.

די ארטאדאקסיע האט אויף דעם געענטפערט, אז עס דוכט זיך נאר אזוי. די קליינע און מיטעלע באלעבאטישקייטען זענען נאר לפנים זעלבסטשטענדיגע, נאר לויט זייער יורידישער פארם און לויט דעם פסיכאלאגישען בעוואוסטזיין פון דעם באלעבאס. אין דער אמת'ן אבער, לויט זייער אינווענייגסטען תוך, זענען זיי ניט קיין זעלבסטשטענדיגע באלעבאטישקייטען, ווייל זיי זענען אין גאנצען פערשקלאפט ביי דעם קאפיטאל. דער זעלבסטשטענדיגער פויער ליעגט א פערשקלאפטער ביי די היפאטעקאר־באנקען, דער שענקער ביי די ביער־ברויעריייען, דער קרעמער ביי דעם גראסיסט א. א. וו. מיינען מיינט דער באלעבעסל, אז ער איז נאך א גאנצער „יש“, א שטיקע באלעבאס פאר זיך. אין דער אמת'ן איז ער, לויט זיין פערדיענסט און אפטמאל אויך לויט זיין געבונדענער פריהייט אינ'ם האנדעל, ניט מעהר ווי אן אנגעשטעלטער פון דעם קאפיטאליסט. ממילא קאן זיין פסיכאלאגיע זיך בעפרייען פון די פריהערדיגע פענטעס, וואס זענען געוועזן אנגעטהאן אויף איהר, און אויף אזא'ן אופן קאן אויך דער קליינער און מיטעלער באלעבאס צושטעהן צו דעם פראלעטאריאט אין זיין קאמף אנטקעגען דעם קאפיטאליזם. און די אלטע מארקסיסטישע נבואה, אז „מעז יצא

מתוק", אז דער סאציאליזם **מוז** ארויסוואקסען פון דעם קאפיטאליזם, בלייבט ניט א ברעקעל **געמינערט.**

לאמיר היינטיגס מאל אויך דאס לאזען אן א זייט, אויף וויפיעל דער נייער אויסטייטש פון דעם מארקסיסטישען יסוד שטימט צונויף מיט דער ווירקליכקייט און אויף וויפיעל ער קאן רעטען פון באנקראט יענע נבואה פון קארל מארקס, וואס איז די אינוועניגסטע נשמה פון דעם גאנצען וויסענשאפטליכען סאציאליזם. לאמיר אננעהמען, אז ער טהוט דאס אויסגעצייכענט גוט. וואס אונז אינטערעסירט, איז אבער די שאלה: ווי דארף ווירקען דער דאזיגער אויסטייטש אויף דער מארקסיסטישער טעאריע פון אנטיסעמיטיזם? מוז דער אנטיסעמיטיזם אבגעשוואכט ווערן, וואס מעהר דער באלעבעסעל ווערט אבהענגיג פון דעם קאפיטאל'ס פאסט אדער גאר אפשר פערקעהרט?

מיר דוכט, אז ווען מען טראכט זיך אריין אביסעל טיעפער אין דעם ענין, מוז מען קומען צו דעם רעזולטאט, אז דער אנטיסעמיטיזם מוז אונטער אזעלכע אומשטענדען ניט נאר ניט אבגעשוואכט ווערן, נאר אדרבא זיך נאך מעהר פערשטארקען. דער טעם דערפון איז א גאנץ פשוט'ער: די אבהענגיגקייט פון דעם קאפיטאל שאפט ניט אב די קאנקורענץ צווישען די קליינע און מיטעלע באלעבאטים; אדרבא זי פערשאפט זי נאך מעהר און דארטען, וואו עס מישט זיך אריין דער איד מיט **זיין** ארט קאנקורירען, דער איד, וואס קאן זיך ערלויבען דעם לוקסוס צו ווערן נאך מעהר פערשקלאפט פון דעם גרויס־קאפיטאל, איידער דאס איז מעגליך פאר דעם ניט־אידען, מוז די אידישע קאנקורענץ („שמוץ־קאנקורענץ" רופט דאס אין זיין כעס דער גוי) נאך טיעפער אריינקריכען צו דעם גוי אין די גרגרת אריין און אנפילען אלע זיינע ביינער מיט נאך א ביטערערען האס צו אונז, איידער דאס איז געווען ביז אהער.

די „אייזערנע" געזעצען פון דער עקאנאמישער אנטוויקלונג פיהרען דעריבער ניט צו דער אבשאפונג פון דעם אנטיסעמיטיזם, ווי דאס האט געהאפט די מארקסיסטישע טעאריע. זיי פיהרען גאר צו דער פערשארפונג פון דעם „אידען־האס".

אין זיין בויען אויף די „אייזערנע געזעצען" האט דער „בונד" אפשר בתמימות געמיינט, אז זיי זענען די איינציגע געזעצען, וואס

דער איד קאַן ניט „אַרום געהן". עס קאַן זיין, אַז דאָס איז אמת. האָט זיך אָבער אויסגעלאָזען אַז אנדער צרה: די געזעצען זענען אַרום געגאַנגען דעם אידען. פריהר האָבען זיי איהם גאַראַנטירט, אַז זיי וועלען מאַכען אַ תל פון דעם אַנטיסעמיטיזם. לסוף האָבען זיי ניט נאָר ניט געהאַלטען קיין וואָרט: זיי האָבען נאָך גענומען דעם אַנטיסעמיטיזם אונטער זייער בעזונדערן שוץ.

דעם „בונד'ס" גלויבען אין די „אייזערנע געזעצען פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג", וואָס מוזען פערוואַנדלען די גרויסע מאַיאָריטעט פון דעם אידישען פאָלק אין אַ מאָדערנעם פּראָלעטאַריאַט, איז געוועזען דער אייגענטליכער צענטראַל־פּונקט פון אַלע זיינע האָפנונגען און די וויכטיגסטע פעסטונג אין דעם טעאָרעטישען קאַמף מיט די געגנער.

שוין דער פאַקט אַליין, אַז עס איז דאָ און עס וואַקסט אַ אידישער פּראָלעטאַריאַט, פערענטפערט די שאלה וועגען דעם, צי עס קאָן געמאָלט זיין אַ שטאַרקע סאָציאַליסטישע בעוועגונג ביי דעם אידישען פאָלק, וואָס איהר איינציגער טרעגער עס מוז, לויט דער מאַרקסיסטישער טעאָריע, זעלבסט פערשטענדליך, זיין דער פּראָלעטאַריאַט. און אויב די מאַיאָריטעט פון דעם אידישען פאָלק מוז זיך פּראָלעטאַריזירען אין גלות, יעמאָלט ווערט שוין ממילא די אידישע פראַגע כמעט פערוואַנדעלט אין גאַנצען אין אַ אידישע ארבייטער־פראַגע און דער צענטער פון דער אידישער כלל־טהעטיגקייט ווערט אַריבערגעטראָגען אויף דעם סאָציאַל־פּאָליטישען געביעט.

פערשטאַרקען די מאַכט פון דעם אידישען אַרבייטער־קלאַס, דערוועקען און פערשאַרפען אין איהם דאָס קלאַסען־בעוואוסטזיין, צופיהרען איהם צו דער רוסישער סאָציאַליסטישער אַרמעי, אין איינעם מיט איהר אויסקעמפען אַ פריי רוסלאַנד און אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע פאַר אַלע פעלקער און, פערשטעהט זיך, אויך פאַר דעם אידען, — דאָס איז לאָגיש דער ענד־ציעל, וועלכען דער „בונד" מוז אוועקשטעלען פאַר דעם אידישען סאָציאַליזם. דער אידישער סאָציאַליזם האָט ניט קיין אַנדערע פּראָבלעמען, איידער דער סאָציאַליזם פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער אין רוסלאַנד, ווייל דאָס לעבען פון דעם אידישען פאָלק ווערט בעהערשט פון

יענע אלגעמיינע עקאנאמישע געזעצען, וואס פיהרען דורך זייער אייזערנע ממשלה אין דעם לעבען פון אלע אנדערע פעלקער.

די פראלעטארישע מאיאריטעט פון דעם אידישען פאלק פערענטפערט מיט איין קלאפ די צוויי גרעסטע פראבלעמען פון דעם אידישען לעבען, די עקאנאמישע פראגע און די אנטיסעמיטישע. פון וואנען זאלען מיר לעבען? — פון אונזער ארבייט אויף דער פאבריק! ווי ווערט מען פטור פון דער רשעות? — די רשעות מוז יעמאלט פערשווינדען פון זיך אליין: די עקזיסטענץ פון דער אידישער פראלעטארישער מאיאריטעט וועט אויסשטעכען די אויגען דעם אנטיסעמיטיזם, ווייל אין זיין הויפט־בעשולדיגונג, אז מיר זיינען א פאראזיטען־פאלק, ווערט ממילא בטול.

דערצו קומט, ווי מיר האבען געזעהן אויבען, אז די אידישע און ניט־אידישע מיטעל־קלאסען פערלירען זייער מאכט און וואג אין דעם געזעלשאפטליכען לעבען און מיט דעם גופא ווערט אויסגעטריקענט דער הויפט־קוואל, פון וואנען עס שלאגט דער אנטיסעמיטישער שטראם. צווישען דער אידישער ארבייטערשאפט און דער ניט־אידישער קאן קיין אנטיסעמיטיזם ניט געמאלט זיין, ווייל זייערביידענס אינטערעסען זיינען דורכאויס סאלידאריש. איך איצטער אין ישוין ביי דעם ניט־אידישען פראלעטאריאט קיין אייגענטליכער אנטיסעמיטיזם ניטא. עס איז נאך ביי איהם, אמת, געבליבען אביסעל „מיאוסע האוואיעס“ פון דער אלגעמיינער אנטיסעמיטישער אטמאספערע, אבער אויך די מיאוס'ע האוואיעס וועלען פון איהם מיט דער צייט ארויסגעטריבען ווערן דורך זיין קולטורעלע ענטוויקלונג און, נאך מעהר, דורך דעם שטאלצען, מוטיגען, נאציאנאל־בעוואוסטען ארויסטרעטען פון דעם אידישען פראלעטאריאט. ער וועט זיך ניט לאזען קריכען אויפ'ן קאפ און וועט האבען גענוג קוראזש און קראפט אויסצולערנען דעם ניט־אידישען פראלעטאריער דרך־ארץ צו זיך, אויב יענער זאל זיך נאר נויטיגען אין דעם.

טראכט מען זיך אריין אין אט דעם צענטראלען פונקט דעם „בונד'ס“ האפנונגען, ווערט איינעם קלאר די צויבער־מאט מיט וועלכער דער „בונד“ האט געווירקט אויף די הערצער פון מאסען. צונויפגעשטיקט אין די שטעדט און שטעדטלעך פון תחום, ארויסגעטריבען פון די דערפער און די שענקען, אבגעשני

כטעט פון יערען מקור פרנסה, זענען די גרויסע מאסען מיט דער הונגער־בייטש נעטריבען געוואָרען אין די פאבריק און אין דעם וואַרשטאַט. אין דער ערשטער צייט האָט די אַלטע וועלט מיט קומץ נעקוקט, ווי אַ טאַטענ'ס אַ קינד פערשווארצט דעם פנים פון דער משפחה און נעהמט זיך פאר דער נאָדעל אָדער דעם קאָפּול. דער מזומנ'ער רובעל האָט, אמת, פערשריען די שאנד. עס האָט אָבער נעפעהלט די א י ל ו ז י ע, יענער זיסער חלום, וואָס מאכט פון דער נויט אַ טוגענד, פון דער שאנד אַ „שיינדעל“. דער „בונד“ האָט אריינגעטראָגען אין דעם אידישען לעבען די אידעע פון אַ נייעם י ח ו ס, אין וועלכען די מאסען האָבען זיך אזוי שטארק גענויטיגט. אַ פאבריק־ארבייטער — אַ שפּאַס צו זאָגען: דער בויער פון דער מענשליכער צוקונפט, דער בעפרייער פון דעם אידישען פאָלק!

די מאסע האָט אפשר ניט קלאָר פערשטאַנען אלע טעאָריעס, אָבער זי האָט מיט דעם אינסטינקט געפיהלט, אז אין דער „פאבריק“ ליעגט די גאולה. אין דער פאבריק קאָן מען דורך „אחדות“ פער־דיענען אזעלכע שכירות, וואָס אַ משולח ביי אַ גביר'ישען באלעבאָס קריגט ניט אָפט. דאָס איז איינס. אַ חוץ דעם ווערט מען אין דער זעלבינער צייט אוועקגעשטעלט אין פראָנט פון דעם עפענט־ליכען לעבען אזוי, אז אַלעמענס אויגען קוקען, — די איינע מיט שנאה און כעס, די אנדערע — מיט האָפענונג, — אויף דאָס, וואָס חברה טהוט אָדער רעכענט צו טהאָן. אַ דאנק דעם קלאסען־קאַמף ווערט דער ארבייטער דער צענטער פון דעם עפענטליכען לעבען.

דער אידישער קלאסען־קאַמף איז געבאָרען געוואָרען אויף דעם „בונד“'ס הענד. ער איז געווען זיין אַקושאָר, זיין ערציהער און זיין פיהרער. און על פי יושר האָט ער די ראָלע כשר פערדיענט. דער „בונד“ און די בונדיסטישע מאסען זיינען אָנגע'שכור'ט גע־וואָרען מיט קאַמף־לוסט און נצחונות. עס האָט זיך גענומען שריי־בען דער שעהנסטער קאַפּיטעל אין דער מאָדערנער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק, — די בונדיסטישע רעוואָלוציע אין רוסלאנד. אין דעם היץ און אין די נויטען פון דעם קאַמף און אין דעם רויש פון דעם זיעג האָט דער „בונד“ געהאט זעהר וועניג צייט און לוסט קריטיש איבערצוקוקען זיינע טעאָרעטישע פּאָזיציעס. די ארבייט

האָבען געמוזט נעהמען אויף זיך זיינע געגנער, די נאַציאָנאַליסטען, און עס איז דעריבער קיין חדוש ניט, וואָס די געגנער האָבען גע־עפענט זייערע פייערס גראָד אנטקעגען יענעם פּונקט, וועלכען מיר האָבען אָנגערופען: די הויפּט־פּעסטונג פון דעם „בונד", דעם פּונקט פון דער „פּראָלעטאַריזאַציע".

אויב די לעזער געדענקען נאָך יענע צייט און איהרע גייסטיגע קעמפען, וואָס האָבען זיך פאַנאַנדערגעברענט אין דעם לאַגער פון דעם אידישען סאָציאַליזם, וועלען זיי זיך מסתמא דערמאָנען, אז דער פּראָבלעם פון דעם אנטיסעמיטיזם האָט אין זיי געשפּיעלט זעהר אַ קליינע ראָלע, און די פראַגע: „יע־פּראָלעטאַריזאַציע אָדער ניט־פּראָלעטאַריזאַציע?" איז בעהאַנדעלט געוואָרן דאָס רוב נאָר פון גאַנץ אַנדערע מאָטיוען.

עס האָט אויסגעדוכט, אז פאַר די קעמפענדע צדדים איז די הויפּט־זאַך געווען ניט די צוקונפט פון דעם אידישען פאָלק, נאָר די צוקונפט פון דעם סאָציאַליזם ביי די אידישע מאַסען. אַנשטאָט צו דיסקוטירען, צי דער סאָציאַליזם איז אַ פּאַסענדער אָדער ניט פּאַסענדער מיטעל צו בעפרייען דאָס אידישע פאָלק פון גלות, האָט מען זיך מעהר געריסען וועגען דעם, צי דאָס אידישע פאָלק אין גלות איז אַ פּאַסענדער אָדער ניט פּאַסענדער מיטעל פאַר די פער־ווירקליכונג פון דעם סאָציאַליזם. דאָס רוב דעבאַטען האָבען אי־בערגעלאָזען דעם איינדרוק, אַקוראַט ווי דאָס וואָלטען געקומען ווילד־פרעמדע מענשען, משולחים פון דעם אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָ־בען בעדאַרפט אויספאָרשען, צי עס לוינט זיך פון סאָציאַליסטישען שטאַנדפּונקט אוועקצולעגען ענערגיע אויף די בעאַרבייטונג פון יענעם שטיקעל מענשהייט, וואָס רופט זיך דאָס אידישע פאָלק.

דער „בונד" האָט גע׳טענה׳ט: יע, עס לוינט זיך! דאָ וואַק־סען נייע קאַדרען פון דער סאָציאַליסטישער אַרמעע, ווייל דאָס אי־דישע פאָלק פּראָלעטאַריזירט זיך. די געגנער האָבען גע׳טענה׳ט: ניין, אין גלות לוינט זיך עס ניט, ווייל אין גלות קאָן זיך דאָס אידי־שע פאָלק ניט פּראָלעטאַריזירען. זאָל אויך דאָס אידישע פאָלק קאָנען צושטעלען קאַדרען צו דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג, מוז עס פריהער האָבען אַן אייגען לאַנד און אַן אייגענע קאַפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג. אָבער אַזוי ווי אָהן דער בורזשואַזיע קאָן קיין אייגענע

לאנד ניט געוואונען ווערן, איז ממילא דערפון געדרונגען, ערשטענס, אז מען דארף געהן האנד אין האנד מיט דער בורזשואזיע, און, צווייטענס, אז אין גלות קאן ניט זיין קיין ערנסטע סאציאליסטישע ארבייט און עס קאן ניט זיין קיין ערנסטע אידישע סאציאליס־טישע בעוועגונג.

אבער בעת די דעבאטאנטען האבען זיך אזוי ארומגעקריעגט וועגען דעם גורל פון דער אידישער נשמה אין גלות, — צי זי זאל, חס ושלום, בלייבען א קליין קרעמערישע, אויב „ניט־פראלעטארי־זאציע", אדער ווערן אם־ירצה־השם א סאציאליסטישע, אויב „יע־פראלעטאריזאציע", — האט דאס פראבלעם גופא געהאט א סך אן אנדער בעדייטונג: א וויכטיגערע און נעהענטערע צו דעם לע־בען און די נויטען פון דעם אידישען פאלק.

אויב דאס רוב אידישע קליינע הענדלער און „לופט"־מענשען קאנען און מוזען ווערן פראלעטאריער און אויב ס'איז אונמעגליך, אז יעמאלט זאל נאך בלייבען בעשטעהן דער אנטיסעמיטיזם, איז יעמאלט די שאלת־היהודים, די אידען־פראגע פערענטפערט.

אט דאס איז אייגענטליך דער בונדיסטישער פעלז, אויף וועל־כען עס ווערן געבויט אלע זיינע האפנונגען פאר א מעגליכקייט פון א אידישען לעבען אין גלות.

מיר מוזען דעריבער מיט אונזער קריטיק אויספרובען די שטארקקייט פון דעם דאזיגען פעלז. אמת, אפילו ווען אלע וואלען פון דער קריטיק זאלען זיך צונויפברעכען אן דער מאכט פון דעם פעלז, וועט נאך יעמאלט בלייבען הענגען אין לופטען די שאלת־היהודות, די פראגע וועגען אן אייגענער, פרייער און זעלבסטשטענ־דיגער קולטור, אבער די שאלה איז א שפעטערדיגע און מיר קאנען זי אין גאנצען לאזען אן א זייט, ווייל זי קאן סיי ווי סיי ניט בע־האנדעלט ווערן אין דער ראהם פון אונזער היינטיגער ארבייט.

לאמיר בלייבען ביי דעם פראבלעם פון אנטיסעמיטיזם, און נאר פון דעם שטאנדפונקט מוזען מיר איצטער זיך נעהנטער צו־קוקען, צי דעם „בונד'ס" אפטימיסטישע טעאריעס זיינען באמת געגרינדעט אויף א פעסטען יסוד און צי קאנען מיר גלויבען אין יענער צוקונפט, וועלכע דער „בונד" מאלט אונז אויס, צי קאנען

מיר באמת האפען, אז די אידישע ארבייטערשאפט וועט מאכען א סוף צו אונזער ערגסטען שונא, דעם אנטיסעמיטיזם.

אויף וואס רוהט דעם „בונד'ס" גלויבען, אז די מאיאריטעט פון דעם אידישען פאלק דארף ווערן א שטאטישע, ארבייטער־בע־פעלקערונג? אין דער לעצטער שורה, ניט אויף די ערפאהרונגען פון דעם לעבען. ווייל זיי זענען נאך אזוי ווייניג און אזוי פול מיט ווידערשפרוכען, נאר אויף א מארקסיסטישען „געזעץ" און אויף א לאגישער דעדוקציע. ביי אלע פעלקער — אזוי זאגט דער מארק־סיזם, — מוז דער פראלעטאריאט ווערן די אומגעהייערע מאיארי־טעט פון דער בעפעלקערונג. אידען זענען א פאלק, ממילא מוז דאס זיין אמת אויך פאר איהם.

דער פעהלער, וואס דער „בונד" מאכט דערביי, איז ניט אזוי זיין פעסטער גלויבען אין יענעם גרויסען אויבער־„געזעץ", ווען אפילו דאס אליין איז שוין א גאנץ היבשער טעות. אויך ליעגט ניט דעם „בונד'ס" גרייז אין דעם, וואס ער בעטראכט די אידען ווי א פאלק. דער „בונד" האט דא ארויסגעלאזען פון אויג אן אנדער זאך, וואס געהט לחלוטין ניט להיפך צו דעם מארקסיזם. ער האט פערזעהן, אז יענער געזעץ איז געשריבען געווארען ניט פאר פעלקער, נאר פאר געזעלשאפטען, ד. ה., פאר דעם סכום מענ־שען, וואס זענען צונויפגעבונדען אין איינעם מיט די שטריק פון איין־און־דערזעלביגער געזעלשאפטליך־עקאנאמישער באלעבאטיש־קייט, וואס ווערט אין זער לעצטער שורה קאנטראלירט און איבער־וואכט פון א שטאאטליכען פיהר.

נאר פאר זיי, פאר די געזעלשאפטען איז געשריבען געווארען דער דאזיגער געזעץ, אפילו ווען מען זאל אננעהמען אז ער איז אבסאלוט ריכטיג, נאך בשום אופן ניט געדרונגען, אז אלע פעלקער מוזען דורכמאכען דעם פראצעס פון פראלעטאריזאציע.

נעהמט צום ביישפיעל רוסלאנד, מיט זיינע הונדערט און פופ־ציג מיליאן איינוואוינער. ווען אין רוסלאנד וועלען, אם ירצה השם, זיין הונדערט מיליאן ארבייטער, וועט מען שוין גאנץ געוויס קענען זאגען, אז אן אומגעהייערע מאיאריטעט פון זיין בעפעלקע־רונג האט זיך שוין פראלעטאריזירט. אבער דאס וועט בשום אופן

ניט הייסען, אַז אַלע פעלקער, וואָס וואוינען אין רוסלאַנד, זענען אויך פּאַנאַנדערגעפאַלען אין אַ דריטעל בורזשואַזיע און צוויי דריטעל פּראָלעטאַריאַט. צווישען די פופציג מיליאָן בורזשואַזיע קאָנען זיך געפינען אַלע פּוילען, אַלע דייטשען, אַלע לאַטישען, און עס בלייבט נאָך פּלאַץ פאַר אַ היבשע ביסעל אמת'ע מאָסקאַליעס. על כל פנים, איז עס שווער צו זעהן, וואו דאָ זאָל ליעגען דער מוז, אַז די 4% אידען זאָלען ארויסשיידען פון זיך צוויי דריטעל לוין־ארבייטער. די עטליכע פאַקטען וואָס מיר זעהן אין רוסלאַנד און אין אַמעריקאַ זענען לגמרי ניט קיין בעוויז. אין רוסלאַנד האָט זיך דער איד געמוזט נעהמען צו דער ארבייט, ווייל מען לאָזט איהם ניט האַנדלען, און ווייל רוסלאַנד'ס קאַפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג איז נאָך צו יונג, פון איהר זאָלען קאָנען לעבען נאָך אַ פינף־זעקס מיליאָן מענשען. אָבער זאָל די קאַפּיטאַליסטישע ענטוויקלונג אָנהויבען געהן, ווי דער מאַרקסיסטישער סדר איז; זאָלען אַלע רעכטליכע באַריערען פערשווינדען, וואָס שטערען די ענטוויקלונג פון דעם אידישען האַנדעל אין אַלע זיינע פאָרמען און גרויסען, — וואָס וועט יעמאָלט דעם אידען צובינדען צו דעם וואַרשטאַט און דער מאַשין?

מיר שטעלען אַוועק די שאלה פאַר אידען און ניט פאַר אַלע אַנדערע פעלקער, ווייל מען דאַרף זיין אַ בלינדער אָדער מיט אַ כיון צומאַכען די אויגען, כדי ניט צו זעהן דעם פאַקט, אַז דאָס אידישע פאָלק איז אין דעם פונקט אַן אויסנאַהם, — אַ טרויעריגע אָדער אַ פרעהליכע, — ווי איהר ווילט אַזוי נעהמט דאָס אָן. אויף וויפיעל דאָס הענגט אָב פון זיין אייגענעם גוטען ווילען, קאָן דער איד ניט אריבערטראָגען קיין פיזישע לוין־ארבייט.

דאָ שפּיעלט די הויפּט־ראָלע ניט אַזוי די פיזישע שוואַכקייט זיינע, — ער קלייבט סיי ווי סיי אויס די לייכטערע ארבייטען, — אויך ווירקט דאָ ניט קיין פוילקייט, ווייל דער איד איז בטבע דוקא פול מיט ענערגיע און שאַפונגס־לוסט. די הויפּט־„צרה" איז דאָ די גאַנצע „פּסיכאָ־פיזיק" פון דעם אידען: זיין איינגעבאָרענער „אַנאַרכיזם", וואָס קאָן ניט אריבערטראָגען קיין אויבער־האַרד אויף זיך; זיין אונרוהיגער, נערוועזער טעמפּעראַמענט, וואָס דערלײדעט ניט די איינטאָניגקייט פון דעם ארבייטער־לעבען; זיין

לוסט צו איניציאַטיווע, צו מאַכען, „ווי איך וויל״; זיין קאָנקור־רענץ־לוסט, וואָס טרייבט איהם אַריבערצויאָגען דעם אַנדערען, צו הויבען זיך אַלץ העכער און העכער; זיין וועלען אַ שפּיעל טהאָן מיט די שאַנסען פון׳ם לעבען און אויספּרובען דעם אייגענעם מזל; זיין אויפגעוועקטער, אייביג אַרבייטענדער פערשטאַנד, וואָס קאָן לייכט אויסנוצען די געלעגענהייטען; זיין איינגעהאַלטענקייט און שפּאָרעוודיגקייט אין די ערשטע צייטען, ווען מען דאַרף קומען „צו די ערשטע פּאָר גראָשען קאַפּיטאַל״. דאָס זענען אַלץ שטריכען פון דעם אידישען כאַראַקטער, וואָס וועלען איהם אייביג אַוועק־ציהען פון דער פיזישער לוין־אַרבייט.

אַנטקעגען אָט דעם פאַקט קאָן מען אויך ניט ברענגען די ראיה פון אַמעריקאַ, וואו עס האָט זיך שוין כלומרשט אויסגעביל־דעט אַ שטענדיגער אידישער אַרבייטער־קלאַס, וואָס טראַכט ניט וועגען קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר וועגען דעם גורל פון דער לוין־אַרבייט. די שטענדיגקייט פון דעם דאָזיגען אַרבייטער־קלאַס שטעהט גראָד אין דעם גרעסטען ספק.

ליידער האָבען מיר דאָ ניט קיין סטאַטיסטישע צאָהלען. אונ־זערע אַרבייטער־פיהרער האָבען זיך איין מאָל פאַר אַלע מאָל איינ־געשמועסט, אַז דער אידישער אַרבייטער קאָן ניט האָבען קיין אַנדערע ספּעציפיש־אידישע אייגענשאַפטען, איידער דער ניט־אי־דישער, און אַז עס איז דעריבער ניטאָ, וואָס צו שטודירען אין איהם; אָדער זיי זענען סתם גרויסע עם־הארצים, שאינו־יודע־לשאול׳ם אין דער סאָציאַלער פראַגע, וואָס ווייסען ניט, ווי און וואָס צו פרעגען ביי דער אידישער ווירקליכקייט, כדי אויסצו־געפינען איהרע כאַראַקטעריסטישע שטריכען; אָדער אין בעסטען פאַל, זענען זיי אַסימילאַטאָרען, וואָס האַלטען די גאַנצע אידישע ווירקליכקייט פאַר אַן איין־טאָג־פליעג, וואָס מוז באַלד פערשוויג־דען. ווי די מעשה איז, איהר וועט אין אונזער סאָציאַליסטישער פּרעסע אין אַמעריקאַ ניט אַנטרעפען קיין ערנסטען פּרואוו אויס־צוגעפינען, ווי לאַנג אַ אידישער אַרבייטער האַלט זיך ביי דער אַרבייט.

אָבער אויב מיר קאָנען איצטער ניט אָנפיהרען קיין סטאַטיס־טישע צאָהלען, וואָס זאָלען בעווייזען, ווי אונבעשטענדיג די־

אידישער ארבייטער־קלאס איז אין אמעריקא, ווייס אבער יעדער איינצעלנער פון אונז פון די הונדערטער פאקטען און ביישפיעלען אין לעבען, אז ד א ס ר ו ב. קוקט דער איד אויף זיין ארבייט נאר ווי אויף אן א י ב ע ר ג א נ ג ס ־ צ ו ש ט א נ ד און אלע זיינע געדאנקען זענען אריינגעטהאן ניט אין דעם, ווי אזוי צו פער־שטארקען זיינע פאזיציעס אלס ארבייטער, אז זי, די ארבייט, זאל בלייבען זיין מקור חיונה פאר איהם אליין און פאר זיינע קינ־דער. אומגעקעהרט: זיין גאנצער טראכטען און זארגען איז — ווי אזוי אליין ארויסצורייסען זיך פון די שקלאפישע קעיטען פון דער לוין־ארבעט, אדער לכל הפחות, בעפרייען פון זיי די קינדער.

נאר די גאר אבגעלאזענע אדער אויסגעמאטערטע שיידען זיך מיט הארץ־ווערהטאג פון דעם דאזיגען אידעאל, גיבען א מאך מיט'ן האנד אויף זייער צוקונפט און לאזען זיך דרעהען אין דרייען פון דעם לעבען, „ווי עס דרעהט זיך". דער וואס האט נאר אביסעל ענערגיע און לעבענס־קראפט אין זיך וועט ניט רוהען, ביז ער וועט ניט ארבווארפען פון זיך די יאך פון דעם „שאפ". איך ווייס ניט, אויף וויפיעל דאס איז אמת ביי דעם האנדעלס־פראלעטאריאט, אבער אין דער אינדוסטריע און האנדווערק זעגען דאס מעשים בכל יום; מען ארבייט אב א פאר יאהר, קלייבט צונויף א פאר דאלאר און מען נעהמט זיך פאר א שטיקעל „געשעפט". גליקט אב, שלאגט מען זיך דורך ווי עס איז; אויב עס געהט שלעכט, קעהרט מען זיך באין ברירה ווידער אום צוריק אין „שאפ", ווידער צונויפהונגערען א פאר גראשען, בכדי ווידער אויסצופרואווען דעם מזל אין אן אייגענער אונטערנעהמונג.

אין די גרעניצען פון מיין היינטיגען ארטיקעל קאן איך מיך ניט אבשטעלען אויף דעם זעהר וויכטיגען און אינטערעסאנטען פונקט. עס איז אויך ניט דא דער ארט פאנאנדערצוקלייבען די עטישע זייט פון דער פראגע: זאלען מיר בעטרויערן דעם פאקט, וואס דער א י ד וויל ניט זיין קיין לוין־ארבייטער, אדער אדרבא, פרעהען זיך מיט דעם. דא דארפען מיר נעהמען די ערשיינונג ווי זי איז און זיך א פרעג טהאן, אויב אין אמעריקא קאן מקוים ווערן דאס שטרעבען פון דעם אידישען ארבייטער אין גאנ־

צען צו פערלאָזען דאָס פעלד פון פּיזישער לוין־ארבייט. די פראַגע איז ניט אַזוי פערוויקעלט, עס זאָל שווער זיין ארויסצוגעפינען אויב ניט דעם אבסאָלוט ריכטיגען ענטפער, איז דעם, וואָס איז קרוב לאמת.

עס פערשטעהט זיך, אַז אַ געוויסע גרעסערע אָדער קלענערע צאָהל אידישע ארבייטער וועט אַלע מאָל בלייבען אין דער אידישער גאַס. אָבער איך רעכען, עס זענען דאָ גענוג טעמים אָנצונעהמען, אַז די דאָזיגע צאָהל וועט שטענדיג שטרעבען צו דערגרייכען דעם מעגליכען מינימום. עס זענען דאָ אַ מאַסע בעדינגונגען, וואָס וועלען אין דער צוקונפט נאָך מעהר איידער איצטער אראָבדריקען די צאָהל אַלץ טיעפער און טיעפער. דער הויפּט־צואוואַקס פון דער אידישער ארבייט אין אמעריקא שטאַמט פון דער אימיגראַציע. די אימיגראַציע אָבער מוז זיך דאָך ווען עס איז אָבשטעלען אָדער אָנהויבען רינגען אין אַ סך ענגערען אָדער שוואַכערען שטראָם. די אומשטענדען אין די מזרח לענדער קאָנען בעסער ווערען, אָדער אמעריקא וועט מאַכען נאָך שווערער און ענגער דעם ארייננאַנג, און מחמת דעם אליין וועט דער צואוואַקס ווערען אַלץ קלענער און קלענער. אָבער אפילו אַז די אימיגראַציע זאָל נאָך לאַנג אָנהאַלטען אין איהר איצטיגער גרויס, איז דאָס נאָך אויך ניט קיין גאַראַנטיע פאַר אַ בעשטענדיגען וואַקסען פון דעם אידישען פּראָלעטאַריאַט. דער הויפּט־דרוק, וואָס פּרעסט דעם אידען אריין אין דעם „שאָפּ" איז די „אונבעהאָלפענקייט" אין די ערשטע צייט פון זיין קומען, דער מוטער־עלענד, וואָס בעגעגענט איהם אין דער פרעמד. אָהן אַ גראָשען געלד, אָהן דער קענטעניס פון'ם לאַנד און פון דער שפּראַך, ווערט ער אריינגעטריבען אין די גרויסע צענטערן, וואו דער קעסעל־גרוב פון דעם אמעריקאַנישען לעבען כאַפּט איהם אויף און דרעהט איהם קודם כל אריין אין דעם „שאָפּ". אָבער די „רעגולירונג פון דער עמיגראַציע", וואָס ווערט טאָג־טעגליך געטהאָן פון זיך אליין. גראָבט אוים אַלץ מעהר קאַנאַלען צווישען די גרויסע שטעדט און די קליינע, צווישען דעם „מזרח" און דעם וויטען מערב און דרום, וואו עס איז נאָך אָפען אַזאַ גרויסער און ברייטער פעלד פאַר דעם אידישען — „פעדלער" און

הענדלער. קיין מאכט אין דער וועלט, — אפילו ניט דער אנטי־סעמיטיזם, וועלכען דער הענדלער און פעדלער האָט פאנאנדער־געטראָגען אומעטום איבער'ן לאנד, — וועט ניט קאָנען אריינ־צווינגען דעם אידען צוריק אין שאָפּ אריין דאָרטען און יעמאָלט, וואו ער וועט האָבען די מעגליכקייט אָדער די אויסזיכט — א ו י ף ד ע ם א י י ג ע נ ע ם ח ש ב ו ן, פיהרען זיין אייגענע באלע־באטישקייט, ווי אָרעם און אונזיכער זי זאָל ניט זיין.

און אחוץ דעם וואקסען איצטער אָן קאָנקורענטען אויף דעם אידישען ארבייטער אפילו אין יענע פראָדוקציאָנס־צווייגען, וועל־כע ער, דער איד, האָט אויסגעבוט מיט זיין בלוט און שוויים, קאָנקורענטען, וואָס טרייבען איהם ארויס פון דעם פאך. דער איטאַליענער רוקט זיך ביסלעכווייז אריין אין די אזוי אָנגערופענע אידישע טריידס, און נאָך די איטאַליענער וועט קומען דער סלאָוואק און אפשר אויך דער נ ע ג ע ר, וואָס הויבט זיך ערשט איצטער אָן זיך אויסצומענשלען און צוצופאסען צו די בעדינגונגען פון דער פרייער לוין־ארבייט. די קאָנקורענץ פון דעם ניט־אידישען אר־בייטער מיט דעם אידישען איז שוין א פאקט, וואָס הויבט זיך אָן צו ווארפען אין די אויגען. און גאנץ נאטירליך וואקסט ארויס מיט דעם פאקט אויך די ערשיינונג, וואָס דער אידישער באלעבאָס וועט גאנץ זיכער וועלען בעסער האָבען ביי זיך ניט־אידישע, איידער אידישע ארבייטער, ווייל דער ניט איד איז א בעסערע, זאפטי־גערע פירה צום בכבוד'ען אויסזויגען, איידער דער איד.

מחמת אָט די אלע טעמים — און נאָך א טוץ אנדערע — איז דאָ ווייניג האָפענונג אויף די פראָלעטאריזירונג פון די אידי־שע מאסען, אויף דעם אויפבוי פון א שטענדיגען אידישען ארביי־טער־קלאס. א ו מ ע ט ו ם, א י ן י ע ד ע ן ע ק א נ א מ י ־ ש ע ן א ר ג א נ י ז ם, ו ו א ו ד א ס א י ד י ש ע פ א ל ק וועט זיין א מעוט פ ו ן ד ע ר ג א נ צ ע ר ב ע ־ פ ע ל ק ע ר ו נ ג, ו ו ע ט ד ע ר א י ד י ש ע ר פ ר א ל ע ־ ט א ר י א ט ז י י ן א מ ע ו ט פ ו ן ד ע ם א י ד י ש ע ן פ א ל ק. און וואָס גרעסער עס איז דאָס לאנד וואו די אידען וואוינען ווי א מעוט, אלץ גרעסער מוז זיין דער פראָצענט אידען

וואס לעבען פון האנדעל אדער זעלבסטשטענדיגע אונטערנעהמונ־גען, אלץ קלענער די צאהל פון דעם אידישען פראלעטאריאט.

אויב עס זענען דא וועלכע עס איז אייזערנע געזעצען אין דער עקאנאמישער ענטוויקלונג פון דעם אידישען פאלק, איז דאס דער אייזערנער געזעץ פון דער אידישער „ניט־פראלעטאריזאציע". און גראד מיט דעם געזעץ האט זיך דער „בונד" ניט געוואלט רעכענען.

רעכענט מען זיך אבער ערנסט מיט דעם „געזעץ", מוזען אויסוואקסען גאנץ נייע פראבלעמען פאר דער ענטוויקעלונג פון דעם סאציאליזם צווישען דעם אידישען פאלק און עס מוז נאך אמאל איבערגעקוקט ווערען דער מארקסיסטישער „אני־מאמין", אז נאר דער לוין־ארבייטער, דער „פראלעטאריער" קאן זיין דער טרעגער פון א סאציאליסטישער בעוועגונג. אבער די פראגע גע־הערט שוין צו א גאנץ אנדער קאפיטעל. פאר אונזער היינטיגען צוועק איז נאר נויטיג ארויסצוברענגען פון יענעם געזעץ, אז אלע „אידישע" האפענונגען, וואס מען פערבינדט מיט דער ענטוויקעלונג פון דעם קאפיטאליזם און דעם וואקסען פון דער אידישער ארביי־טערשאפט, זענען געבויט אויף אבסטראקטע פארמולען, אריבער־געטראגען פון דער פרעמד און מעכאניש צוגעפאסט צו דער אידי־שער לאגע. זאגט מען זיך אב פון יענע מעכאנישע פארמולען און דריגנט מען אריין טיעפער אין דאס ווירקליכע לעבען, בעקומט מען א גאנץ אנדער בילד.

מיט דער ענטוויקעלונג פון דעם קאפיטאליזם וואקסט די מעגליכקייט פאר דאס אידישע פאלק נאך טיעפער און צאהלרייכער אריינצודרינגען אין דער האנדעלס־ספערע און אין די ליבעראלע פראפעסיעס און אלץ אונבעדייטענדער ווערט די מאכט פון דעם אידישע פראלעטאריאט, ווי א פערטרעטער פון דעם אידישען פאלק פאר דער דרויסענדיגער וועלט. די פערשארפטע עקאנאמישע קאנ־קורענץ צווישען דעם אידען און דעם ניט־אידען, וואס וואקסט אן פראפארציאנעל מיט דער ענטוויקלונג פון דעם קאפיטאליזם, שמיי־נערט אין דערזעלביגער מאס דער אידען־האס, פון וועלכען עס מוז סוף־כל־סוף ליידען אויך דער אידישער פראלעטאריער. אבער — צו קליין אין צאהל, צו לויז ארגאניזירט, ווייל ער איז אויפגעבויט

פון ניט-בעשטענדיגע עלעמענטען, איז ער נישט ביכולת אויפצוהאַל-
טען דעם אנטיסעמיטישען שטראָם לאָז זיין אויף אזוי פיל, אז
ער זאָל ניט אריינדרינגען אין די צייל̃ען פון דער ניט-אידישער
ארבייטערשאפט, אפילו דער אָרגאַניזירטער און סאָציאַליסטישער.

איך קום דאָ צו אַן אָנגעוועהטאָגטען פונקט, וועלכען עס
וואָלט זיך ניט געוואָלט אָנריהרען נאָר פון אויבען-אויף, — דעם
אַנטיסעמיטיזם פון דער ניט-אידישער ארבייטערשאפט. מען מוז
עס אָבער טהאָן, ווייל דאָס געהט דירעקט אריין אין אונזער טהעמע.

דער, וואָס איז ניט פערבלענדט פון קיינע פארטיי-דאָגמען און
האָט קיין מורא ניט אויסצומאָלען דעם שד אויפ'ן וואנד, ווייל אין
קיין געמעלעכץ קאָן ער ניט זיין שרעקליכער, איידער ער איז, וויס
שוין פון לאַנג אָן דאָס, וואָס איז אַן אָפענער סוד פאר אלע געגנאָ-
סען און וועגען וואָס מען האָט קיין מוטה ניט צו רעדען אָפען.
איך מיין דאָ דעם שרעקליכען פאקט, וואָס אפילו די געבילדעטסטע
אַרבייטער פון דער וועלט, — די פראַנצויזישע, ענגלישע און אמע-
ריקאַנישע, — וועגען שוין פון די פוילישע, רוסישע און אָרמע-
נישען — זענען בדרך כלל ניט נאָר ניט פריי פון אַנטיסעמיטישע
געפיהלען, נאָר שטעהען אין פרט בשום אופן ניט הינטער די איבע-
ריגע שיכטען פון דער בעפעלקרונג.

די לאַגע פון דער אידישער ארבייטערשאפט צווישען דער
ניט-אידישער איז, — לאָמיר רעדען אזוי פאַרזיכטיג, ווי עס איז
נאָר מעגליך, — גאָר-גאָר ניט קיין חשוב'ע.

אמת, אין די מאָמענטען פון אַ געזעלשאפטליכער אויפרודע-
רונג, ווען דער אידישער פראָלעטאריאט שטעלט זיך אין פראָנט
פון דעם קאַמף פאר דער גאַנצער ארבייטערשאפט, שטייגט די
חשיבות פון „מאָשקאַ" — און די אטמאָספערע ווערט פול מיט
פראַזען פון אינטערנאַציאָנאַלע ברידערליכקייט און סאָלידאַריטעט
אפילו מיט דעם אידען, — פראַזען, וועלכע מען גלויבט מעהר
אָדער ווייניגער ערנסט, פאַלען אָבער אָב די וואַלען פון דער אויפ-
רודערונג און דאָס לעבען טרעט אריין אין זיינע געוועהנליכע ברע-
גען, אזוי טרעט ארויס דער אלטער אנטאַגאָניזם צווישען איד און
ניט-איד, די אלטע אַנטיפאַטיע צו אונזער פאָלק. פון ברידערליכע
סאָלידאַריטעט בלייבט ניט קיין זכר. מיט די אידען אין דער

ארבייטער־בעוועגונג רעכענט מען זיך נאך אויף אזוי פיעל, אויף וויפיעל זיי קאנען זיך מקריב זיין פאר אנדערע. אידען מוזען שטיצען ניט־אידישע סטרייקס, בעת ניט־אידען האבען כמעט קיין מאל ניט געשטיצט קיין אידישען סטרייק. אין א ניט־אידישען שאפ ווילען די ארבייטער קיין אידען ניט ארייננלאזען, און אז א קליינע מינאריטעט דרינגט דורך, דארף זי אויף דעם העכסט שענדליכען אופן פערבארגען דעם פאקט פון איהר אידישער אבשטאמונג, צופאסען זיך צו דער אומגעבונג אזוי, אז מען זאל זיי ניט דערקענען, אדער זי מוז אויסשטעהן נגישות און רדיפות, נאך ערגער, איידער אין א רוסישער קאזארמע.

איך מוז צוגעבען, אז שולדיג אין אזא בעהאנדלונג פון דעם אידען זענען צו א גרויסען טייל די אידישע ארבייטער גופא דורך זייער שקלאפישע געדולד און — לאזט מיך רעדען גאנץ אפען — דורך זייער הינטישער צוגעלאזטקייט. על כל פנים דארמען, וואו עס געפינען זיך נאציאנאל־בעוואוסטע אידישע ארבייטער, וואו זיי טרעטען ארוים אפען און מוטיג פאר זייער מענשליכע און ממילא אויך נאציאנאלע ווירדע, דארטען ווערט דער אנטיסעמיטיזם, פערשטעהט זיך, ניט פערשוואונדען, אבער די „אנטיסעמיטישע האוואיעס" ווערן געהאלטען אין צוים...

ווי געזאגט, איך קאן מיך דא איצטער ניט אבגעבען באריכות מיט דעם ענין. עס וועט זיך מאכען א פאסענדערע געלעגענהייט, ווען מען וועט זיך דארפען דורכרעדען ערנסט מיט אונזערע אסימילאטארישע ארבייטער־פיהרער און פאדערן פון זיי א דין וחשבון פאר יענער הינטישער צוגעלאזטקייט צו דעם „גוי" וועלכע זיי האבען ניט אויסגעראט ביי דעם אידישען ארבייטער, אדער אפשר נאך גאר פערשטארקט מיט יענער שענדליכער, שקלאפישער, געמיינער, פחות'ערך'דיגער לעהרע זייערער, אז א מינאריטעט טאר דורך איהר אויסערען אויסזעהען ניט ארויסרופען קיין אום־חן ביי דער מאיאריטעט. עס קאן זיין, אז זיי מיינען דערמיט דעם ארבייטער'ס טובה. עס קאן זיין, אז זיי חלום'ט זיך, לכל הפחות, אין דעם לעבען פון דער ארבייטערשאפט, יענע משיח־צייט, ווען דער לייב וועט זיך אויפ'ן גרינעם גראז פיטערען אין איינעם מיט דעם קאלב און דעם לאם. אבער — וואס געהט אונז אן, וואס יענע

און שעהנקייט", ווי דאָס טהוט העדר זשיטלאָוווסקי? וואָס זשע איז דען היילינקייט, אויב ניט די פערסאָניפיצירונג פון די דריי ליכטיגע אידעאַלען פון דער מענשהייט?" *)

ווען איך וואָלט אפילו צוגעגעבען, אז „היילינקייט" איז ניט מעהר ווי א צונויפשמעלצונג פון אמת, יושר און חן, וואָלט איך יעמאָלט געבליבען די שאלה וועגען „אונענדליכקייט", וואָס לאָזט זיך ניט אריינשטופּען אין די דאָזיגע דריי־איינינקייט פונעם מענשליכען אידעאַל. אין דער אמת'ן זענען דאָ א סך רעליגיאָנס־וויסענשאַפטליכע טעאָרעטיקער — ווי צ. ב. עדוואַרד צעללער און מאַקס מיוללער — וואָס דערקלערען דעם וועזען פון רעליגיאָן נאָך דורך דעם שטרעבען פון דעם מענשען צו אונענדליכקייט.

אָבער אויך אין דעם פונקט פון היילינקייט קאָן איך ניט מסכים זיין מיט מיין געעהרטען הערין קריטיקער. „היילינקייט" ווי „אונענדליכקייט" זענען גאַנץ בעזונדערע געפיהלען, אייגענאַרטיגע, און עס איז ניט לייכט אין ווערטער אויסצודריקען זייער תוך. מיר וועלען מיט א פּאָר ביישפּיעלען בעווייזען, אז די היילינקייט איז א בעזונדער געפיהל, וואָס שפּרינגט ארויס אין גאַנץ בעשטימטע פעלען, און האָט ניט צו טהאָן מיט א צונויפגיסונג פון אמת, יושר און שעהנקייט.

בעטראַכט א זיצונג אין א געריכטס־הויז. מען בעשולדיגט א שלעפּער, אז ער האָט גע'גנב'עט א ווערטפולען חפץ און האָט קונציג בעהאַלטען אַלע עקען פון זיין פערברעכען. דער פּראָקוראָר איז א שאַרפזיניגער שערלאָק־האָלמישער קאָפּ און פון א פּאָר פאַקטען, וועלכע דער שלעפּער און זיין אדוואָקאַט קאָנען ניט לייקענען, שמידט ער אוים א רינג נאָך א רינג, א גאַנצע אייזערנע קייט פון ארגומענטען, און ברענגט ארויס דעם אמת, אז עס האָט ניט געקאָנט זיין קיין אנדער גנב, א חוץ דעם אָרעמען שלעפּער. די גאַנצע פּראָצעדור שפּיעלט זיך אָב אין אן אטמאָספערע פון שעהנקייט. שעהן איז דער געריכטס־זאַל, שעהן די רעדען פון די געבילדעטע יוריסטען, שעהן די זשעסטען פון זייערע הענד, שעהן דער פריהלינגס־טאָג, וואָס רייסט זיך אריין אין די אָפענע פענסטער. אפילו דאָס אויסזעהן פון דעם שלעפּער, זיינע צור־

*) „יעווריעיסקי מיר" נומ. 30, 1911.

דענץ צווישען איד און נים־איד אין האנדעל און אין די פרייע פראָפעסיעס, מוזען איהר מאָנ־טעגליך צוגעפיהרט ווערען אלע נייע און נייע לעבענס־כחות.

דער אידישער ארבייטער וועט דעריבער זיין בליק פון דער צורייצטער חיה נים טאָרען אראבלאָזען נים אויף איין רגע, אפילו אין די צייטען פון דער ארבייטערשאפט גופא, ווייל, אין אן אונ־בעוואכטען מאָמענט, קאָן זי פלוצלונג א שפרונג טהאָן אויף זיין נאקען און ארייגלאָזען אין איהם איהרע נעגעל.

פון די אלע ארגומענטען איז געדרונגען, אז נים אין דער פאָב־ריק האָבען מיר צו זוכען די פערענטפערונג פון דער אידישער פראַ־גע. קליין אין צאָהל, לויז צונויפגעהעפט, דורך איהר נים בעשטענ־דינקיים, קאָן די אידישע ארבייטערשאפט נים איספאָנירען דער דרויסענדיגער וועלט און ממילא נים זיין יענע איינציגע מאכט, וואס זאָל האלטען אן צוויק דעם געזעלשאפטליכען אנטיסעמיטיזם.

און עס פליהט פונאנדער ווי רויך יענע אידישע האפנונג, וואס איז געווען פערבונדען מיט דעם פראָגראם פון דער „בונד".

5.

דער אנאליז פון די דריי וויכטיגסטע שטרעמונגען אין דעם אידישען לעבען, — דער אסימילאטאָרישער, דער ציוניסטישער און דער בונדיסטישער, — האט אונז בעוויזען, אז אין זייער שטעלונג צו דעם אנטיסעמיטישען פראָבלעם האָבען זיי נים גע־קאָנט אויסגעפינען יענעם אויסוועג אָדער יענעם סיסטעם פון מיט־לען, וואס זאָל קאָנען ראדיקאל פארטיג ווערן מיט דער אידישער פראגע, אויף וויפיעל זי האט זיך צו רעכענען מיט דער אייביגער שנאה צו דעם אידישען פאָלק.

די פערשווינדונג פון דעם אידישען פאָלק, וואס ווענען דעם טרוימט דער אסימילאטאָר, וואלט באמת געווען דער ראדיקאלסטער מיטעל אנטקעגען דעם אנטיסעמיטיזם. די צרה איז אבער, וואס די אסימילאציאָנס־טעאָריע ליידט פון א שרייענדען ווידערשפרוך צווישען איהר אידעאל און די מיטלען, ווי אזוי דעם אידעאל דורכ־צופיהרען אין לעבען. כדי זיך צו בעפרייען פון דעם אנטיסעמי־

טיזם דארפען מיר פערשווינדען צווישען די פעלקער, דארפען מיר זיך דערנעהנטערן צו די ניט־אידען, אבער וואס מעהר מיר דער־נעהטערען זיך צו זיי, אלץ שטארקער ווערט דער אנטיסעמיטיזם.

א ראדיקאלע הילף וואלט גאנץ געוויס געווען אייך דער ציוניזם אדער דער טעריטאריאליזם, ווען ער וואלט געקאנט מקוים ווערען אין יענעם גרויסען אונפאנג און אין יענע קורצע צייט, ווי דאס האט זיך גע'חלומ'ט זיינע בעגרינדער. ווי וויכטיג דער ציוניזם זאל ניט זיין פאר דער ווייטער צוקונפט און פאר א סך לעבענס־פראבלעמען פון דעם אידישען היינט, איז זיין מאכט אין דעם פרט פון קאמף אנטקעגען דעם אנטיסעמיטיזם זעהר בע־שרענקט. אן אייביגען פערדיענסט האט ער זיך ערווארבען פאר אונזער פראבלעם דורך דעם, וואס ער האט צום ערשטען מאל אויפ־געוויזען אויף זיין גאנצער וויכטיגקייט און האט — אין פרינציפ ווניגסטענס — ארויסגעבראכט איינס פון די הויפט־מיטלען צו דער צרה — דעם קאמף אנטקעגען דער אסימילאציע.

פראבלעמאטישער פאר ביידען, — סיי פאר דער אסימילא־ציע, סיי פאר דעם ציוניזם, — איז דער וועג, אויף וועלכען דער „בונד“ האט אנגעצייגט, — פערוואנדלען די מאיאריטעט פון דעם אידישען פאלק אין א בעפעלקערונג פון לוין־ארבייטער. דער וועג איז אי אוטאפיש, אי נוצלאז פאר אונזער צוועק. אוטאפיש דער־פאר, ווייל אין אן ענטוויקעלטער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט שטרעבט די צאהל פון אידישע לוין־ארבייטער צו דערגרייכען איהר מעגליכען מינימום; און נוצלאז דערפאר, ווייל אפילו יעמאלט ווען די מאיאריטעט פון דעם אידישען פאלק זאל ווערן א לוין־ארבייטער־מאסע, וועט זי ניט בעפרייען די ניט־אידישע ארביי־טערשאפט פון אנטיסעמיטיזם, וואס וועט בלייבען הערשען אין דער געזעלשאפט, א דאנק דער טעטיגקייט פון דער אידישער סוחר'ישער און פראפעסיאנעלער מינאריטעט, און א דאנק דער קאנקורענץ, וועלכער דער אידישער לוין־ארבייטער מוז מאכען דעם ניט־אידישען.

איז — וואו ליעגט דער אויסוועג?

פאר די, וואס האבען זיך טיעפער ארייגעטראכט אין דעם ענין, קאן ניט זיין קיין ספק, וואו דער אויסוועג ליעגט.

ער בעשטעהט ניט אין איין איינציגער טהאט, וואס זאל קאנען דורכגעפיהרט ווערען מיט איין מאל. ער ליעגט אין א גאנצען סיסטעם פון מיטלען און שטרעבונגען, וואס זאלען שוואכער מאכען יענע ווארצלען, פון וואנען דער אנטיסעמיטיזם ציהט זיין חיונה, ביז זיי וועלען אין גאנצען אבשטארבען.

דאס איז קודם כל דאס בעשטרעבען צו אן אייגענער אידישער פרייער היים. וואס מעהר אידען מיר וועלען ארויסציהען פון גלות און געבען זיי די מעגליכקייט צו פיהרען אן אייגענע קולטורעלע און עקאנאמישע פאלקס־באלעבאטישקייט, אלץ מעהר אידען וועלען זיין פריי פון אנטיסעמיטישע פלאגען, אלץ ווענינער אנטיסעמיטיזם וועט בעשאפען ווערען אין גלות און אלץ שוואכער וועט ווערען זיין מאכט. אבער די אייגענע היים טארען מיר ניט בעטראכטען אין דעם ליכט פון א קבוץ־גליות. דאס וואלט געווען א געפעהרליכע אוטאפיע, וואס וואלט אויסגעזויגט פון אונז די ענערגיע, וועלכע מיר דארפען אזוי נויטיג אין דעם קאמף פאר א בעסערע צוקונפט אין די גלות־לענדער. די אייגענע היים וועט, לויט די שעהנסטע חלומות אונזערע, זיין ניט מעהר, ווי א צענטראלער גליעד אין דעם גאנצען אידישען קערפער, די הארץ, וואס זאל טאג־אויס טאג־איין פומפען פרישע לעבענס־כחות אין דעם גאנצען אידישען ארגאניזם; אדער בעסער: א גייסטיגער רעזערוואר, וואס זאל דורך א סיסטעם פון קאנאלען שפייזען אלע טיילען דעם אידישען פאלק צוואָרפענע איבער דער גאנצער וועלט.

א חוץ דעם בעשטרעבען צו אן אייגענער היים, מוזען מיר זעהן דורכצופיהרען אין די גלות־לענדער לכל הפחות צוויי אנדערע רעוואלוציעס אין דעם לעבען פון דעם פאלק, איינע אן עקאנאמישע, די אנדערע א גייסטיגע. און וואס ראדיקאלער מיר וועלען זיי דורכפיהרען, אלץ שוואכער וועט ווערען די מאכט פון דעם אנטיסעמיטיזם.

די עקאנאמישע רעוואלוציע דארף בעשטעהן אין דעם, וואס די מאיאריטעט פון דער אידישער בעפעלקערונג פון יעדען לאנד זאל אבגעצויגען ווערען פון יענע ספערען, וואו עס קומט פאר

עקאָנאָמישער קאַמף צווישען מענש און מענש. ווייל אוטאָריטעט, וואו דער־האָזיגער קאַמף צווישען מענש און מענש שפּיעלט זיך אָב צווישען אידען און ניט־אידען, רעכענעט זיך אין די לעצטערע א מין „רייבונגס־עלעקטריע", א „רייבונגס־אַנטיסעמיטיזם", — אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקען, — מיט אונפערמיידליכע העסליגע אַנטיסעמיטישע „ענטלאַדונגען". די מאַיאָריטעט פון דער אידישער באַפעלקערונג מוז קאָנצענטרירט ווערן אין יענע עקאָנאָמישע ספערען, וואו עס קומט פאָר ניט א קאַמף פון מענש און מענש, נאָר א ק א מ ף פ ו ן מ ע נ ש א ו ן נ א ט ו ר. מיר מוזען אראָבקלעטערען פון יענע בוימער, ארום וועלכע מיר האָבען זיך פּאַראַזיטיש ארומגעפלאָנצט, ווידער לאָזען איינגע וואָרצלען אין דעם באָדען, אין אלע געביטען פון ערד־אַרבייט: תבואה־פּראָדוקציאָן, גערטנעריי, פיה־צוכט, בלומען־צוכט, מילך־ווירטשאַפט. און אַזוי ווייטער, — ווידער צופאַלען צו די פולע בריסט פון אונזער אַלעמענס מוטער, וועלכע פערטרייבט קיינעם ניט און טראָגט צו קיינעם קיין שנאה ניט, וועד עס זויגט זי אויס מיט ליעבע און פערשטאַנד.

די צווייטע, די גייסטיגע רעוואָלוציע, וואָס איז אַקוראַט אזוי וויכטיג, ווי די עקאָנאָמישע, דאַרף בעשטעהן אין דער ראַדיקאַלער דורכפיהרונג פון דעם פּרינציפּ: ד י א י ד י ש ע א י נ ט ע ל י ג ע נ ץ פ א ר ד א ס א י ד י ש ע פ אָ ל ק. די יונגע אידישע קולטור אין דער אידישער שפּראַך מוז, דורך דער אָרגאַניזאַציאָן פון דער ערציהונג, אויפגעהויבען ווערן צו דער מדרגה פון א פּראָגרעסיווער נ א צ י אָ נ א ל ע ר אידישער קולטור, וואָס זאָל קאָנען אויפציהען אַן אינטעליגענטען אידישען דור און בעפריעדיגען אַלע נויטען פון א פּראָגרעסיווען נאַציאָנאַלען לעבען. נאָר יענע אינטעליגענץ קאָן האָבען פאַר אונז א ווערט, וואָס וויל בלייבען מיט'ן פאָלק, לעבען פון דעם פאָלק און פאַר דעם פאָלק. מיר זיינען ניט נאָר ניט פעראינטערעסירט אין דעם צוצושטעלען די אומות העולם אינטעליגענטע אידישע קרעפטע. אדרבה! ביידע צדדים: סיי מיר, סיי די אומות העולם דאַרפען זיין פעראינטערעסירט אין דעם, אַז די אידישע אינטעליגענץ זאָל זיך א י ן נ א כ צ ע ן אומקעהרען אהיים און נעהמען אויף איהרע אַקסלען די

אחריות פאר דעם אידישען פראגרעס, די התחיבות אנצוזאפען די פארמען פון דעם אידישען לעבען מיט די בעסטע אידעאלען און ערא̇בערונגען פון דער מענשהייט.

און וואס ראדיקאלער עס וועט דורכגעפיהרט ווערן די גייסטיגע רעוואלוציע, וואס מעהר גייסטיגע אידישע קרעפט מיר וועלען געברויכען אין דער היים און וואס ווייניגער זיי וועלען בלייבען אין דער פרעמד, — אויף דעם געפעהרליכען רייבונגס־פעלד, — אלץ שוואכער וועט מוזען ווערן יענער שטראם פון אנטיסעמיטיזם, וואס ווערט בעשאפען פון דער אידישער אסימילירטער אינטעליגענץ.

* * *

צוליעב דער פאלשטענדיגקייט פון דער אונטערזוכונג וואלט מען געדארפט זיך אבשטעלען נאך אויף די פראגראמען פון די פועלי־ציון, סאציאליסטען־טעריטאריאליסטען און דער „אידיש־סאציאליסטישער ארבייטער פארטיי“ („סערפ“). דער עיקר אויף דעם פראגראם און די אנשויאונגען פון דער לעצטער ריכטונג, ווייל זיי שטימען כמעט אין אלע פונקטען צונויף — אויב נים אין דער טעארעטישער בעגרינדונג, איז אין פראקטישע פארערונגען — מיט יענעם פראגראם, פאר וועלכען „דאס נייע לעבען“ שטעלט זיך איין. טעריטאריאליזם אדער „ציוניזם“ ווי אן ענדציעל און די וויטערדיגע בעלעבונג אין גלות אויף דער גרונדלאגע פון א נאציאנאל־עקאנאמישער און קולטורעלער אויטאנאמיע, ווי א וועג און א דערגענצונג צו דעם ענד־ציעל, — דאס זענען די גרונד־שטריכען פון דעם „סערפ“ ווי אויך פון „דאס נייע לעבען“, וואס שיידט זיי ביידען אב פון אלע אנדערע ריכטונגען אין דעם אידישען בעוואוסטזיין.

ליידער מוזען מיר זיך אבזאגען פון דער דאזיגער אויפגאבע, ווייל מיר האבען נים דעם דערצו נויטיגען ליטערארישען מאטעריאל. א חוץ דעם האט אונזער איצטיגע ארבייט נים געהאט די פרעטענזיע צו געבען א היסטארישע אויספארשונג פון דעם ענין. פאר אונז איז וויכטיגער פאר אלץ געוועזן די פובליציסטישע זייט פון דער זאך און די האבען מיר האפענטליך ארויסגעבראכט אין א גענוגענדן גראד פון קלארקייט און שארפקייט.

נאָר איין קליינע „היסטאָרישע עקסקורסיע" וועלן מיר נאָך געהטען די פרייהייט צו מאַכען, ווייל דאָס האָט א דירעקטע שייכות צו דער ריכטונג פון „דאָס נייע לעבען". דאָס איז די געשיכטע פון אונזער אייגענער שטעלונג צו דעם „אנטיסעמיטישען פראָבלעם" פון אונזער ערשטען ארויסטריט, ווי א אידישער פובליציסט, אין דעם יאָהר 1887 ביז צו דעם היינטיגען טאָג.

אונזער ערשטע ארבייט, די „מיסלי אָב איסטאָריטשעסקיך סוד'באך יעווריעיסטווא", פון דעם יאָהר 1887, האָט ניט געהאַט צו טהאָן דירעקט מיט דעם פראָבלעם פון דעם אנטיסעמיטיזם. אויף דעם גרונד פון א היסטאָרישען איבערבליק איבער דער גאַנ־צער געשיכטע פון דעם אידישען פאָלק אין גלות האָבען מיר דאָר־טען געוואָלט בעווייזען, אז סיי די תלמודיש־רב'נישע עפּאָכע, סיי די מענדעלסאָהנ'שע אסימילאַציאָנס־עפּאָכע, סיי די פּאַלעסטינאָ־פילישע (חובבי ציון'שע) רעאַקציע אנטקעגען איהר האָבען אָב־געלעבט זייער צייט און קאָנען ניט בעפריעדיגען די בעדערפניסען פון א זעלבסטשטענדיגען פּראָגרעסיווען אידישען לעבען. די היס־טאָרישע אונטערזוכונג קלינגט אין יענער ארבייט אוים אין א צייל פראַגען, וואָס פון זייער פערטייטפערונג העגנגט אָב דאָס אריינ־טרעטען אין לעבען פון א נייער פעריאָדע אין דער אידישער גע־שיכטע: די פעריאָדע, וואָס איהר הויפּט־אויפגאַבע דאַרף בע־שטעהן אין דער פּראָגרעסיוו־נאַציאָנאַלער ווידערגעבורט פון דעם אידישען פאָלק אין די גלות־לענדער.

א סאָציאַליסטישער „גלות־נאַציאָנאַליזם" איז דער גייסט, וואָס בעלעבט דאָס גאַנצע בוך, ווען אפילו ער האַלט זיך שטרענג אין די גרעניצען פון דער ריין געשיכטלעכער פאָרשונג און שטעלט זיך אָב מיט א כיון דאָרטען, וואו די אידישע ווירקליכקייט איז אין יענער צייט געבליבען שטעהן. אָבער אויב די אונטערזוכונג האָט דאָרטען גט צו טהאָן דירעקט מיט דעם אנטיסעמיטיזם, ווייל זי האָט זי דאָך געמוזט בעריהרען דעם אָנגעווענטאַנטען פונקט פו דעם אידישען לעבען, — די הענדלערישע טעטיגקייט פון דעם אידישען פאָלק, וואָס איז, ווי מיר האָבען געזעהן, איינע פון די הויפּט

[redacted] און וואָס איך האָב אין יענער צייט געהאַלטען פאַר דער [illegible] נאָר ו י י נ צ י ג ע ר אורזאַך פון דער שנאה צו אונז.

די העגרלעדישע טענטינקייט, דער „שטאַלץ" פון דעם אידישען פאָלק, דער גרונד, אויף וועלכען די אסימילאַטאָרען האָבען געפאָדערט די גלייכבערעכטיגונג מיט דער „וואָרצעלהאַפטער בעפעלקערונג", ווערט דאַרטען אַנגערירט ניט גאָר מיט סאַמעטענע האַנדשוה. די קריטיק פון דער דאָזיגער טעטיגקייט, וואָס האָט פערורטיילט דאָס אידישע פאָלק צו דער ראָליע פון אַ פּאַראַזיט אויף דעם קערפּער פון די אַנדערע פעלקער, ווערט דאַרטען געפיהרט ניט אין דעם נאָמען פון אַ וועלכען עס איז סאָציאַליסטישען אידעאַל אָדער אַ סאָציאַליסטישער עטהיק, אויך ניט צוליעב די אינטערעסען פון יענע ניט־אידישע ארבייטענדע שיכטען, אויף וועמענס קערפּער דאָס אידישע פאָלק איז געווען געצוואונגען צו לעבען אַ פּאַראַזיטען־לעבען; די קריטיק האָט דאַרטען געהאַט אַן אַנדער מאַסשטאַב: דעם פערגלייך פון דעם איצטיגען אידישען לעבען מיט דעם א ל ט ע ן אידישען לעבען, וואָס האָט ארויסגעבראַכט די אידעאַלען פון די נביאים און דעם וואונדערבאַרען קאָמוניזם פון די איסיים. אין דעם נאָמען פון י ע נ ע אידעאַלען און י ע נ ע לעבענס־פאָרמען ווערט דאַרטען דער אידישער הענדלער־וועלט געשליידערט דער שאַרפסטער גזר־דין אין פּנים, ווען אפילו עס ווערט קלאָר אַנגעוויזען אויף יענע היסטאָרישע אורזאַכען, וואָס האָבען דאָס אַלטע אידישע לעבען אין גלות געבראַכט צו אַ פאָלשטענדיגען באַנקראָט.

עס איז ניטאָ קיין גרעסערע בעשולדיגונג פאַר דער אידישער בורזשואזער וועלט, איידער די אידעאַלען פון די נביאים און דאָס לעבען פון די איסיים; ניטאָ פאַר איהר קיין אונאַנגענעהמערע זאַך, איידער די דערמאַהנונג אַן יענע גלאַנץ־מאָמענטען פון דעם אידישען זיין אויף דער וועלט; עס האָט מיך דעריבער אַ ברעקעל ניט געוואונדערט, וואָס בעת דער רוסישער סאָציאַליזם אין מיכאַילאָווסקי'ס „סיעווערני וויעסטניק" און די רוסישע דעמאָקראַטיע אין דעם מאָסקווער „רוסקי קוריער" האָבען די ארבייט בעגעגנט מיט אזוי פיעל אמת'ער סימפּאַטיע (אפילו דער ליבעראַלער „וויעסטניק יעווראַפּי" האָט איהר געמאַכט אַ פּאָר קאָלטע קאָמ־

פּלימענטען) — האָט די אידישע סוחר'ישע קריטיק (קיין אַנדערע האָבען מיר יעמאָלט ניט געהאַט) בעגעגענט דאָס ווערק — אויף וויפיעל איך קאָן מיך רערמאָנען — מיט אַ ניט־בעהאַלטענעם כעס און אַ גאַלינער שנאה. אויב מיין זכרון נאַרט מיך ניט אָב, איז דאָס אין דעם פּעטערבורגער „היום" געשטאַנען שוואַרץ אויף ווייס, אַז איך בין אַן „עוכר ישראל" און אַן „אַנטיסעמיט העברי"...

דער דאָזיגער „אַנטיסעמיטיזם העברי", מיט אַנדערע ווערטער: די פאָרדערונג אַרויסצורייסען זיך פון דער הענדלער־וועלט, — דער אורזאַך פון אַלע אונזערע אידישע ליידען, — און איבער־בויען פון גרונד אויס דאָס אידישע לעבען אין רוסלאַנד אויף די יסודות פון ערד־אַרבייט, אידישע שפּראַך און פרייע אייראָפּעאישע קולטור, פערבונדען מיט דער פאָדערונג צוצושטעהן צו דער רוסי־שער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג, ווייל נאָר אין אַ דעמאָקראַטיש פרייען רוסלאַנד, וואו די פאָלקסטימליכע עלעמענטען זאָלען האָבען די אויבערהאַנד, קאָן יענער אידעאַל מקוים ווערען, — אָט דער „אידישער אַנטיסעמיטיזם", זאָג איך, איז געווען דער הויפּט־אינ־האַלט פון מיין מינדליכער פּראָפּאַגאַנדאַ, וועלכע איך האָב פון דעם יאָהר 1889 אָן געפיהרט צווישען דער אידישער יוגענד, וואָס האָט געשטודירט אין שווייצאַריע. די וויכטיגסטע מחשבות פון יענער פּראָפּאַגאַנדאַ האָב איך דערנאָך צונויפגעפרעסט אין אַ קליי־נער בראָשור, וואָס איז אין 1892 ערשיענען אין לאָנדאָן, אין דעם פאָנד „וואָלנאַי רוסקאַי פּרעסי", אונטער דעם נאָמען: „אַ איד צו אידען" (יעווריי ק' יעווריעיאַם")*).

איינער פון די גרונד־געדאַנקען פון יענער בראָשור בעשטעהט אין דעם, אַז די עראָבערונג פון בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג, אין וועלכער די אידישע בורזשואזיע אין רוסלאַנד האָט יעמאָלט געזעהן די איינציגע אויפגאַבע פון אידישער פּאָליטיק, קאָן בשום אופן ניט פערענטפערען די אידישע פראַגע, ד. ה. די פראַגע, „ווי אַזוי אי־בערצובויען די אידישע ווירקליכקייט, וואָס שטימט ניט צונויף מיט דעם אידעאַל פון אַ פיזיש, גייסטיג און עטיש געזונטען לעבען" און ווי אַזוי „איבערצובויען די געזעצגעבונג וועגען אידען, וואָס

*) זעה אויבען די אידישע, כמעט ווערטליכע איבערזעצונג.

שטימט ניט צונויף מיט די אידעאלען פון דער געזעלשאפטליכער גערעכטיגקייט". דער איראפעאישער וועג און דער אידישער וועג, ד. ה. דער וועג פון בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג און אסימילאציע האט נאך מיין מיינונג נאך געבראכט דעם אידישן פאלק מעהר צרות, איידער נוטס.

פון דער בראשור קאן דער לעזער זעהען, אז זי איז געבען שטארק אנטיסעמיטיש. אויך זאגט זי נביאות וועגען א פערשארפטען אנטיסעמיטיזם אין רוסלאנד נאך דער רעוואלוציע, אויב יענע רעוואלוציע זאל זיין א ריין פאליטישע, ווי א נויטווענדיגען מעל־יוצא פון ריין פאליטישע פרייהייט און אסימילאציע.

ווי האט די קריטיק אויפגענומען דעם „יעוורעי ק' יעווריעאם"? די לעגאלע פרעסע האט, פערשטעהט זיך, ניט געשמועסט רעדען וועגען דער בראשור. די ניט־לעגאלע פרעסע איז יעמאלט בעשטאנען פון איין איינציגער רוסישער ציימונג, וואס איז ארויסגעגאנגען אין ניו יארק (איך געדענק ניט איהר נאמען), וואס איז, אויב איך האב ניט קיין טעות, געשריבען געווארען פון אידען און געלעזען געווארען פון אידען.

איך געדענק שוין ניט בפרטיות, וואס פאר א טענות יענע ציימונג האט געהאט צו דעם „יעווריי ק' יעווריעאם". נאר איין פאקט איז מיר געבליבען אין זכרון. די ציימונג האט אין דער ביכעל ניט געזעהן קיין אנדער זאך, ווי נאר די איבערטראגונג פון דער רוסישער „נאראדניטשעסטווא" (פאלקסטימעליי) אויף דעם אידישען באדען, און אזוי ווי די „נאראדניטשעסטווא" איז שוין אין יענער צייט געווען פסול לכל הדעות, איז ממילא געפאסעלט געווארן דער גאנצער אינהאלט פון מיין בראשור.

ס'איז גאנץ אמת, אז איך בין יעמאלט געווען און בין נאך איצטער א „נאראדניק", אויב מען זאל אונטער דעם נאמען פערשטעהן א סאציאליסט, וואס האלט ניט פון קארל מארקס'עס געשיכטס־פילאסאפיע, גלויבט, אז דער אגראר־סאציאליזם מוז זיין די גרונדלאגע פון י ע ד ע ן סאציאליזם און וואס רעכענט, אז די פראבלעמען פון אגראר־לענדער און אגראר־פעלקער דארפען בעטראכט ווערן פון אן אגרארישען שטאנדפונקט.

אבער די „נאראדניטשעסטווא" האט דא א ברעקעל ניט צו

טהאָן מיט די ריין־אידישע פּראָבלעמען, מיט דעם אַנאַליז פון דעם אידישען לעבען אין מערב־אייראָפּא און דעם פּראָגנאָז פאַר דעם אידישען לעבען אין רוסלאַנד. דאָס זענען זעלבסטשטענ־דיגע פראגען, וואָס דאַרפען בעהאַנדעלט ווערען ניט דורך אַלגע־מיינע סאָציאַליסטישע פאָרמולען, נאָר דורך אַ זעלבסטשטענדיגען שטודיום פון דער אידישער ווירקליכקייט.

ס׳איז מערקווירדיג, ווי די אידישע אסימילאַטאָרישע און האַלב־אַסימילאַטאָרישע סאָציאַליסטען קאָנען זיך נאָך ניט צוגע־וועהנען צו דעם געדאַנק פון אַן אייגענער אידישער פובליציסטיק, וואָס שעפּט איהר מאַטעריאַל, איהרע פּראָבלעמען און איהרע לאָ־זונגען ניט פון דער פרעמד, נאָר אין דעם אַנאַליז פון דעם אייגע־נעם אידישען לעבען.

די פאָדערונג פון נאַציאָנאַלער גלייכבערעכטיגונג פאַר דאָס אידישע פאָלק אין גלות, צו וועלכער דער אידישער סאָ־ציאַליזם איז געקומען, קאָן צ. ב. דער גאַנץ אַסימילאַטאָרישער הערר ב. פייגענבוים דערקלערען ניט אַנדערס, ווי דורך די איינ־ווירקונג פון אַן אָטטאָ בויער. געקומען אַ שפּרינגער אָדער אַ בויער מיט דעם געדאַנק פון „נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע“, און אידישע סאָ־ציאַליסטען האָבען תיכף אונטערגעכאַפּט די דאָזיגע פאָדערונג. די האַלב אָדער דריי פערטעל אַסימילאַטאָרישע „אידישע אַרבייטער־וועלט“ קאָן ניט דערקלערען דעם שטאַנדפּונקט פון „דאָס נייע לע־בען“ אין דער אַנטיסעמיטיזם־פראַגע ווי נאָר דורך דעם, וואָס עס איז געקומען אַ פּראָפעסאָר זאָמבאַרט, האָט אַרויסגעזאָגט אַ פּאָר אַנטיסעמיטישע געדאַנקען, און „דאָס נייע לעבען“ האָט אונטער־געכאַפּט זיין אַנטיסעמיטיזם.

די בראָשור: „אַ איד צו אידען“, קאָן בעווייזען דעם לעזער, אַז מיר האָבען מיט 20 יאָהר צוריק ניט געדאַרפט וואַרטען אויף אָטטאָ בויער׳ן, — וואָס איז נאָך מסתמא יעמאָלט אומגעלאָפען אין קינדער־הויזלעך, — כדי איינצוזעהן די נויטווענדיגקייט פון נאַציאָנאַלע, ניט נאָר בירגערליכע, גלייכבערעכטיגונג פאַר אַלע פעלקער פון אַ וואָסער עס איז לאַנד; און אַז מיר האָבען יעמאָלט אויך ניט געדאַרפט וואַרטען אויף ווערנער זאָמבאַרט׳ן, כדי צו פערשטעהן, אַז דער אַנטיסעמיטיזם מוז וואַקסען און שאַר־

פער ווערן מיט דער ענטוויקלונג פון דער פאליטישע פרייהייט, דער ריין בירגערליכע גלייכבערעכטיגונג און דער אידישער אסימילאציע.

דער שטאנדפונקט פון דעם „יעווריי ק׳ יעווריאם" איז אבער באמת געווען נאך צו ווענינ „אנטיסעמיטיש". ער בויט צו פיעל אויף דער סטאטיק פון דעם אידישען סאציאלען לעבען און לעגט צופיעל געוויכט אויף דעם אידישען לוין־פראלעטאריאט אין אינדוסטריע און האנדעל. ער רעכענט זיך ניט מיט דער דינאמיק פון דעם אידישען לעבען, וואס מוז אין א נארמאלען קאפיטאליסטישען שטאאט פריהער אדער שפעטער אראבדריקען די בעצאהלונג פון דער אידישער לוין־ארבייט צו דעם דענקבארסטען מינימום. א חוץ דעם איז מיר אין 1892 נאך אין גאנצען געווען פרעמד דער געדאנק, אז אויך ארבייטער קאנען אנגעשטעקט ווערן מיט דעם אנטיסעמיטישען באציל און אז דער ראדיקאלסטער מיטעל אנטקעגען דעם אנטיסעמיטיזם מוז דעריבער געזוכט ווערן אין אן אייגענעם לאנד. די ערפאהרונג אין די אייראפעאישע לענדער און א מעהר ניכטערער בליק אויף דעם אייראפעאישען ארבייטער, אפילו דעם געבילדעטסטען, האט אונז געטריבען צו מאכען נאך א ווייטערען שריט אין אונזער „אנטיסעמיטיזם". אין אונזער ארבייט: „דער עקאנאמישער מאטעריאליזם און די נאציאנאלע פראגע", וואס איז ערשיענען אין רוסיש אין דעם יאהר 1908, גיבען מיר שוין אויף דעם גלויבען אין דעם ניט־אידישען פראלעטאריאט און זיין כלומרשט׳דיגע פרייקייט פון אנטיסעמיטיזם*).

עס איז פאר אונז געווים א שטיקעל בעפריעדיגונג, אז דאס, וואס מיר האבען איינגעזעהן מיט 20־25 יאהר צוריק, הייבט איצטער אן ערנסטער אריינצודרינגען אין די מוחות און די הערצער פון ערנסטע, געבילדעטע און אויפריכטיגע מענשען. אבער די שטיקעל בעפריעדיגונג ווערט אין גאנצען צושטערט דורך דעם טרויעריגען געדאנק, אז דאס, וואס מען האט שוין מיט 20־25 יאהר צוריק געקאנט זעהן אזוי קלאר ווי דער טאג, מוז נאך איצטער אויסשטעהן א ביטערען קאמף פאר זיין אנערקענונג; אז דער „בי־

*) פערגלייך די אויבען ציטירטע ארבייט.

טערער אמת", וואָס האָט מיט זיין שיקזאַל־שווערען גלאַנץ שוין לאַנג אויפגעלויכטען אויף דעם האָריזאָנט פון דעם אידישען בעוואוסטזיין, ווערט אַלץ נאָך אָבגעלייקענט ניט נאָר פון דער אידישער בורזשואזיע און דער אסימילאַטאָרישער אינטעליגענץ, וואָס מוזען לייגענען אין איהם א טויט־אורטייל פאַר זייער לאַנגע און זייער ראַליע אין לעבען, — ניין, אויך די אידישע סאָציאַליסטישע אינטעליגענץ, וואָס בעריהמט זיך, אז זי איז טריי צו די אינטערעסען פון די אידישע מאַסען, אויך זי, ביי וועמען דער ביטערער אמת האָט געדאַרפט ברענען אין הארצען ווי א ניט אויסצולעשענדער פייער, אויך זי זוכט נאָך צו וואַרפען זאַמד אין די אויגען פון דער אידישער אַרבייטערשאַפט, כדי צו פערטונקלען איהר בליק...

* * *

אין די ביכער וועגען דעם לעבען פון די ביהנען ווערט געבראַכט אן עקספערימענט, וואָס בעוויזט, ווי וועניג שכל עס האָט, באמת, יענע קלוגע און ארבייטסזאמע בריאה'לע. מען נעהמט אן [illegible] נעם גראָפין, לאָזט אהינצו אריין עטליכע ביהנען און לעגט אוועק דעם אָפענעם גראָפין אזוי, אז זיין דעק זאָל בעלויכטען ווערן פון דער זון. די ביהנען, וואָס רייסען זיך אין די פריי, פלאַגען זיך אָב שטונדען און טעג און קאָנען ניט געפינען דעם אויסוועג. זיי שלאָגען זיך מיט די קעפ אַלץ אָן איין שטעל, דעם בעלויכטעטען שטיק גלאָז. ערשט ווען מען גיט א דרעה דעם גראָפין מיט דעם אויסוועג צו די שטראַהלען פון דער זון, בעמערקען עס די ביהנען און רעטען זיך פון דער געפאַנגענשאַפט.

די פערטיידיגער פון דער ביהן'ס שכל ענטפערן דאַרויף, אז זי איז דאָ ניט א סך נארישער, איידער דער מענש. די ביהן רעכנט, לויט דעם טויזענט־יעהריגען ערפאַהרונג פון איהר לעבען, אז איהר ביהנען־שטאָק ליעגט דער ארויסגאַנג נאָר דאָרטען, וואו עס איז בעלויכטען, די ניט בעלויכטענע זייט, טראַכט זי דעריבער, קאָן ניט האָבען קיין ארויסגאַנג... דער שכל פון דער ביהן איז געווען־טעט, אָבער אויף די קאָסטען פון דעם מענשליכען שכל, וועמען עס

איז אזוי שווער זיך צו בעפרייען פון דעם געוועהנליכען דענקען און פון דער טאג־טעגליכער ערפאהרונג...

ליידער קאנען מיר ניט א דרעה טאן דעם „גראפין" פון דעם אידישען לעבען מיט דעם אויסוועג צו דער זון. דאס איז ניט אין די כחות פון איין מענשען און אפילו ניט פון א גאנצען דור. דער־פאר איז אונזער חוב תמיד צו בעלייכטען מיט די שטראהלען פון דער ערקענטניס דעם איינציג מעגליכען אויסוועג. נישיים וועט די אידישע ביהן, די אידישע ארבייטערשאפט (און די דעמאקראטי־שע מאסען) בעווייזען ווייניגער שכל, איידער איהר בעפליגעלטער פרוב אין דער נאטור און וועט זיך נאך אלץ שלאגען קאפ אן דער גלעזערנער וואנד, בעת דער אויסוועג איז אזוי נאהענט, אזוי קלאר?

די ווידערבעלעבונג פון דעם אידי־שען פאלק אין די גלות־לענדער אויף די יסודות פון ערד־ארבייט, אידישע שפראך און אייראפעאישע קולטור!

די אידישע אינטעליגענץ דעם אי־דישען פאלק!

און אייגען לאנד!

אט דאס איז דער וועג אין די פריי, די רעטונג פון דעם ביטע־רען אמת!